מיעשטשאַנסטוואָ און זיי זענען געווען געשיצט דורך די קעניגלעכע פּריווילעגיעס. דאָ, אויף מזרח, האָבן זיי אָנגעהויבן אַ ניי לעבן, באַזעצנדיק זיך אויף די נישט פאַרבויטע שטחים. דאָ האָבן זיי אויסגעבויט זייערע וווין־הייזער און בתי־תפילות און פאַרנעמענדיק זיך מיט מסחר, האָבן זיי זיך גרופּירט אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַרק פון דער שטאָט, די אַזוי גערופענע „מעקסיקע" און די דערבייאיקע גאַסן לעבן דעם מאַרק. האָבן געבילדעט דעם אַלטן טאָלמיטש און אַזאַ איז ער שוין פאַרבליבן ביזן סוף. דער קלויסטער און די צערקווע, דאַקעגן, האָבן באַצייכנט די ריכטונג, וווּ ס'האָט זיך קאָנצענטרירט די נישט יידישע באַפעלקערונג, און דער טייל פון די גאַסן האָט אויפגעהאַלטן דעם אַמאָליקן דעמאָגראַפישן כאַראַקטער פון דער מענטשן־צעטיילונג, ביז דער העלפט פון 20־טן יאָרהונדערט.

דער אַלטער בית־הקברות, וואָס געפינט זיך ביי דער סלאָוואַצקי־גאַס, האָט אין זיין ערשטער פאַזע זיך געפונען ווייט פון דעם שטאָטישן ישוב. אַזוי איז אויך געווען דער צושטאַנד פון קאַטוילישן בית־הקברות, וועלכער האָט זיך געפונען איבערן הויף.

מיט דער צייט האָט זיך טאָלמיטש פאַרבויט. נישט ווייט פון דעם יידישן בית־הקברות, אַנטשטייט אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט די צוקראָווניע, הינטערן שטאָט, און דאָ איז אויך אַנטשטאַנען דער ווינונגס־קוואַרטאַל פון די אַרבעטער פון דער צוקראָווניע.

ס'איז אויסגעלייגט געוואָרן די אייזנבאַן־ליניעס און ביי זיי איז אויסגעבויט געוואָרן דער בנין פון דער באַן־סטאַציע. די גאַסן סלאָוואַצקי און קאָלעיאָווע פאַרמאַכן מיט אַ רינג דעם אַלטן בית־הקברות וואָס איז ארומגעצוימט מיט אַ הויכן מויער און דער נייער ווערט מיט דער צייט אַריבערגעטראָגן ווייט פון דעם פאַרבויטן אָרט, אויפן באַרג הינטער לאָקוטקאָ. דער קאַטוילישער בית־הקברות איז שוין אַ סך פריער געווען אַריבערגעטראָגן אין דער ריכטונג צום דאָרף גרושקי.

טאָלמיטש האָט זיך אין טעריטאָריע פאַרגרעסערט מיט דער צונויפשמעלצונג פון די געגנטן סלאָבודקאָ און גאָנטשאַרווקאָ און אויך מיט דער פאַרלענגערונג פון די גאַסן האָראָדענסקאָ און קאָליניעצקאָ. די מערהייט יידן זענען פאַרבליבן ביים מאַרק און אין דעם קוואַרטאַל „מעקסיקע", און אויך אין די דערבייאיקע גאַסן. אָבער אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט, לעבן שוין אויך יידן אין די גאַסן קאָליניעצקאָ, האָראָדענסקאָ, קאָלעיאָוואָ און סלאָוואַצקי. אָבער דער רוב פון די איינוווינער איז נישט קיין יידישער.

ווען אין יאָר 1910 איז געעפנט געוואָרן דער פאַרקער פון דער קליין־באַן־ליניע טאָלמיטש־פּאָלאָהיטש, האָט צו דער סטאַציע געפירט אַ ניי אויסגעלייגטע וועג דורך דער גאַס קאָליעאָוואָ. דאָ זענען אויסגעבויט געוואָרן שיינע הייזער, און די הייזער פון באַאַמטע פון דער אייזנבאַן־סטאַציע ווערן איבערגעפירט טיפער אין דער ראַיאָן אָרום דער סטאַציע.

ווי עס דרינגט אַרויס פון דער פריער געבראַכטער סטאַטיסטישער טאַבעלע, פאַרגרעסערט זיך די אַלגעמיינע צאָל אייַנוווינער, אָבער די צאָל יידן פאַרקלענערט זיך. פאַרשיידן זענען די סיבות פון דעם פּראָצעס, וואָס האָט גורם געווען דעם איינשרומפּונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. קודם־כל דריקט זיך עס אויס אין דער אַלגעמיינער און געאָגראַפישער לאַגע פון טאָלמיטש: די שטאָט ליגט, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן אויף דער זייט פון אַ צענטראַלער וועג און, אַן אַן אַנטשפּרעכנדער אַנטוויקלטער אינדוסטריע און האַנדל. דאָס אַרויספירן די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, מיט וועלכע ס׳איז אַזוי רייך דער פּאָוויאַט, איז פאַרבונדן מיט גרויסע אויסגאַבן, און די סיבה פון דעם, איז די שלעכטע קאָמוניקאַציע־מיטלען און דער שלעכטער פאַרקער צווישן די דערפער. גלייכצייטיק קומט אַ גיכע אַנטוויקלונג פון סטאַניסלאַוו, וועלכער געפינט זיך נישט ווייט פון אַ וויכטיקער קרייץ־ליניע פון דעם אייַזנבאַן־קנופּ־לעמבערג־סטניסלאַוו־הוסיאַטין, וואָס גרענעצט זיך מיט רוסלאַנד און סטאַניסלאַוו־קאָלאָמיי־טשערנאָוויץ וואָס האָט פאַר 1914 געהערט צו בוקאָווינע, און איז אַ נאַטירלעכע פאַרלענגערונג פון גאַליציע.

די האַסטיקע אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין סטאַניסלאַוו און די מעג־לעכקייט פון פּראָדוצירן אַ גרויסן קוואַנטום פאַרשידנאַרטיקע סחורות, וועלכע זענען געווען בשפע אין די שטאָטישע סקלאַדן, האָבן גורם געווען, אַז דער טאָלמיטשער פּאָוויאַט, איז ווי געשטאַנען אין שאָטן, לעבן דעם רייך אַנטוויקלטן סטאַניסלאַוו. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז ווען ס׳וואָלט פאַרלענגערט געוואָרן די אייזנבאַן־ליניע דורך טאָלמיטש קיין האָראָדענקאָ, (ווי דאָס איז געווען פריער פּלאַנירט, דורך די אַנטשפּרעכנדע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם פּאָוויאַט), וואָלטן בלי־ספק געשאַפן געוואָרן בעסערע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן.

וואָס ס׳איז שייך דער יידישער באַפעלקערונג, איז חוץ די אויבן־אויסגערעכנטע מניעות, וואָס האָבן באַשווערט די אַנטוויקלונג, זענען אויך געווען אַלגעמיין־ספּעציפישע סיבות, און נעמלעך: דאָס פאַלן פון נאַטירלעכן צוווקס ביי די יידן, (טראָץ דעם, וואָס אין די לעצטע יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט זענען צוגעקומען אַ געוויסע צאָל פּליטים־יידן פון ליטע און רוסלאַנד); עקאָנאָמישע שוועריקייטן; פעלן פון אַרבעט; שטאַרקער עמיגראַציע שטראָם קיין אַמעריקע; די פיינטלעכע באַציונג פון דער אָרטיקער קריסט־לעכער באַפעלקערונג צו די יידן; די וועלט־מלחמה און די שווערע באַדינגונגען פון לעבן אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע; דאָס אַרויסטרייבן די יידישע מענער קיין זלאָטשווו און די אַנטלויפונג פון אַ געוויסער טייל טאָלמיטשער יידן קיין טשעכאָסלאָוואַקיי און מאָראַוויע, אונגאַרן און אין דער הויפּט־שטאָט פון די האַבסבורגן — ווין. צו דעם אַלעם דאַרף מען צוגעבן די באַגלייט־פאַקטאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי: הונגער, אָנשטעקנדע קראַנקהייטן, פעלן פון מעדיצינישער הילף און רפואות. דאָס

זענען די גורמים וועלכע האָבן אין אַ באַדייטנדער מאָס פאַרקלענערט די צאָל יידן אין שטאָט.

אין רעזולטאַט פון די באַגלייט־דערשיינונגען פון מלחמה־פעריאָד זענען חרוב געוואָרן פיל הייזער. יידן האָבן פאַרלוירן זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, אין זייערע מקורות פון פרנסה, צו דעם דאַרף מען צוגעבן די אָנפאַלן פון די צעווילדעוועטע באַנדעס פון פעטלוראַ אויף די יידישע שטעט און שטעטלעך. די אַלע סיבות האָבן גורם געווען, אַ שטאַרקע עמיגראַציע־כוואַליע צו אַ נייער וועלט, מעבר לים און זוכן פרנסה־קוועלן אין די גרעסערע שטעט. דאָס איז באַזונדערס געווען קענטיק פאַר און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די פּאָליטיק פון אַרויסשטויסן יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, האָט זיך אויסגעדריקט אין אויפלעבן דעם פּוילישן און אוקראַינישן קאָאָפּעראַטיוון האַנדל. דער לאָזונג פון גראַבסקיס רעגירונג: „סוואָי דאָ סוואָגאָ" — וואָס האָט באַטייט: „גיי צו אַן אייגענעם, דער ייד וועט דיך אָפּנאַרן", אָדער „דאָ איז אַ קריסטלעכע קראָם" און „קויף נישט ביים ייד" א. א. וו. שפּעטער די אַנטי־יידישע עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דעם רעגירונגס־שעף פון דער פּוילישער רעגירונג גענ. סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי, באַקאַנט אין זיין לאָזונג: „אָוושעם" — וואָס האָט באַטייט: „פּאָגראָמירן יידן, פיזיש זיי אויסראָטן — דאָס נישט, אָבער באַקעמפן זיי עקאָנאָמיש — אַדרבה, — מהיכא־תיתי". צו דעם איז צוגעקומען דער דראַנג צו קויפן סחורות פון דער דאָרפישער און שטעטלדיקער באַפעלקערונג פון דעם טאַלמיטשער פּאָוויאַט אין די גוט אויסגעשטאַטע, רייך מיט סחורות פון אַ גוטן אַסאָרטימענט אין די קראָמען פון סטאַניסלאַוו. אין יענער תקופה איז געווען אַ שטאַרקער דרוק פון די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען צונויפקוועטשן וואָס שטאַרקער די „שטייערן־שרויף" וואָס האָט געצילט דירעקט אויף יידן. — אָט דאָס זענען אַ ריי סיבות, וועלכע האָבן גורם געווען די פאַרקלענערונג פון דער צאָל יידן און זייער פאַראָרעמונג. איבער דער דאָזיקער עקאָנאָמישער מלחמה, האָט זיך געטראָגן דער גייסט פון אונטערשטיצן דעם נישט יידישן האַנדל פון די פּוילישע קרייזן און דאָס איבערזידלען די אַזוי גערופענע „אָסאַדניקעס" — דער עקסטרעם פּוילישער נאַציאָנאַ־ליסטישער עלעמענט וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט אין דער שלום־תקופה אַהער געבראַכט פון די מערב־געביטן פון פּוילן און אויך די איבערזידלונג פון די נאַציאָנאַל־אוקראַינישע עלעמענטן פון די דערפער אין די שטעט און שטעטלעך. דיביידע עלעמענטן האָבן רעפּרעזענטירט דעם אַנטי־יידישן און דעם נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישן שטראָם.

אין יענער תקופה פאַרצייכנט זיך דאָס אויפלעבן פון דעם יידיש נאַציאָנאַל באַפרייערישן גייסט, וואָס האָט געשטעלט פאַר זיין ציל צו אומקערן זיך אויף דער אייגענער ערד, אין אַן אייגענער לאַנד, וואָס האָט געבראַכט אַ פאַרשטאַרקטע עליה,

ספעציעל פון דער יוגנט, נאָך דער באַלפור דעקלעראַציע. — דער גאַנצער אַקטיוו פון „השומר־הצעיר" איז דאַן אַרויסגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע, דאָס איז אויך געווען איינע פון די וויכטיקע סיבות פון דער פאַרקלענערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, אַז אין דער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ פּרווו פון אינדוסטריעלער איבערשטאַלטונג פון טאַלמיטש, וואָס האָט בלי־ספק געקענט פאַרבעסערן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידן. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיטן אויפבויען די צוקראַווניע, וועלכע איז באַצייכנט געוואָרן אין דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע פון יאָר 1868, באַנד 25, אַז זי איז געווען איינע פון די גרעסטע אין גאַליציע. די שלעכטע פאַרוואַלטונג פון דער אַזוי גוט אַנטוויקלטער, גרויסער עקאָנאָמישער באַזע, האָט דערפירט צו אַ מצב, אַז מ׳איז געווען געצוווּנגען צו שליסן די צוקראַווניע און דאָס פאַרלוירן פון די אַרבעטס־פּלעצער פון איבער 1000 אַרבעטער. דאָס האָט זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף דער אַנטוויקלונג פונעם מסחר אין טאַלמיטש.

סוף 19־טן און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט, געפינען זיך אין טאַלמיטש אייניקע פּערזענלעכקייטן, וועלכע פּרווון אַרויספירן די שטאָט פון דעם סטאַגנאַציע־צושטאַנד און באַמיען זיך אַרויספירן איר אויף אַ העכערן ניוואָ. צו די דאָזיקע יחידים געהערן דער דעפּוטאַט פון דעם מלוכהשן־ראַט אין ווין, משה ראַסאַכאַצקי (וואַרשיינלעך אַ משומד), און אויך דער בירגערמייסטער פון שטאָט האָוורקאָ (אַ טשעך לויט זיין אָפּשטאַמונג). אַ דאַנק זייער אינטערווענץ אין ווין, געלינגט זיי צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו עפענען די אייזנבאַן־קאָמוניקאַציע פון דער אייזנבאַן־ליניע פּאָלאַהיטש—טאַלמיטש און עפענען אַ גימנאַזיום, אין דעם אָפּגעקויפטן פּאַלאַץ פון אַן אייגנטימער אין טאַלמיטש. די באַפעלקערונג באַקומט דאַן דאָס רעכט צו געניסן פון פּאַרק, וואָס איז אָפּגעקויפט געוואָרן פון דעם שטאָט־ראַט. ס׳אַנטשטייען אין יענער צייט די קאָשאַרן פאַר די קאַוואַלעריסטן פון דעם אולאַנער פּאָלק; ס׳ווערט אויפגעלעבט די טעטיקייט פון דער פאַך־שול; ס׳אַנטוויקלט זיך די גאָרזשעלניע. אָט די אַלע פאַקטאָרן האָבן געהאַט איר פּאָזיטיווע ווירקונג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

טאַלמיטש איז געווען רייך אין וואַסער־מקורות, וועלכע האָבן אַנטהאַלטן אַ געוויסן פּראָצענט וואַפּנע. אָבער אַרום שטאָט האָבן זיך געפונען אייניקע וואַסער־קוואַלן, פון די אַזוי גערופענע (ווייכע וואַסער), וועלכע די באַפעלקערונג האָט גענוצט צום קאָכן. דער וואַסער־שיכט האָט זיך שוין געפונען אויף אַ הויך פון 50 סענטימעטער אונטער דער ערד און דאָס האָט נישט דערמעגלעכט צו בויען קעלערן אונטער די הייזער. דאָס וואַסער האָט מען געשעפּט מיט דער הילף פון פּאָמפּעס, פון אַ טיף פון איבער אַ צענדליק מעטער. נאָר אויף דער לאַנקע צווישן גרונוואַלדסקע און סלאָבודקע, האָט מען געשעפּט דאָס וואַסער דירעקט פונעם קוואַל. די רעגנס און שנייען האָבן פאַרזיכערט

גרויסע קוואַנטומס וואַסער פאַר דער לאַנדווירטשאַפט, אָבער אין פרילינג און אין האַרבסט האָט דאָס באַשווערט די קאָמוניקאַציע צווישן די דערפער און שטעטלעך, היות ווי די רעגנס און שנייען האָבן צעווייקט די וועגן און זיי פאַרוואַנדלט אין בלאָטעס. ברוקירטע שטיין־וועגן זענען געווען זייער ווייניק אין דעם פּאָוויאַט.

ווינטער־צייט איז דער הויפּט־מיטל פון דער קאָמוניקאַציע געווען שליטנס. מיט די שליטנס פלעגט מען איבערפירן דאָס רוב סחורות אין די קראָמען פון די הורט־געשעפטן פון סטאַניסלאַוו צו די קראָמען פון די שטעטלעך אין פּאָוויאַט.

אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט צווישן טאָלמיטש און סטאַניסלאַוואָוו, קורסירט אַן אָמניבוס, איינגעשפּאַנט אין פערד, וועלכער איז סוף פון די צוואַנציקער יאָרן פאַרביטן געוואָרן אויף אַן אויטאָבוס. (דער אייגנטימער פון דעם אויטאָבוס איז געווען יואל רעדנער). איצט האָבן די סאָוויעטן אַנטוויקלט אַן אויטאָבוסן־ליניע טאָלמיטש—סטאַניסלאַוו.

אַ גרויסן שטח פון דעם טאָלמיטשער פּאָוויאַט האָבן פאַרנומען די וועלדער. די האָלץ פון די וועלדער האָבן געדינט אַלס הייץ־מאַטעריאַל פאַר דער באַפעלקערונג. געוויסע דזיאַלקעס פלעגט מען אויסהאַקן, כדי צוגרייטן בוי־מאַטעריאַל פאַר די הייזער. די געגנט איז אויך געווען רייך מיט פרוכט־סעדער פון אַלע מינים. די שפע פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, האָבן נישט נאָר באַפרידיקט דעם געברויך פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, נאָר פלעגן אַרויסגעפירט ווערן אין די ווייטערע מקומות פון פוילן. איבערהויפּט איז דאָס געווען קאָרן, ווייץ, האָבער, קוקורידזע, גרעטשקע, באָב, פּאַסאָליעס, אַרבעס און אַנדערע פּראָדוקטן. אַ טייל פון זיי פלעגט אויך עקספּאָרטירט ווערן קיין אויסלאַנד, דורך הורט־סוחרים, וועלכע פלעגן איינקויפן די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן ביי די גרויסע פּריצים און רייכע פּויערים. צו די הורט־סוחרים האָבן געהערט: מענדל שוועכטער און זיינע זין, זעליג פישער, קאָרן, פלעשער און לייב שוועכטער.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן האָט מען פון פּאָוויאַט אַרויסגעפירט צענדליקער וואַגאָנעס מיט קאַרטאָפל, קרויט, בוריקעס, היי, שטרוי. אַ טייל פון זיי איז געגאַנגען דירעקט צו די סקלאַדן פון די מיליטער־גאַרניזאָנען אין לעמבערג, סטאַניסלאַוואָוו, קאָלאָמיי און אַ טייל, באַזונדערס קאַרטאָפל איז אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן אויף מערב. דעם בעסערן אַסאָרטימענט האָט מען געשיקט אין די שטעט און דעם ערגערן אין די גאָזשעלניעס, דאָרט פלעגט מען טרייבן פון זיי בראָנפן. די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, פלעגן איינקויפן די סוחרים: הוט, און וואָרמאַן.

מיט עקספּאָרטירן אייער האָט זיך באַשעפטיקט משה־מענדל בילדנער. אַ גרויסע צאָל אייער פלעגט עקספּאָרטירט ווערן קיין איטאַליע און שפּאַניע. מיטן עקספּאָרט פון בהמות און דעם נישט ראָגאַטן סקאָט, האָט זיך פאַרנומען לעאָפּאָלד טרודעל.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געבליט דער האַנדל

מיט בראָנפן און טאַבאַק, וועלכער איז געשמוגלט געוואָרן אין די מערב־ראַיאָנען. טאַבאַק האָט מען ספּעציעל איבערגעשמוגלט מעבר פון זברוטש, דאָס הייסט פון רוסלאַנד.

די הורט־סוחרים פון אַלע מינים פון דער פּראָדוקציע, פלעגן צושטעלן סחורות נישט נאָר פאַרן געברויך פון דער טאָלמיטשער באַפעלקערונג, נייערט אויך פאַרן געברויך פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג, טראָץ דעם, וואָס די דאָרפישע קראָמען האָבן געהאַט זייערע צענטראַלע קאָאָפּעראַטיוון אין טאָלמיטש. איינער פון די הורט־סוחרים פון די קאָלאָניאַל־סחורות איז געווען שוואַרצבאַרד. ער האָט אויך צוגעשטעלט פאַר די טאָלמיטשער קרעמער און פאַר דער סביבה זאַלץ, נאַפט, פאַרבן. ער איז אויך געווען אַ שותף צו דער הורטאָווניע פון פּאַפּיראָסן און טאַבאַק, וועלכע איז פאַרמעל געווען אַ באַזע פון מלוכהשן מאָנאָפּאָל און איז געלעגן אויסשליסלעך אין פּוילישע הענט. שוואַרצבאַרד איז אויך געווען אַ שותף צו דער הורטאָווניע פון הייוון און זאַלץ. חוץ שוואַרצבאַרדן האָבן זיך מיטן דעטאַל־האַנדל פאַרנומען: גאָטליב, רעדנער, קרום. די צווי אַייזן־געשעפטן, וועלכע זענען געווען אין שטאָט, האָבן געהערט צו די קרעמער רייזעל און זאַממער. הערמאַן און פיש, זענען געווען די בעלי־בתים פון די גרויסע סקלאַדן פון ביר. זיי האָבן אים צוגעשטעלט צו די דאָרפישע שענקן. דער גרעסטער ביינוול־סוחר איז געווען האָראָוויץ, וועלכער פלעגט אָפּט פאָרן קיין לאָדזש, און ער פלעגט פון דאָרט ברענגען סחורות פאַר די סוחרים און סטאָראָגאַניאַזשעס און אויך פאַר די דאָרפישע קראָמען. אַנדערע סוחרים האָבן איינגעקויפט סחורות אין די הורט־געשעפטן פון סטאַניס־לאַוואָוו. צו די דאָזיקע סוחרים האָבן געהערט: אַייזנער, לודמער, ווייץ, רייס. מיט שיך פלעגט מען זיך באַזאָרגן אין די געשעפטן פון עפּשטיין און דולבערג. פעל אויס־אַרבעטונגען פלעגט מען קויפן ביי שפּיגלען און אינזליכט. פיש און פיש־קאָנסערוון פלעגן צושטעלן מינצער און זאַממער. ליקערן האָבן צוגעשטעלט שוועפּעלגייסט און הערמאַן.

דער טאָלמיטשער פּאָוויאַט איז געווען אינדוסטריעל שוואַך אַנטוויקלט. דער גרעסטער אינדוסטריע־פּאָטענציאַל איז פאַרשטייט זיך געווען די צוקראָווניע, וועלכע האָט, אָבער, געהאַט אַ קורצע עקזיסטענץ. צו די וויכטיקערע אָביעקטן געהערן אַ ריי גאָרזשעלניעס, 3 מילן, פון די איין וואַסער־מיל און צוויי פּאַראָווע. אַ ריי וואַפּנע־ברענונגען אין אָלעשווו, וועלכע פלעגן צושטעלן וואַפּנע אין די געשעפטן פון טאָלמיטש און דער סביבה און אַ ריי פון דער פּראָדוקציע איז געגאַנגען אין פּאָדאָליע. ס׳איז אויך געווען אַ פאַבריק פון בעטאָן־רערן, וועלכע מ׳האָט גענוצט פאַר ברונימער און בריקלעך. זי האָט זיך געפונען אין האָריהלאָד און האָט געהערט צו ווייצן. אין דער סביבה פון קאָראָלווקאַ, האָט מען אויסגעגראָבן טאָרף. די אויסאַרבעטונגען פון פוטערוואַרג און בגדים, האָט מען איינגעקויפט אין טיסמעניץ. דאָרט איז אויך געווען אַן עלעקטראָווניע,

מילך. דאָס זעלבע איז געווען אין טאָלמיטש און אין אָטיניע. פון די גאַסטראָנאָמישע אויסאַרבעטונגען און אַ ריי געשעפטן פון דעם מין, דאַרף מען אויסרעכענען די רעסטאָראַנען פון שוועפעלגייסט, פיש, וויינטרויב, ראָזענצווייג, האָפמאַן, אַבענד, זאָממער, ווייסמאַן, שטיינבערג און אַ ריי קלענערע רעסטאָראַנען, וועלכע זענען געווען אָפן בלויז אין די מאַרק־טעג, מיטוואָך.

אין טאָלמיטש זענען געווען עטלעכע האָטעלן, פון אַ נידעריקער קאַטעגאָריע, היות ווי די באַזוכער פון האָטעלן זענען געווען ווייניק. איבעראַל זענען פאַרפאָרן אין טאָלמיטש געשעפטלעך, אַגענטן פון פאַרשיידענע פירמעס, אָדער פאַרשיידענע איבער־קויפער, וועלכע זענען צופעליק פאַרפאָרן אין שטאָט. צו די בעסערע האָטעלן פון אַ העכערער קאַטעגאָריע האָט געהערט דער האָטעל פון שוועפעלגייסט און דער האָטעל פון פיש. חוץ זיי איז ביי אייניקע רעסטאָראַנען געווען אייניקע חדרים, וועלכע האָבן געניצט פאַר אריינפאָרער. פאַר די אָרעמעלייט, וועלכע פלעגן אַריינפאָרן אין שטאָט, האָט געדינט דער „הקדש" (לעבן מלוכעמ'ס קלויז). ברעטער און אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן האָט מען אַריינגעפירט מיט וואַגאָנען פון בראָשניוו, נאַדוורנע און דעלאַטין. די סקלאַדן פון ברעטער האָבן געהערט צו פיש, באַראַן, זילבער.

זייגערמאַכער זענען געווען: שמעלער, שטרייט, העניג. ביי זיי האָט מען אויך געקענט קויפן פאַרשיידענע ביזשוטעריע.

צוויי קליינע פאַבריקלעך האָבן אויסגעאַרבעט סאָדע־וואַסער און זיי האָבן געהערט צו זייפער און אַבענד. די גאַלאַנטעריע־געשעפטן פון אייזנער און בערגער האָבן באַזאָרגט טאָלמיטש און דער סביבה מיט גאַלאַנטעריע־סחורות.

אין שטאָט זענען געווען אַ ריי יאַטקעס, וועלכע האָבן זיך געפונען לעבן דער גרויסער שול און זיי האָבן באַזאָרגט מיט פלייש די אָרטיקע באַפעלקערונג. די קצבים פלעגן איינקויפן בהמות ביי די פויערים און זיי געשאָכטן אין שעכט־הויז. דאָרט פלעגט מען אויך שעכטן עופות, וועלכע מ'פלעגט איינקויפן אין די מאַרק־טעג. בלויז אַ קליינע טייל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרנומען מיט האָדעווען אייגענע עופות, כדי צו באַזאָרגן זיך מיט שמאַלץ און גריוועניעס אויף ווינטער. די פעדערן פון די עופות פלעגן די יידישע באַלעבאָסטעס פליקן און זיי אויסניצן פאַר קישנס און פערינעס, אַלס אויס־שטייער פאַר חתונה־געהאַטע קינדער.

כאָטש אויף דער קאַליניעצקער גאַס איז געווען אַ געשעפט פון מילך־פּראָדוקטן פון ווינער, אָבער דער רוב פון דער באַפעלקערונג האָט גערן געקויפט פוטער אויף די מערק, באַזונדערס ביי די דייטשע קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן געהאַט אין פּאָוויאַט געציילטע ווירטשאַפטן.

ס'איז נויטיק אויסרעכענען אויך די צאָל וואַרשטאַטן פון בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטער, בלעכער, פריזיערן, מאָלער, און אַנדערע. די האַנטווערקערייַ איז ווי אין אַלע

שטעטלעך געלעגן כמעט אויסשליסלעך אין יידישע הענט. די בלעכער, האָבן חוץ זייערע בלעך־אויסאַרבעטונגען אָנגענומען אויך גרעסערע באַשטעלונגען, ווי דעקן דעכער פון קלויסטער־טורעמס.

צווישן די בעסערע מאָלערס אין שטאָט איז געווען באַוווסט דער האַפריכטער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קונסט־מאָלעריי אין טראַדיציאָנעלן סטיל, וועלכן ער האָט באַנוצט ביים אויסמאַלעווען די גרויסע שול.

אין טאָלמיטש האָט אויך פונקציאָנירט אַ גרויסע אייל־פאַבריק, וועלכע פלעגט צושטעלן זוימען־אייל. איינע פון די אָרטיקע אָליאַרניעס האָט געהערט צו זעלצערן. נישט געווען צווישן יידן, קיין קוימען־קערער, קיין גאַסן־ריייניקער און נישט קיין מויערער.

אויך די אָפּצווייגונג גערטנעריי, איז געווען גוט אַנטוויקלט און האָט זיך געפונען אין נישט יידישע הענט.

צו דעם האַנטווערקער־וועזן דאַרף מען אויך צורעכענען דעם יידישן פאָטאָגראַף שערף, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין טאָלמיטש. די איינציקע אַפּטייק אין טאָלמיטש איז געווען נישט קיין יידישע, אָבער אַ „הענדל" צו קאָפּ־ווייטיק, האָט מען שטענדיק געקענט קויפן ביי לייבטשע קרום, צוגלייך מיט דזשעגעכטס און פאַסטע צו שיך. זייער אַ וויכטיקע ראָל האָט אויסגעפירט אין שטאָט די שלאָסעריי, די אַזוי גערופענע „לאַכטענ־מאַכער", וואָס האָט געהערט צו וונדערן. די שלאָסעריי האָט אויסגעפילט פאַרשיידענע באַשטעלונגען ביים פאַריכטן כל־מיני זאַכן און איבערהויפּט ביים פאַריכטן די איינ־ריכטונגען פון די גאַזשעלניעס.

אַ ספּעציעלער אָפּצווייג פון האַנדל איז געווען דער האַנדל מיט פערד, אויף די פערד־מערק פלעגן זיך צונויפפאָרן פאַרשיידענע פערד־סוחרים פון דער גאַנצער געגנט און מ׳פלעגט קויפן און בייטן פערד. די הויפּט איינקויפער פון די פערד, זענען געווען די קאָניוכעס פון טאָלמיטש, און די שכנותדיקע פּאָוויאַטן: סטאַניסלאַוו, בוטשאַטש, מאָנאַסטעזשיסק, טיסמעניץ, אָטיניע, אָבערטיניע.

יידן האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט פרוכט־האַנדל. די סעדער פון געגנט, פלעגן אַרענדירט ווערן אויף אַ סעזאָן ביי די אייגנטימער אין דער סביבה, איבערהויפּט זענען דאָס געווען קריסטן. די סעדער האָבן צוגעשטעלט קאַרשן, אַגרעסן, וויינפּערלעך, טשע־רעשניעס, מאַלינעס, באַרן פלוימען, און פיל סאָרטן עפּל. די סעדער פלעגן אַרענדירן יידן אין משך פון דעם זומער, ביז מ׳האָט אַראָפּגענומען די צייטיקע פרוכטן פון די בוימער, אויסבאַהאַלטן זיי אויף ווינטער אין קעלערן, וואָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרזיכערן דעם פאַרקויף פון פרוכטן אין משך פון דעם ווינטער, אַזש ביז פסח. אַ טייל פון די אַראָפּגעפאַלענע פרוכטן איז געווען באַשטימט אויף טריקענען און פון אַ טייל האָט מען אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע מינים קאָנפיטורן. דער עקספּאָרט פון דעם אָפּצווייג פון האַנדל, איז נישט געווען קיין קענטיקער.

שאיע יונג ז״ל

# קאַפּיטל זלאָטשעוו

מיטן אַריינמאַרש פון דער רוסישער אַרמיי קיין גאַליציע אין 1914, האָבן איניקע בעסערע סיטואירטע משפחות גלייך זיך געגרייט עוואַקואירן פון די פאַרנומענע געביטן. די מערהייט, אָבער, איז פאַרבליבן אויף די ערטער, כדי אָפּצוהיטן דאָס ביסל פאַרמעגן, וואָס איז זייט דורות געווען אין זייער באַזיץ.

בעת די קאָזאַקן האָבן פאַרנומען טאָלמיטש האָבן זיך באַזונדערס פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אָנגעהויבן ביטערע צייטן. די קריסטן האָבן אויף צו מאַרגנס אַרויסגע־האַנגען פאַר זייערע ווינונגען הייליקע בילדער, געגעבן אָנצוהערן די קאָזאַקן אַז דאָ וווינען „אייגענע״. שוין אין די ערשטע טעג האָט זיך געלאָזט פילן די הערשאַפט פון די נייע באַלעבאַטים, זיי האָבן גלייך אָנגעהויבן רויבן, פּלינדערן יידישער הייזער, שלעפּן צו צוואַנגס־אַרבעט און פאַרגוואַלדיקן פרויען, נישט געקוקט אויף זייער עלטער.

פרויען און יונגע מיידלעך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, געלאָפן אין די שולן. אַנדערע האָבן זיך באַמיט צו ענדערן זייער אויסזען דורך ענדערן די קליידונג — די קאָזאַקן האָבן נישט אויסגעמיטן זייערע שאַנד־טאַטן אויך אין די שולן.

די ווילדערייען און דער הפקר־צושטאַנד האָט געדויערט ביז דעם פאַרויסמאַרש פון רוסישן פראָנט און דעם אָנקומען פון דער ציווילער אַדמיניסטראַציע. די לאַגע האָט זיך סטאַביליזירט, יידן האָבן אָנגעהויבן פריי צו האַנדלען, אָפּקויפן זאַכן ביי די סאָלדאַטן — זאַכן וועלכע זיי אַליין האָבן צוגערויבט ביי די יידן, ווי: זילבער באַשטעק, צירונג, לעדער און טעקסטיל־סחורות, זייגערס, ציגאַר־פּאַפּירלעך א.אַ.וו. מען פלעגט אויך דינגען זעלנער און מיט זייער הילף אַריבערפירן סחורות פון איין שטאָט אין דער צווייטער, וואָס איז געווען פאַרבאָטן, אָבער אונטער דער „אויפזיכט״ פון באַוואָפנטע זעלנער, האָט עס געהייסן, אַז מען פירט קאָנפיסקירטע סחורות.

מיט דער צייט האָט מען זיך צוגעוווינט צו די צרות, מען האָט זיך איינגעלעבט אין די נייע באַדינגונגען. דאָס האָט געדויערט ביז פורים־צייט. אינגאַנצן אומגעריכט האָבן די רוסן פאַרלאָזט די שטאָט און ווידער האָבן אַריינמאַרשירט די עסטרייכער. די באַפעלקערונג האָט זייער פייערלעך זיי אויפגענומען. די הייזער זענען געוואָרן דעקאָ־רירט מיט פענער. אין די פענצטער האָבן זיך באַוויזן די פאָרטרעטן פון קיסר פראַנץ־

יוזעף. די גדולה האָט, אָבער, געדויערט נישט לענגער ווי אייניקע טעג. במשך פון דער קורצער צייט, זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פעלד־געריכטן, אין וועלכע מען האָט געמשפּט מאָסקאָלאָפּילן. אַזוי למשל, איז צום געריכט געשטאַנען די פּרוי טשוהאַראַ מיט איר מוטער און ברודער, וועלכע זענען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט דורך הענגען. די תליות זענען שוין געווען צוגעגרייט אויפן פּלאַץ, קעגנאיבער דעם אוקראַינישן קלויסטער. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון אַ יידישער דעלעגאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון קהילה־פאַרשטייער: הרב ציף, פעסל זייפער און ד״ר סאלאט, האָט מען די עקזעקוציע מבטל געמאַכט.

אין איינעם אַ דאַנערשטיק, מיטאָג־צייט, האָט מען ווידער באַמערקט אָנקומען אַ רוסישן פּאַטראָל. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, מען האָט אָנגעהויבן אַרונטערצונעמען די עסטרייכישע פענער, פונדאַסניי ביים אַלטן — די רוסן זענען דאָ. רויב און פייניקונג זענען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, אַלט און יונג האָט מען געטריבן גראָבן שאַנצן, נישט ווייט פון יאַצוווקער וואַלד. צוריק אויפן וועג אַהיים האָבן יידן אָנגעקליבן אַ ביסל האָלץ צום הייצן. עס איז געווען פּסח־צייט, איז אונדזער מזל געווען, וואָס מען האָט אַנטפּלעקט גריבער מיט קאַרטאָפל איז ווער ס׳האָט נאָר געקענט האָט געשלעפּט אין זעק און אין קוישן גרויסע, שיינע קאַרטאָפל.

ערב פּסח איז געפאַלן אַ טיפער שניי, האָבן די קאָזאַקן אַלעמען מאָביליזירט צום אָפּרייניקן די וועגן פון שניי. ביי דער געלעגנהייט פון גיין איבער די הייזער, האָבן די זעלנער „אויסגעטוישט" זייערע שטיוול און שיך אויף בעסערע. ווען ס׳האָט זיך אויס־געוויזן, אַז מען וועט שוין קענען פרייער אָפּאָטעמען, איז פּלוצים געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, מענער, פרויען און קינדער מיטן געפּעק און מיט עסן אויף דריי טעג, זאָלן זיך צונויפזאַמלען ביי דער געמיינדע. ווידער אַ פּאַניק, מען האָט מיטגעשלעפּט אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט, אויך בעטגעוואַנט. אַנדערע זאַכן האָט מען איבערגעלאָזט ביי די גוישע שכנים. אין דער לעצטער מינוט, ווי געווינלעך ביי די רוסן — איז דער באַפעל בטל געוואָרן. מען האָט געהייסן זיך אומקערן אַ היים, דאָס געפּעק איז געוואָרן גרינגער, ווייל די פעדערן פון איבערבעטן און קישנס האָבן זיך פונאַנדערגעפלויגן אין דער לופט.

די לאַגע האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן שפּעטן פרילינג. דאַן איז געקומען אַ נייע גזרה: אַלע מענער פון 10 ביז 70 האָבן זיך געמוזט רעגיסטרירן, ווער עס וועט זיך אויסבאַהאַלטן און וועט געכאַפּט ווערן, וועט ווערן דערשאָסן אויפן אָרט.

די מענער פון שטאָט מיטן רב ציף בראש, האָבן זיך געלאָזט אין וועג אונטער דער באַגלייטונג פון קאָזאַקישע נאַהייקעס און קאָלבעס פון די ביקסן. זקנים און קינדער האָט מען געטריבן צו ערשט ביז סטאַניסלאַוו, דאָרט האָט מען געמאַכט די ערשטע אָפּרו־שטעלע, אַלעמען אַריינגעפּאַקט אין טעאַטער־זאַל „מאַנושקאַ". אַלעמען האָט מען געהייסן זיך אויסטאָן, אַ גאַראַנטיע, אַז מען וועט נישט פּרווון אַנטלויפן. אויף צו מאָרגנס

ווידער, אין אַן אומבאַקאַנטן וועג, אַזוי זענען מיר געגאַנגען צו פוס ביז זלאַשטעוו און אַ צווייטע גרופּע קיין זבאַראָוו.

אָנקומענדיק אויף די ערטער, פאַרפּייניקטע, הונגעריקע, אַ טייל זקנים, וועלכע האָבן נישט געקענט גיין, האָט מען אויף די הענט געבראַכט, האָבן די קאָזאַקן באַפוילן אַז די אָרטיקע יידן פון זלאַטשעוו זאָלן איינקוואַרטירן די יידן און פאַרזאָרגן זיי מיט שפּייז. דערנערט האָבן מיר זיך פון דעם ביסל געקעכטס, וועלכעס מען האָט פאַר אַ פּאָר קאָפּיקעס באַקומען אין דער פאָלקס־קיך, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך די רוסישע יידן. פרייטיק צונאַכטס און שבת, האָט די קהילה אין זלאַטשעוו אונדז פאַרטיילט צווישן די שטעטישע איינוווינער. מען האָט אונדז געטריבן צו די פאַרשידנסטע אַרבעטן ווי אויך צום גראָבן שאַנסן. יעדער קאָנטאַקט מיט די משפחות איז געוואָרן איבערגעריסן, אַלע האָבן געזאָרגט וועגן גורל פון די פאַרלאָזטע היימען.

די לאַגע אויף די פראָנטן האָט זיך ראַשיק געביטן, די מאַכט איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. ווידער האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז עסטרייך האָט באַפרייט באַדייטנדיקע געביטן אין גאַליציע. אין רעזולטאַט פון ריקצוג פון די רוסן, האָבן זיי אונדז פאַרגעלייגט גיין צו דער גרענעץ־ליניע און פון דאָרט זוכן אַ וועג צוריק אַ היים. דאָס מאָל איז דאָס נישט געקומען ווי אַ באַפעל, נאָר ווער עס וויל פרייוויליק צוריקגיין זאָל זיך מעלדן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַלע האָבן זיך פאַררעגיסטרירט אַהיימצוגיין. מען האָט געאיילט צום מעלדונגס־אַמט נישט זייענדיק זיכער אַז די רוסישע מיליטער־באַהערדן וועלן נישט האָבן קיין חרטה. צווישן אונדז זענען אויך געווען אייניקע, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט דעצידירן, גיין, אָדער בלייבן, וועלנדיק אויסמיידן מאָביליזאַציע פון ביידע צדדים.

ס'איז געקומען דער גליקלעכער טאָג פון צוריקמאַרש. אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן, האָט מען אַלעמען פאַרזאַמלט, אויסגעשטעלט צו זעקס אין אַ ריי, יונגע און זקנים אין דער רעכטער זייט, די קראַנקע אין דער לינקער זייט. מיר האָבן אָנגעהויבן דעם מאַרש צו דער פראָנט־ליניע.

אַ גאַנצע נאַכט אונטער אַ שטאַרקן רעגן, מיט פאַרבונדענע אויגן זענען מיר געגאַנגען אַן איבעררייס איבער פעלדער און גריבער, ביז דער פראָנט־ליניע. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער עסטרייכישער ליניע, האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. מען האָט אונדז געהייסן אויפבינדן די אויגן. די קאָזאַקן האָבן דורכגעפירט אַ גענויעם „קאָנטראָל" פון דעם געפּעק־איינגעהאַנדלטע מציאות ביי די זעלנער. „באַפרייטע" פון די פעקלעך, האָט מען אונדז דערקלערט, אַז מיר זענען פריי, דאָס הייסט הפקר.

די שטילקייט איז פון צייט צו צייט איבערגעריסן געוואָרן פון שיסערייען און שיין־וואַרפער, מיר האָבן אויפגעהויבן ווייסע פענער און געלייגט זיך צו דער ערד, אַז ביז דער גאולה, זאָל עמעצער נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ. ווי נאָר ס'איז געוואָרן ליכטיק

האָבן מיר אַריבערגעשיקט אויף דער צווייטער זייט „פּאַרלאַמענטאַריער״ אויף צו פירן פאַרהאַנדלונגען וועגן צוריקקער.

דאָרט זענען גראָד געווען אונגאַרישע טרופּן, מיט וועלכע מ׳האָט זיך זייער שווער פאַרשטענדיקט. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָט מען אונדז אונטער אַ שטרענגער וואַך אַריבערגעפירט אויף דער עסטרייכישער זייט. דאָ האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן חקירות און אונטערזוכונגען, וועלכע האָבן געדויערט אַ האַלבן טאָג. דערויף האָט מען אונדז צוגעטיילט אַ ביסל שפּייז — מיליטערישע סוכאַרעס און ווייטער געטריבן אין באַגלייטונג פון רייטער־קאָנוואָי. מען האָט אונדז געטריבן אָן לייגן אַכט אויף די זקנים און קינדער. אין דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף, ווו מ׳ר האָבן גענעכטיקט אין סטאַדאָלעס.

אויפן דריטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין לעמבערג. דאָרט האָט מען אונדז איינקוואַרטירט אין מיליטערישע קאַסערן. יעדער איינער ה׳יט באַקומען אַ האַלב ברויט, צוויי מאָל אַ טאָג וואַרעם עסן. זעלטן עמעצן איז געלונגען זיך אַרויסבאַקומען פון דאָרט אין שטאָט אַריין.

די מיליטער־פאַרוואַלטונג האָט געהייסן אַרויסשיקן אַ קאָמיסיע פון דריי מיטן רב ציף בראש קיין טאָלמיטש, זיי זאָלן ברענגען פון די שטאָטישע באַהערדן אַן אויפקלערונג איבער דעם גאַנצן ענין, כדי אַרויספירן אונדז פון זלאָטשעוו. די באַפרייאונג איז זיי פאַרגעקומען זייער פאַרדעכטיק. מיט שפּאַנונג האָבן אַלע דערוואַרט דעם צוריקקער פון דער דעלעגאַציע, געהאָפט אויף אַ רעהאַביליטאַציע אַלס קרבנות פון אַ פיינטלעכן אַקט קעגן געטרייע עסטרייכישע בירגער.

צום באַדויערן האָט די דעלעגאַציע נישט קיין סך אויפגעטאָן. קיין שריפטלעכע דערקלערונג פון טאָלמיטש נישט מיטגעבראַכט. דער פאַרדאַכט קעגן אונדז איז פאַרבליבן.

צום סוף האָט מען די זקנים און יונגוואַרג אַהיימגעשיקט און די מיליטער פליכטיקע געשטעלט פאַר אַ מאָביליזאַציע־קאָמיסיע. פיל מאָביליזירט, אָפּטראַנספּאָרטירט קיין אונגאַרן און פון דאָרט אויף די פראָנטן.

אַלס צוגאָב וויל איך דערמאָנען אַ טראַגישן באַפעל: אין יענער צייט האָבן די רוסן דערשאָסן זיבן יידן פון די קיפּציעס און צוויי פון קאָראָלוווקע אונטער דער באַשול־דיקונג, אַז זיי זענען עסטראַפּילן. דער אמת איז געווען, אַז די ערשטע גרופּע האָט מען געזען מיט לאַמטערנעס גיין אין שטאַל און די צווייטע הענגען וועש אויפן בוידעם. און דאָס זענען געווען „זאַכלעכע״ באַווייזן וועגן זייער פאַרראַט.

אפרים שרייער

# די „זיכרע" באַהעלטעניש אין הרינעוויץ

בעתן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914, האָבן די קאָזאַקן רעקווירירט פיל יידישע וווינונגען פאַרן מיליטער. ביי אונדז האָט מען איינקוואַרטירט אַ הויכן אָפיציר מיטן טיטל קניאַזש. אַ הויכער מאַן געווען, אָנגעטאָן אין שוואַרצן דריי פערטל סורדוט, באַשטעקט מיט פּאַטראָנען אויף דער ברוסט. אויפן קאָפּ אַ הויכע ברייטע קוטשמע. ווי לאַנג דער חשובער גאַסט האָט ביי אונדז געוווינט, האָט קיין זעלנער נישט געוואַגט אַריינגיין. איבערגעלייענט די וויזיט־קאַרטע אויף דער דרויסן־טיר און אַוועק. ווען, אָבער, אין אַ שיינעם טאָג איז דער קניאַזש, אָן אַ „זייט געזונט" פאַרשוווּנדן, האָבן די סאָלדאַטן גלייך באַזעצט אונדזער וווינונג. ווי היינט געדענק איך — זייענדיק דאַן פיר יאָר אַלט, איין צימער האָבן באַזעצט קאָזאַקן מיט קוטשמעס, דאָס צווייטע זעלנער אין גרינע מונדירן, סאָלדאַטן מיט באַשעקעס. אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט איין סאָלדאַט, אַ ייד, וועלכער פלעגט יעדן פרימאָרגן אָנטאָן טלית און תפילין, — געהייסן האָט ער סווערדלאָוו.

די לאַגע איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ ערגער. דער כראָנט האָט זיך דערנענטערט, מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. מיין פעטער שלמה, וועלכער האָט דאַן געוווינט אין דאָרף הרינעוויץ, האָט געצהט אַהינצו זיך אַריבערציען, „דאָרט וועט זיין רויִק און זיכער". דער באַלעבאָס פון דער דירה, ווו זיי האָבן געוווינט, איז געווען דודיע ריינער. די דירה איז באַשטאַנען פון איין קליין שטיבל און אַ קאַמער.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס „זיכערע שטילע" דאָרף איז גראָד געווען דער סאַמע צענטער פון געפאַר. די שיסעריי האָט נישט איינגעשטילט טאָג און נאַכט.

דאָס אַלץ וואָס איך שילדער לעבט וויזועל אין מיין זכרון — וועגן תוך פון דער געשעעניש, וועגן וועלכער איך דערצייל — בין איך ערשט געוויר געוואָרן, ווען כ׳בין עלטער געוואָרן. עס איז געווען ביינאַכט, אין שטוב פינצטער, מען האָט נישט געוואַגט אָנצינדן ליכט און עס איז אויך נישט געווען אַ ליכט אין שטוב. פון צייט צו צייט איז נאָר ליכטיק געוואָרן פון די שיינוואַרפער. אויף גרויסע פעקלעך, זענען געווען אויס־געלייגט די קליינע קינדער. אַלע זענען געזעסן וואַך, אויסער דער קראַנקער זקנה — די מוטער פון דודיע ריינער, וועלכע איז געלעגן אין בעט.

אין דער מוראדיקער שטילקייט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך געעפנט די טיר. ביים אַריינגאַנג אַ גרופּע סאָלדאַטן. זיי האָבן אָנגעצונדן אַ ליכט, געפרעגט זיך אויפן „כאָזיאַין״. דודיע ריינער איז צוגעגאַנגען. באַלד האָט מען אים אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד, ער איז געפאַלן אויף די קני. אַ סאָלדאַט האָט אים געהאַלטן ביים האַלדז, די שפּיז אין זיין האַנט.

זיי האָבן באַשולדיקט, אַז פון דער שטוב האָט מען געשאָסן אויף זיי, דער באַווייז איז אַ צעבראָכענע שויב אין פענצטער. זיי האָבן באַשלאָסן, אויסצוקוילן אַלע אין שטוב, אנהויבנדיק פון דעם באַלעבאָס. אַ טויטע שטילקייט, קיינער האָט זיך נישט גערירט פון די ערטער. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם האָב איך זיך געטוליעט צו דער מאַמען.

אין דעם מאָמענט איז פון בעט אַראָפּגעקראָכן אויף אַלע פיר די אַלטיטשקע. צוגעשלעפּט זיך צו די קאָזאַקן, אָנגעהויבן וויינען, בעטן רחמים, מילדערן זייער צאָרן, דערמאָנט זיי, אַז אויך זיי האָבן איבערגעלאָזט פרויען און קינדער אין די היימען...

פלוצים איז אין שטוב נאָך ליכטיקער געוואָרן. די סאָלדאַטן אַרום גרויסן טיש, האָבן אַרויסגעשלעפּט פּראָדוקטן, באַפוילן קאָכן וויעטשערע פאַר זיך און פאַר אַלע שטוביקע, די קינדער געטיילט שטיקלעך צוקער. די זקנה האָט געטראָפן צו זייער געוויסן. זיי האָבן באַשלאָסן זוכן אַמוניציע אין שטוב, צום גליק גאָרנישט געפונען. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די געשיכטע פון אַ „זיכערער באַהעלטעניש״ ביי מיין פעטער שלמה אין הרינעוויץ.

אפרים שרייער

# דאָס לעבן פון אונדזער קהילה

טאָלמיטש, פונקט ווי דאָס רוב שטעט אין גאַליציע, איז נישט געווען קיין איבעריק פאַרמעגלעכע קהילה. במשך פון אַלע יאָרן זענען געווען ביי אונדז נישט קיין קליינע צאָל נויטבאַדערפטיקע און אויך יידן מיט בצימצומדיקע מעגלעכקייטן צו דערלאַנגען זיי הילף. קיין פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין ברייטערן זין פון וואָרט זענען אויך נישט געווען. קיין אינדוסטריע האָט טאָלמיטש נישט פאַרמאָגט, אויסער דער צוקער־פאַבריק, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פון פאַרן יאָר 1914. דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג פון נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָט זיך רעקרוטירט פון פאַר־אָרעמטע מיטלשטאַנד און בעלי־מלאכות. בעתן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די מערהייט יידן געפליכטעט אין די ווייטע געגנטן פון דער עסטרייכישער אימפעריע קיין ווין, אונגאַרן, בעמען־מערן א.אַ.וו. געציילטע משפחות בלויז, זענען געבליבן וווינען אויף די ערטער.

צוריקקערנדיק זיך נאָך דער מלחמה, האָט מען געטראָפן צעשטערטע היימען, אַלע הייזער פאַרברענט, די פאַרמעגנס צערויבט. אייניקע געוועלב־אייגנטימער, וועלכע האָבן אַפילו באַוויזן אויסצובאַהאַלטן זייערע ביכער מיט חובות, וואָס די גויים פון די אַרומיקע דערפער זענען זיי שולדיק געבליבן, האָבן קיין רעאַלן ווערט נישט געהאַט, הגם געריכטלעך האָט מען די פאָדערונגען אָנערקענט.

באַזונדערס שווער האָט זיך אויסגעווירקט די נישט סטאַבילע פּאָליטישע לאַגע. מזרח־גאַליציע האָט אַדורכגעמאַכט פאַרשידנסטע תקופות: זעלבסטשטענדיקע אוקראַינע (סאַמאָסטינאַ אוקראַינאַ), פּעטלוראַ־אינוואַזיע פאַרבונדן מיט שלאַכטן, רויב, הונגער און אויך עפּידעמיעס. די ווירטשאַפטלעכע אויפטרייסלונגען אינפלאַציעס א.אַ.וו. האָבן געדויערט ביז נאָכן אַנטשטיין פון דער פּוילישער מדינה מיט אַלע נאָכווייען, פאַר וועלכע יידן האָבן געצאָלט אַ טייערן פּרייז.

מיט דער סטאַביליזאַציע פון דער פּוילישער מאַכט, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן און פּרנסה־שוועריקייטן. ווי געוויינלעך נאָך מלחמות, שאַפן זיך קאָניוקטור באַדינגונגען פון לייכטע פאַרדינסטן. נישט פיל, אָבער, האָבן אין טאָלמיטש אויסגענוצט די „זיבן גוטע יאָרן" און קיין קריגס־געווינער נישט געוואָרן. די

קיט פון פערמאַנענטע קריזיסן איז דורך קיין באַדייטנדיקער פראָספעריטי נישט איבער־געריסן געוואָרן. אויף די פינגער האָט מען געקענט ציילן די בעסער סיטואירטע געשעפט־לייט, ווי, למשל: לייזער גאָטליב, זיסיע שוואַרצבאַרד, יאַנקל רעדנער, שייע רעדנער, לייבטשע קרום, שמשון זאַמלער, פיניע ריזל, אַברומטשע אייזנער, משה פיש, לאָזער אינזליכט, דער וואַלד־באַזיצער, הערצל אינזליכט, יחיאל הורוויץ, זיידע שפיגל און אַנדערע.

אין דער געגנט אַרום טאָלמיטש, האָבן מיר אויך פאַרמאָגט אייניקע גוט־באַזיצער. די מערהייט איינוווינער זענען געווען קליינהענדלער און בעלי־מלאכות: שניידער; שוסטער, סטאָלערס, בלעכער, אַפילו אַ מעש־טאָקערײַ איז געווען, מען האָט דאָס גערופן — לייכטער־מאַכער.

מיר האָבן פאַרמאָגט אַ באַדייטנדיקע באַרופס־אינטעליגענץ: דאָקטוירים, אַדוואָ־קאַטן, לערער, מלוכה־אַנגעשטעלטע און אַנדערע פרייע פראָפעסיעס. ס׳האָבן נישט געפעלט קיין יידן פוס־גייער פון דאָרף צו דאָרף, וואָס זענען געגאַנגען מיטן זאַק אויפן אַקסל איינצוקויפן אַ ביסל תבואה, פעלן. די פוס־גייער האָבן פאַרבראַכט אין דערפער פיל צייט. מער פאַרמעגלעכע יידן, האָבן איינגעהאַנדלט בהמות, שאָף. ס׳זענען געווען אויך יידן, וועלכע האָבן געלעבט פון מעקלערײַ.

אַ שפּאָר ביסל יידן האָבן, אַפילו, נישט פאַרמאָגט דאָס מינימאַלסטע, וואָס איז נויטיק געווען צו מאַכן שבת — דאָס זענען געווען „אָפּענע״ און „פאַרבאָרגענע״ אָרעמע־לייט.

די קהילה־אינסטיטוציעס און אַנדערע הילפס־אָרגאַניזאַציעס, זענען געווען אָן מיטלען. מיט קיין באַזונדערער הילף־אַקטיוויטעט און פילאַנטראָפּיע, האָט זיך אונדזער שטאָט נישט אויסגעצייכנט. געווען טעטיק ווי אומעטום „גמילות־חסדים״ קאַסעס, אַ „לינת־הצדק״, „ביקור־חולים״־חברה, „הכנסת־כלה״, אַ „חברה־קדישא״. אין רשות פון דער קהילה איז געווען אויך אַ נאַכט־הויז פאַר דורכוואַנדערנדיקע מדינה־יידן, דער „הקדש״. דאָרט איז געווען אַ קליינע צאָל בעטן, דאָס הויז איז געווען אין אַ פאַרנאַכלעסיקטן צושטאַנד. אויך דער שטאָט־ראַט האָט פאַר דעם „הקדש״ נישט געזאָרגט.

אין די ערשטע יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אויך פונקציאָנירט אַ „פאָלקס־קיך״ מיט דער הילף פון „דזשאָינט״. די קיך איז געווען קעגנאיבער מענדל האָפמאַנס הויז. דאָרט פלעגט מען אויסטיילן אַ ביסל פּראָדוקטן און פרישטיק פאַר קינדער, (אַ טעפּעלע קאַקאָאָ מיט אַ זעמעלע אַ צוגאָב).

ווי אין פיל שטעט פון גאַליציע איז אויך אין טאָלמיטש געווען אַ „באַראָן הירש שולע״, געגרינדעט נאָך אין די צייטן פון עסטרייך און האָט פונקציאָנירט ביז די אָנהויב־יאָרן פון נאָך דער אַנטשטייין פון פוילן. דער דירעקטאָר פון דער שולע איז געווען

פ. אורמאַן, וועלכער איז שפּעטער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס קהילה־פּרעזעס. די בנינים פון דער שולע זענען געבליבן אין אורמאַנס פּאָקטישן באַזיץ.

דער סטאַטוס פון דעם קהלישן אָרגאַניזירטן לעבן האָט אַדורכגעמאַכט אַ סך סטאַדיעס: אין די אוקראַיִנישע צייטן, האָבן יידן באַקומען די רעכט פון שאַפן דעם „נאַציאָנאַל ראַט", אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג, אָנגעפירט דורך ד"ר באַנדלער. שפּעטער, נאָך דער אַנטשטייונג פון דער פּוילישער מלוכה, איז געשאַפן געוואָרן אַ קהילה־ראַט אין דער שפּיץ פון נאָמינירטן פון די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען קהילה־קאָמיסאַר, — דער לערער זיגמונד בלאָך. ערשט שפּעטער האָט די קהילה באַקומען אַן אויטאָנאָמיע־סטאַטוס: די יידישע קהילה האָט געוויילט אירע פאַרשטייער און אינסטיטוציעס.

די הויפּט־הכנסות פון דער קהילה איז געווען דאָס אַזוי גערופענע, „גאַבעלע". פאַר שחט'ן די עופות און בהמות, האָט מען אויסגעקויפט קוויטלעך פאַר אַ באַשטימטן אָפּצאָל, דערפון האָט די קהילה געדאַרפט אויסהאַלטן די רבנים און שוחטים און דער־לאַנגען אַ קליינע שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע. דער איינציקער קהילה־אָנגעשטעלטער איז געווען דער סעקרעטאַר פון אַמט, פריער — שמואל העלד און שפּעטער איז געווען ביניע עפּשטײַן.

## יידל נאַגלבערג

די אָנהויב־יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג, בעת דאָס יידישע לעבן האָט זיך אָנגעהויבן געזעלשאַפטלעך פאָרמירן און קיין געזעצלעכער סטאַטוס איז נאָך נישט געווען לגבי דער קהילה, האָט אויך דאַן עקזיסטירט אַ קהילה. צו די ערשטע, וועלכע האָבן כלפּי פּנים רעפּרעזענטירט די קהילה, איז געווען יידל נאַגלבערג — אַ מיטל־פאַרמעגלעכער ייד, אַ רעליגיעזער, פון עלטערן דור. נאַגלבערג איז געווען פון נידעריקן ווּקס, אַ דיקלעכער, מיט אַ לאַנגער ברייטער באָרד. געוווינט האָט ער דאַן מיט זיין משפּחה אויף סלאָוואַצקי־גאַס, שפּעטער האָבן זיי אויסגעוואַנדערט קיין רומעניע.

## זיגמונד בלאָך

זיגמונד בלאָך איז געווען דער ערשטער נאָמינירטער קאָמיסאַר, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דער קהילה. ער האָט געשטאַמט פון אַ באַוווּסטער משפּחה אין לעמבערג. בלאָך האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון יעקל ויידמאַן — דער לאַנג־יאָריקער מעטריקאַל־פירער. ער איז געווען ווייט פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט אַסימילירט, לגמרי קולטורעל, דאָס האָט אים נישט געשטערט צו ווערן שפּעטער אַ לערער פון רעליגיע פאַר יידישע קינדער אין דער פּוילישער פאָלקס־שול. נאָך פריער איז

בלאָך געווען לערער אין דער „באַראָן־הירש״ שולע. ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מוסטער־טיפּ פון אַן עסטרייכישן באַאַמטן. ער איז געווען אַ קאָרעקטער, איידעלער מענטש מיט אייראָפּעאישע מאַניערן, שטענדיק זייער עלעגאַנט און ציכטיק געקליידעט, אויסערלעך זייער רעפּרעזענטאַטיוו. ער איז געשטאָרבן אין מיטעלן עלטער.

## עלע רייז

עלע רייז איז געווען, דוכט זיך, דער ערשטער געוויילטער ראש־הקהל. אַן אָנגעזעענער בירגער, אַ ייִד, אַ משכיל און ציוניסט. ער איז געווען אַן אייגנטימער פון אַ מאַנופאַקטור־געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער שטאָט. רייז איז געווען אַ צוריקגעצויגענער, אַ שוויגער, קיין איבעריקע געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו האָט ער נישט אַרויסגעוויזן. דאָס איז נאָך געווען די צייט, איידער עס האָט געווירקט אין קהילה־לעבן דער פּאַרטייאישער אַקטיוו, וועלכער איז שפּעטער אין אַ באַדייטנדיקער מאָס געקומען צום אויסדרוק.

## פאַביאַן פייוול־שרגא אורמאַן הכהן

געבוירן אין יאָר 1873 אין סטאַניסלאַוו. אין יאָר 1910 זיך באַזעצט אין טאָלמיטש. איניקע קאָדענצן איז פאַביאַן אורמאַן געווען ראש־הקהל. אין טאָלמיטש איז ער געוואָרן דער דירעקטאָר פון דער „באַראָן־הירש״ שולע און איז געבליבן אויף זיין פּאָסטן אויך נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, ביז דער ליקווידאַציע פון דער שולע. אורמאַן איז אויך געווען אַ שותף צו דער בוכהאַנדלונג צוזאַמען מיט שייע רעדנער. פון 1910 האָט ער אונטערריכטעט רעליגיע פאַר יידישע סטודענטן אין דער מלוכהשער גימנאַזיע. אַ געוויסע צייט איז אורמאַן אויך געווען דער דירעקטאָר פון דער קליינער באַנק. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ פּראַקטישן חוש און פאַרשטאַנען ווי צו מאַנעווירן מיט די געוויילטע פּאַרטייאישע פאַרשטייער אין דער קהילה. אין 1942 איז ער דורך די נאַציס פאַרשלעפּט געוואָרן קיין בעלזשעץ און דאָרט אומגעקומען. היינט צו טאָג לעבט אין ישראל זיין זון ד״ר א. אורמאַן.

## לייזער שוועפּעלגייסט

לייזער שוועפּעלגייסט איז געווען יידע חיימ׳ס אַ זון. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער געאַרבעט אַלס געאָמעטער, שפּעטער האָט ער אויפגעעפנט אַ קליינעם „האָטעל אייראָפּעיסקי״ און אויך אַ רעסטאָראַן.

אויסער דעם, וואָס שוועפעלגייסט איז געווען ראש־הקהל, איז ער אויך געווען אַ שטאָט־עסקן; — וויצע־בירגערמייסטער פון שטאָט און האָט פאַרמאָגט אַן איינפלוס ביי די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען. ער איז געווען סעקרעטאַר פון אַלגעמיינעם אינוואַלידן־פאַרבאַנד און האָט אויך געהערט צום סוחרים־פאַרבאַנד.

דאָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקע נאַטור, אַ בעל־טובה, אַ נדבן, דערביי נישט פּיינט געהאַט כבוד און פּאָפּולאַריטעט. אַן אימפּולסיווער כאַראַקטער מיט אַן עמפּינדלעכע רעאַקציע־שלאָגפערטיקייט, עטוואָס אַפעקטירט. הגם ער איז נישט געווען קיין אַסימילאַנט, איז ער געווען באַפריינדעט מיט דער פוילישער געזעלשאַפט. אין די אָנהויב־יאָרן נאָכן אָנטשטיין פון פוילן, איז ער אויך געווען אַ מיטגליד אין „סאָקאָל". שוועפעלגייסט איז געווען אַ בעל־דמיון, פלעגט ליב האָבן צו אימפּראָוויזירן, אַזוי אַרום זיך אויסגעלעבט אין אַ וועלט פון פאַנטאַסטישע פּאַסירונגען פאַר אים אַ מין ערזאַץ פון דער ווירקלעכקייט.

שוועפעלגייסט האָט איבערגעלעבט דעם חורבן אויף דער אַרישער זייט. שוין אַ זקן איז ער געקומען צום צווייטן מאָל קיין ארץ־ישראל און דאָ אין טיפן עלטער געשטאָרבן.

## פּיניע ריזל

ריזל איז געווען דער לעצטער קהילה־פאָרשטייער פאַרן אומקום. ער איז געווען אַ זון פון צדיק ריזל, אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס. אַ ציוניסט, אַ פאָרגעשריטענער, געהערט צו די פאַרמעגלעכע סוחרים אין שטאָט, פאַרמאָגט אַן אייזן־געשעפט. קיין באַזונדערן געזעלשאַפטלעכן חוש האָט ער נישט געהאַט, אָבער ער האָט מיט אחריות אויסגעפילט זיינע פליכטן אַלס ראש־הקהל. זיין ברודער יאַנקל ריזל האָט יאָרנלאַנג פּראָפעסיאָנעל מיטגעאַרבעט אין דער צענטראַלע פון ק.ק.ל. אין לעמבערג. פּיניע ריזל האָט געטיילט זיין גורל מיטן טראַגישן גורל פון דער גאַנצער קהילה.

טאָלמיטש האָט פאַרמאָגט אַ רב, אַ דיין, הרב יצחק ציף און דיין ר' נאָטע־שמואל (נתן־שמואל) אייזנער.ביידע האָבן נאָך אויסגעפירט דעם רבנות פאַרן ערשטן וועלט־קריג און אויך נאָכן קריג.

## הרב יצחק ציף

ער איז געווען אַ לעמבערגער און געשטאַמט פון זייער אַ חשובער משפחה. אויף וויפל אונדז איז באַוווּסט, האָט הרב ציף געלערנט ביים גזשימאַלאָווער רבי'ן און איז געווען אַן עלטערער חבר פון רבינ'ס זון ר' בעריש ווײדנפעלד, וועלכן פּראָפ' דב סדן

באַצייכנט אים, אַז ער איז געווען „דער גרעסטער גאון אין הלכה, וואָס גאַליציע האָט פאַרמאָגט אין לעצטן דור״.

הרב ציף איז געווען אַ געבילדעטער מענטש. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ פאַרגעשריטענעם רב און געהאַט אָנזען אויך ביי נישט יידן. גערעדט האָט ער אַ פאַרדייטשטן יידיש.

אַ הויך־וווקסיקע געשטאַלט, אַן אָליוון טונקל געזיכט מיט אַ געקרייזלטער קורצער באָרד. זיינע אייליקע טריט פלעגן באַגלייטן אומרויִקע, נערוועזע הויות. געגאַנגען איז ער אין אַ לאַנגער ראַזעווולקע מיט אַ סויבל־קראַגן און געטראָגן אַ סאַמעטענעם הוט מיט ברייטע ראַנדן. שבת פלעגט ער דאַווענען אין ר׳ זיסיעלעס קלויז. עס קלינגט נאָך אין די אויערן זיין „למען תזכרו״, וועלכן ער פלעגט אָקצענטירן מיט אַ באַזונדערן ניגון. אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן, איז הרב ציף מיט זיין משפחה צוריקגעפאָרן קיין לעמבערג, ווו ער איז שפּעטער געוואָרן רב.

## הרב ר׳ נאָטע־שמיל (נתן־שמואל) אייזנער

ר׳ נאָטע־שמיל, משה אייזנערס אַ זון, איז געבוירן אין טאָלמיטש. צו 18 יאָר איז ער געוואָרן רב. פון פאָטערס צד — אַ קרוב פון בוטשאַטשער גאון, פון דער מוטערס צד — אַ נאַדוואָרנער. שפּעטער זיך משדך געווען מיט די יעקלס און קריינדלערס פון סטאַניסלאַוו און מיט די קריגלס. (אפרים סלאבידער). זיין יינגערער ברודער, יוסף־שיע, איז געווען רב אין פיטשעניזש. בעת דעם אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט־קריג, האָט ער מיטגעמאַכט צוזאַמען מיט אַלע יידן גירוש זלאָטשעוו און שפּעטער געפליכטעט קיין אונגאַרן. אין יאָר 1917, האָט ער זיך צוריקגעקערט מיט זיין משפחה קיין טאָלמיטש, ווו ער איז געווען דיין, ביז ער האָט דערגרייכט דעם טיפן עלטער פון 84 יאָר. נאָטע־שמיל איז געווען אַ למדן, אַלע יידן אין שטאָט האָבן אים געאַכטעט און געשעצט.

## ר׳ איצעלע האַגער

דער סאַמע לעצטער רב אין טאָלמיטש איז געווען ר׳ איצעלע האַגער, דעם אָטינער רבינ׳ס אַן אייניקל פון די וויזשניצער. קיין טאָלמיטש איז ער אַראָפּגעקומען פון סטאַניסלאַוו אין די דרייסיקער יאָרן, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש (וועגן דיין אומקום ברענגען מיר אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג).

## ר׳ זיסיעלע

וועגן רבי׳ן ר׳ זיסיעלע ווייסן מיר זייער ווייניק. פיל יאָרן פאַרן ערשטן וועלט־קריג, האָט ער געלעבט אין טאָלמיטש. ער איז געווען זייער באַליבט און פּאָפּולער. נאָך זיין פּטירה האָט מען אויסגעבויט אויף זיין נאָמען אַ קלויז „ר׳ זיסיעלעס קלויז״. ער איז געקומען צו קבורה אויפן אַלטן בית־הקברות.

## ר׳ ישראל אשכנזי

געווען רבי אין טאָלמיטש. אַ שיינער ייד מיט אַ געפּלעגטער טונקל־רויטער באָרד. מיר געדענקען אים נאָך פון די אָנהויב־יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג. אין די צוואַנציקער יאָרן, איז ער מיט זיין משפּחה אַריבערגעפאָרן קיין רומעניע.
שפּעטער איז ר׳ ישראל אשכנזי געקומען קיין ישראל, געוווינט אין ירושלים. נאָך אים איז געבליבן אַ זון, ר׳ הענעך, וועלכער איז אויך נפטר געוואָרן.

## ר׳ אלימלך לאַם

די משפּחה לאַם איז אַראָפּגעקומען קיין טאָלמיטש ערשט אין די 30־ער יאָרן פון יאַראָסלאַוו. פריער האָט ער געוווינט אין ארץ־ישראל. איין זון חיים לאַם, איז געווען אַן אָנפירנדיקער חבר אין „מזרחי״. אין טאָלמיטש האָט ר׳ אלימלך, אַפילו, געהאַט זיינע חסידים, בעיקר פּאָלקס־מענטשן. נאָך פריער פאַרן קריגס־אויסברוך, איז דער רבי נפטר געוואָרן. זיין זון חיים איז אומגעקומען.



עס דאַרפן דערמאָנט ווערן די שוחטים אין אונדזער קהילה: בובי שוחט, חיים שוחט און שפּעטער זיין זון קאָפּל שוחט, יאַנקל שוחט, מעכל שוחט, — אַ למדן און אײדעלער ייד. שפּעטער איז צו אונדז אַראָפּגעקומען פון בויבעריק אַהרון שוחט מיט זיין גאַנצער משפּחה. אַ קלוגער און האַרציקער ייד געווען, נישט קיין פאַנאַטיקער. זיינע צוויי טעכטער געפינען זיך אין ישראל. זיי זענען נאָך עולה געווען פאַרן קריגס־אויסברוך.



# איוואַן מאַקוך

אין די דערמאָנונגען פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט שווימען אויף עפּיזאָדן, געשעענישן און פּערזאָנען אויך פון דער פרעמד. ווילט זיך זיי דערמאָנען, בפרט ווען דאָס האָט אַ שייכות צו פּאָזיטיווע באַציונגען לגבי אונדז, יידן.

צווישן אַזעלכע פּאָזיטיווע פּערזענלעכקייטן — ווי אַ יוצא דופן ביים אוקראַאינישן פאָלק — איז ווערט צו דערמאָנען דעם ד״ר איוואַן מאַקוך, דעם געוו. פירער פון דער „ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישער״ אוקראַאינישער פּאַרטיי אין גאַליציע און וואָלין. מאַקוך איז געווען אַ לאַנג־יאָריקער סענאַטאָר אין פּוילישן סענאַט, באַרימט מיט זיינע זייער מוטיקע אַרויסטריטן דאָרט.

דער ראַדיקאַליזם פון ד״ר מאַקוך איז נישט באַשטאַנען בלויז פון זיין צוגעהעריקייט צו דער „ראַדיקאַלער״ פּאַרטיי; זיין נישט־געפעלשטער הומאַניזם; דאָס געפיל פאַר יושר און רעכט. און זיין פאַר מענטשן־פריינדשאַפט, — דאָס איז געווען די אייגנטלעכע נאַטור זיינע.

אַליין איז ער געווען אַ זון פון פּויערים, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט דערגרייכט צו אַ וויכטיקער פּאָליטישער פּאָזיציע, איז מאַקוך אַלץ געבליבן געטריי דער אייגנטלעכער, נישט געפעלשטער פאָלקס־פּשטות, אין זיין האַנדלען, אויפפירן זיך אין באַצוג צו מענטשן. אויך זיין שפּראַך, די אויסדרוק־פאָרם, האָט אַנטשפּראָכן זיין וועזן. זייער אָפט פלעגט ער זיך באַנוצן — מיט נישט צענזורירלעכע, פאָלקס־וואולגאַרע באַציי־כענונגען, וועלכע האָבן פאַרמאָגט דעם חן פון פּויעריש־נאַאיווער זאַפטיקייט און פולבלוט. ווי אַ יוריסט האָט ער דערביי נישט איינמאָל אָפּעריערט מיט זייער קאָנדענסירטע און פּאָליטיש־טרעפלעכע דעפיניציעס ביים אַרויסרוקן זיינע פאָדערונגען אינעם סענאַט.

ד״ר איוואַן מאַקוך איז געווען אַ שלאַנקער, גראָדער, דעם קאָפּ געהאַלטן אין דער הויך און געקוקט פאַר זיך אַ פאַרטראַכטער. אין זיין געזיכט איז געווען עפּעס פון טאַראַס שעווטשענקאָ און מאַקסים גאָרקי: אַ הויכער, גערינצלטער שטערן, אַראָפּגעלאָזטע לאַנגע וואָנסן; שווערע אויגן־דעקלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט איבער זיינע פאַרטרוימטע בלויע אויגן.

מאַקוך איז געווען אַ פריינד פון יידן און באַפריינדט מיט יידן. זיין פאַרגעניגן איז ממש געווען אין דער פרייער צייט אַוועקצוזעצן זיך אין מיטן מאַרק פון שטעטל, אויף אַ טרעפּל פון אַ יידיש געוועלבל; אַרום אים — אַ הייפל יידן, מיט וועלכע ער האָט זיך אַדורכגעשמועסט, ווי אַן אייגענער מיט אייגענע.

זיין יידן־פריינדשאַפט איז געווען מער פון פּערזענלעכער נאַטור, ווי פון פּאָליטישן פּראָגראַם; ס׳האָט אָפט געשטאָכן די אויגן פון זיין סביבה...

זיין אַדוואָקאַטישע פּראַקטיק האָט ער אויסגעפירט אין זיין סטאַביל ווויןאָרט אין קרייז־שטעטל טאָלמיטש.

דער פּאָקטישער לייטער פון זיין קאַנצעלאַריע איז געווען דער ייד האַרטנשטיין ס'איז אַ סך צו דערציילן וועגן אַפּטע קוריאָזן מיט זיין אַדוואָקאַטישער פּראַקטיק. ער האָט, למשל, פאַרטיידיקט אין געריכט זיינעם אַ קליענט, אַ פּויער; האָט ער אין מיט דער געריכט־פאַרהאַנדלונג זיך געקאָנט ווענדן צום פּויער און אים זאָגן: „זעסט דאָך פּויער, אַז דער ייד איז פאַרט גערעכט".

אין די צייטן פון זעלבשטענדיקער אוקראַינע („סאַמאָסטינאַ־אוקראַינאַ") — נאָך ערשטן וועלט־קריג — האָט מאַקוך פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אינערן מיניסטער. האָט ער נישט איינמאָל אָפּגעראַטעוועט די יידן פון פּאָגראָמען (הגם דאָס האָט זיך זעלטן איינגעגעבן). עס איז געווען אַ מאָל ווען אין זיין אָנוועזנהייט אין טאָלמיטש, האָבן זיך אין אַ יריד־טאָג געזאַמלט די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט העק און זעק, מיטן ציל צו מאָרדן און רויבן יידן פון שטעטל. דער המון האָט זיך געזאַמלט ביים הויז פון מאַקוכן און געוואַרט אויף אַ סיגנאַל. ווען אַלע האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט, איז מאַקוך אַרויס אויפן באַלקאָן און זיך געוואָנדן צום המון מיט געציילטע ווערטער. „יאַ ציאַהאַ נע כאָטשיו" „איך וויל דאָס נישט"; ער האָט באַפוילן דער פּאָליציי צו היטן די אָרדענונג ביז אַלע וועלן זיך רויִק צוריקקערן אין זייערע דערפער.

איינמאָל איז מאַקוך גאָר אַריין אין אַזאַ גרימצאָרן, אַז ער האָט אין מיטן מאַרק אויסגעשריגן צו די פּויערים, וועלכע האָבן ראַבירט די שטעלעס פון אָרעמע יידן: „פון אונדזער זעלבשטענדיקייט ווערט גאָרנישט אַרויסקומען, אויב איר, נאַרישע פּויערים, מיינט אַז דער אידעאַל פון אונדזערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען איז געווען כאַפּן עפּל ביי די יידישע פאַרקויפערס".

און שפּעטער, ווען די יידישע וועלט האָט געפייערט די דערעפענונג פון דער אוניווערסיטעט אין ירושלים, האָט מאַקוך באַגריסט אין דער גרויסער שול די יידן צו דעם טאָג, וועלכן זיי האָבן זוכה געווען, צו האָבן אַן אייגענעם העברעישן אוניווערסיטעט.

אַמאָל, אין אַ שמועס מיט מיר, האָט ער זיך באַרימט: „ווייז מיר נאָך איין מיניס־טעריום אין דער וועלט, וווּ אויף דער טיר צום מיניסטערס קאַבינעט זאָלן זיין די אויפשריפטן אין צוויי שפּראַכן — אין אוקראַיניש און אין יידיש". מיט פאַרדרוס און צער פלעגט ער רעדן וועגן די פאָרגעקומענע פּאָגראָמען אין גאַליציע. מען האָט זיי אַפילו אויך אים צוגעשריבן, הגם ער האָט אַלץ געטאָן, כדי צו צוימען די צעווילדעוועטע אינסטינקטן פונעם המון.

בעת וואַלן צו די פּוילישע פאַרלאַמענט־קאַמערן האָט זיין פּאַרטיי געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט יצחק גרינבוימען וועגן שאַפן אַ געמיינזאַמען טעכנישן בלאָק צו די וואַלן.

שפעטער האָבן די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן אויף אַ פאַרזאַמלונג געשטערט מאַקוכן זיינס אַן אַרויסטריט, שרייענדיק:

— דאָס האָסטו זיך פאַרבונדן מיט די „איציקס״ ביי די וואַלן...

נישט פיל פון צווישן די אוקראַינער קאָן מען צושרייבן יידן־פריינדלעכע אייגנ־שאַפטן נאָך דעם אַלעמען, וואָס די צייט האָט באַוויזן. וואָלט דעריבער אפשר געווען נישט ריכטיק, נישט צו דערמאָנען איינעם, וואָס האָט זיך פאַרשריבן מיט גאָר אַן אַנדער בלעטל אין דער טרויעריקער געשיכטע פון אוקראַיניש־יידישע באַציונגען.

זאָל אָבער אויך אַרויסגעהויבן ווערן די לעכערלעכקייט פון די פראָפּאָרציעס: צווישן צוויי פעלקער, וואָס האָבן דורות צוזאַמען געלעבט און נישט איינמאָל צוזאַמען געליטן — זאָל מען קאָנען אויפציילן בלויז איינצלנע צדיקים בסדום...

# י ר י ד י ם

זייט די פריסטע קינדער־יאָרן ביזן היינטיקן טאָג, אידענטיפיצירט זיך ביי פיל פון אונדז דער טאָג מיטוואָך מיטן וואָרט יריד. זייט אַלע יאָרן פלעגט אין טאָלמיטש אויספאַלן דער יריד־טאָג אין מיטוואָך. אויפן מיטוואָך האָט געוואַרט אַ גאַנצע וואָך די יידישע באַפעלקערונג; געוועלבער, לופט־סוחרים, הענדלער פון בהמות און פערד, באַזונדערס די אָרעמקייט. ווי פלעגט מען ביי אונדז זאָגן: „אָן דעם מיטוואָך איז נישטאָ קיין שבת״.

שוין פון פריען זונען־אויפגאַנג, סיי זומער, סיי ווינטער, האָט זיך שוין געמערקט אַ גרויסע באַוועגונג פון די אָנגעפּאַרענע פויערים פון אַלע אַרומיקע דערפער. פויערים, באָרוועסע פוס־גייער, די שיך פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען. די וועגענער באַלאָדן מיט זעק, פּראָדוקטן און אויסאַרבעטונגען; פּרוכטן, גרינס. אַנדערע ווידער האָבן געטריבן בהמות, פערד, שאָף, חזרים, ס׳האָט זיך געהערט אַ קרייערײַ פון הענער, קלאַנג פון די האַלז־גלעקלעך אויף די פערד.

לויט די מלבושים, די פעטעקעס, מוסטערן אויף די קליידער, פאַטשיילעס און העמדער, לויט די קאָלירן, איז געווען צו דערקענען פון וועלכע דערפער די פויערים קומען, פון אַלעש, אַליריד, אָדאַיעס, הרישקע, הרינעוויץ א.אַ.וו.

דאָס שטעטל — דער מאַרק־פּלאַץ, אַלע פרייע ערטער זענען געווען פאַרפולט מיט פויערים און וועגענער, אָדער שליטנס: אומעטום, נעבן טוזינקעוויטשעס מיל, נעבן גאָטליבס־אַריינפאָר־הויז, הינטער זלמן וויינטרויבס לאַנגן הויז, אַנטקעגנאיבער די יאַטקעס, אומעטום פול, „קיין שפּילקע צו וואַרפן״.

גאָטליבס הויז איז געלעגן אין דער נידער, דער פּלאַץ דערנעבן ביז צום פּוילישן קלויסטער האָט געדינט אין די ירידים אַלס „פּאַסטאָי״ פאַר די פערד און וועגענער.

אָסיען־צייט איז דער פּלאַץ געווען אַ ים פון שיטער פאַרגרינט־צעראַיעטער בלאָטע, אָן פויערישע שטיוול פלעגט מען אַהינצו נישט קענען צוקומען. דאָרט פלעגן די פויערים אויסשפּאַנען די פערד, לאָזן זיי „דערכאַפּן" דאָס חיות מיט אַ ביסל האָבער און אַליין אַריינכאַפּן זיך, קעגנאיבער צו יידע־יאַשען אין שענק, אויף אַ ביסן מאַרינירטן הערינג, געקילטע קישקעס, מיט אַ טרונק בראָנפן.

אויבן ביי דער האַראָדענסקע־בריק, פלעגן היטן הערצל חנה דוד׳ס, (דער חזן פון ר׳ זיסיעלעס קלויז) מיטן שטאָט־פּאָליציאַנט האַרין, אַ נידעריקער מיט צווייי געלע באַקן־בערד, זייביידע פלעגן איינמאָנען דעם געמיינדע אָפּצאָל פאַר יעדער פור, „מעטאַ".

לענג אויס דער ריי געוועלבער פון הערמאַנס און שוואַרצבאַרדס, ביז גאָטליבס הויז, האָבן די פויערטעס זיך אויסגעזעצט מיט זייערע פּראָדוקטן: פּוטער, קעז געוויקלט אין באַבע־בלעטער, קאַרטאָפל, בעריקעס, קוקורודזעס, קאַרשן, שוואַרצע און ווייסע אַגרעסן, אָפּענעס, מאַרעלן, דרען, גאַגיציס, קאַלינעס, שוואָמען. באַזונדערס האָבן די שוואַבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע מילך־פּראָדוקטן — רייך, זויבער דערלאַנגט.

אויסער די סטאַבילע געוועלבער, האָבן מיטוואָך אויפגעלעבט די „איינטאָגיקע" סוחרים, אָרעמע מענטשן, וועלכע פלעגן באָרגן ביי די הורטאָווניקעס אַ ביסל סחורה און נאָכן יריד אומקערן דאָס געלט. זיי זענען געשטאַנען מיט טישלעך, סטראַגאַנעס מיט אַ פּאָר שטיקלעך זייף, הערינג, זאַלץ, צעקאָריע, בלושטיין, אַ ביסל צעלניק־אַרטיקלען, אַנדערע מיט קאָלירטע פּאַטשערקעס, זיסוואַרג: קאַראַמעלקעס, ברוסטצוקער, קאַנדל־צוקער, שטאָלווערק. ווער מיט שמיר, רימענס א.אַ.וו.

צום יריד פלעגן פון טיסמעניץ אויך קומען די קירזשנערס. זייער סחורה האָבן זיי פאַרקויפט קעגנאיבער מעכל קאַנערס הויז. פאַרקויפט דאָרט פעלצן, פּוטער־קוטשמעס, פּעטעקעס, פעלן. מען פלעגט קלאַפּן מיט די קוטשמעס איבערן קני, געצויגן די ראַנדן, געמאָסטן, געפּרוווט די פאַרב.

אָפּגערעדט שוין פונעם האַנדל אויף דער טאַרגאָוויצע, — די סטאַווישטשעס. דאָרט איז אָנגעגאַנגען דער עיקר מסחר מיט בהמות און פערד, קאָניאַרעס פלעגן שרייען און דינגען זיך, אַ געפּילדער, האַנט־פּאַטשעריי, מען האָט געציילט געלט און אין מיטן אַ גוואַלד: אַ גנב, האָט דאָס געלט פון טאַש אַרויסגעצויגן — די קאָניאַרעס פלעגן דאָס פערד ביי דער מאָרדע כאַפּן, באַטראַכטן די נאָז־לעכער, די ציין, דעם פערד אונטערן בויך קיצלען, צו איז עס נישט „נערוויסטע". די קאָניאַרעס פלעגן באַהויפּטן, אַז מען מוז זיין פאָרזיכטיק, ווייל דער גוי ברענגט אַרויס אַן אָנגעשיכרטע פגירה, וואָס בריקעוועט, ווי נאָר די פירסט דאָס פערד אַ היים, פאַלט עס אַ פגר.

געווען אויך מיטוואָכ׳ס, וועלכע רופן אַרויס טרויעריקע דערינערונגען. אין די צייטן פון „סאַמאָסטינאַ־אוקראַינאַ", האָבן פויערים זיך געזאַמלט מיט העק אין זייערע זעק און געוואַרט אויף אַ סיגנאַל, כדי צו פּאָגראָמירן. אַ נס איז געשען, דער אוקראַאינישער

פירער, אַדוואָקאַט מאַקוך, האָט באַפוילן פון זיין באַלקאָן דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט זאַהאַדאיקאַ, פונאַנדערטרייבן די פויערים אַ היים.

## „סוויענטאַ אַננאַ"

אַלע פאַר יאָר פלעגט ביי אונדז פאַרקומען אַן „אַטפּוסק" — סוויענטאַ אַננאַ" אַ פעסט־טאָג פון פאָלקס־רעליגיעזן כאַראַקטער. עס זענען זיך צונויפגעפאָרן פויערים, שקצים און שיקסעס פון די וויטסטע דערפער, אויך פון אויסער דעם פּאָוויאַט. דער פייערלעכער פעסט איז געווען פאַרבונדן מיט פאָלקס־פאַרוויילונגען, פאַרברענגען אין שטאָט און איינקויפן זאַכן.

עס האָבן געשימערט די פילפאַרביקע בונטע קאָלירן פון די קליידער, סטענגעס און לענטעס, די קרעלן און פאַטשערקעס פון די באַצירטע דאָרפסלייט.

נאָך דער פייערלעכער תפילה אין קלויסטער, האָט מען אָנגעהויבן לאָזן זיך וווילגיין, געזונגען לידער, געטאַנצט און די פאָלקס־אינסטרומענטן, האַרמאָניעס, דרימבעס און סאָפּילקעס, האָבן אויסגעשפּילט ניגונים פון פרייד און טרויער.

איניקע וואָכן פריער פלעגן זיך יידן גרייטן צו דעם טאָג. לענג אויס דער האַראַדענסקע גאַס, ביז דער בריק האָט מען אויסגעשטעלט סטראַגאַנעס, ביידלעך. והיות דער פעסט, איז אויסגעפאַלן אין די הייסטע זומער טעג, פלעגט מען צוגרייטן קאַלטע געטראַנקען, קראַכערס, קריגלעך מיט פאַרפאַרבט קאַלט וואַסער, צובייס, לעקערלעך, צוויבאַק, פּלעצלעך „קוואַס", עפּל־מאַסט א.א.וו.

די קלויסטער־גלאָקן האָבן גערופן צו תפילה און די פויערים זענען שוין געזעסן אין די שענקען, אַרום די טישן און געפראַוועט סעודות. פון אומעטום האָט זיך געטראָגן אַ פריילעך הילכיק געלעכטער, שיכורים האָבן ערגעץ ווו געזידלט אין „טאַטן אַריין".

די קינדער פלעגן אַרומרינגלען די קונצן־מאַכערס, איינהערן זיך אין די קריגס־ניגונים פון בלינדן בעטלער אויף זיין צימבל.

פאַרנאַכט איז שיטערער געוואָרן און ביסלעכווייז האָט זיך אויסגעליידיקט דער מאַרק. אַלע פאָרן צוריק אין די דערפער און יידן האָבן געוואַרט אויף דער נעכסטער „סוויענטאַ אַננאַ".

## „מ ע ק ס י ק ע"

פאַרוואָס דער טייל פון שטאָט אין וועלכער ס'האָט זיך קאָנצענטרירט די קאָמפּאַקטע יידישע אָרעמקייט האָט געהייסן „מעקסיקע", זענען פאַראַן איניקע ווערסיעס. פאַר די באַלעבאַטישע קרייזן אין שטאָט האָט „מעקסיקע" באַדייט דער שטאָט־טייל פון „נידעריקן

שטאַנד", דעם "פעבל". פלעגט אימעצער וועלן "אַריינזאָגן", איז געפאַלן דאָס וואָרט: "עס פאַסט פאַר מעקסיקע". דער צושטאַנד האָט אַזוי געדויערט ביז דעם אויפקום פון דער אָרגאַניזירטער פאָרגעשריטענער געזעלשאַפטלעכקייט — די יוגנט אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס די שייד־ליניע פאַרווישט.

לויט דער פאָרם האָט מעקסיקע דערמאָנט אַ "ח" פון וועלכע דריי זייטן זענען געווען געשלאָסן און די אָפענע זייט האָט געפירט צום פוילישן קלויסטער. שמאָלע זייטיקע אוליצעס, (געסלעך) האָבן געפירט פון איין זייט צום מאַרק־פּלאַץ, אַנטקעגנאיבער צו יאַשינסקיס הויז און פון מיטן, האָט געפירט צו דער שלאַכצעקאַ גאַס — צו דער גרויסער שול, בתי־מדרשים און צו די יאַטקעס.

וויפל מאָלערישע שיינקייט האָבן פאַרמאָגט יענע קליינע נידעריקע אַלט איינגעהויקערטע הייזער, פאַנטאַסטיש אין זייערע אויסקרומונגען, וואָס וואָלטן געקענט געבוירן ווערן נאָר אין דמיון פון אַ מאָלער. איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, וואָס דער יידישער מאָלער ווילהעלם וואַכטעל, האָט אין זיין רייזע איבער גאַליציע זיך פאַרהאַלטן אייניקע טעג אין "מעקסיקע" און דאָרט געמאָלן.

יעדעס ווינקל, די געסלעך און טיפן, האָבן פאַרמאָגט פאָלקסטימלעכן חן. האָרעפּאַשנע פאַרהאָרעוועטקייט, האָט געשיינט פון יענער באַלעבאַטישער אָרעמקייט.

פון די פאַרשידנקאָליריקע געקאָלעכטע ווענט האָבן אַרויסגעקוקט קליינע פענצטער, פון אונטער די סטריכעס פון די דעכער.

ס'שטייען פאַר די אויגן דער פאַפּעכעס הייזל מיט די איינגעבראָכענע האַלץ־גאַניקלעך, אונטערגעשפּאַרט מיט "זיילן" און ביז דער העלפט פאַרזונקען אין דער ערד. אין מיטן "מעקסיקע" איז געשטאַנען אַ גרויסער אייזערנער פּלומפּ, אַרום וועלכן ס'האָט שטענדיק געגרינט צערויעטע בלאָטע.

פאָרנט, ביים אַריינגאַנג פון טוזינקעוויטשעס מיל, האָט געוווינט דוד־משה בעל־העגלה. אַ ביסל טיפער, זיידע שניידער, דערנעבן, מענדעלע בעלזער, קעגנאיבער לייב פלעשער, כאַסקל בערטשעס, וויטער אַראָפּ צו ראובן שניידער, פּייוול שנעק, נעכע אָבע פישלס, אסתר־רחל די סאַרווערן, אַ זייטיק געסל האָט געפירט צו דער טשאָרטקאָווער קלויז, דאָס קעגנאיבערדיקע געסל צו דער מאַניעכע און קאָפּל־דוד דעם שוסטער.

אין זכרון האָבן זיך איינגעקריצט די לאַנגזאַמע טריט פון מעכל שוחט, דער האַמעטנער גאַנג פון בערציע מלמד, די הויכע געשטאַלט פון משה־שלמה מאַטלס און זיין באַלעגאָלישער בונדע מיט שטריק אַרומגעגאַרטלט. ווער געדענקט נישט די אין דרייען איינגעהויקערטע מאַניעכע, אָנגעשפּאַרט אויף איר הויכן שטעקן, אַ פּנים פון אַ מכשפה, קינדער פלעגן האָבן פּחד פאַר אירע דורכדרינגלעכע בייזע בליקן און אַסטמע־טישן־הוסט.

"מעקסיקע" איז געווען פאַרהאָרעוועט, אָבער נישט הונגעריק. יעדער איינער, ווי

ער האָט געקענט. אין די וואָכעדיקע טעג האָט אין „מעקסיקע״ גערוישט מיט מאַשינען און האַמער־קלאַפּעריי, באַגלייט מיט אַ שטילן פֿאָלקס־ניגון. אין די ווינטער־נעכט אויף די טאָלינקעס האָט מען פֿעדערן געפּליקט, פּוכענע איבערבעטן איינגעשיט; אויבסט סאָרטירט, אַ מחיהדיקער גערוך פֿון פֿריש געבאַקן ברויט האָט זיך געטראָגן פֿון די היימישע בעקערייען, ווו יידענעס פֿלעגן אין די נעכט אויסבאַקן די אויסגעקנעטע גיזשעס ברויט.

אַרום חדר אין די פֿרייע מינוטן, פֿלעגן זיך קינדער שפּילן, מען פֿלעגט שפּילן אין „ציגל״, אין „פּיטשקע״ און אין „טשייכן״. ל״ג בעומר פֿלעגן די ייִנגלעך אויפֿן בערגל קעגנאיבער יאַסינסקעס הויז, פֿייערן צינדן. מיר פֿלעגן דאָס רופֿן דער „באַרג־סיני״. שבת האָט „מעקסיקע״ גערוט. די בעלי־מלאכות האָט מען געקענט זען צום דאַווענען גיין אין זייערע שבתדיקע מלבושים, ווער אין דריי פּערטל ראָל און האַביק אויפֿן קאָפּ, ווער אין אַ קאַפּטן. נאָך וואָרעמס, פֿלעגן ווייבער אויף די פּריספּעס זיך אויסזעצן, דערציילן פּאַסירונגען פֿון פֿאַרצייטן, — „טויזנט און איין נאַכט״.

וויפֿל וואַרעמע דערינערונגען דרימלען אין אונדז, וויפֿל נאָסטאַלגיע צו יענע פֿאַרשווּנדענע טעג, צו די מענטשן, צום יידישן שטייגער? אין די ד׳ אמות פֿון „מעקסיקעס״ הייזער, האָט מען געקינדלט, דורות אויף דער וועלט געבראַכט.



אַ ביסל אַנדערש האָט אויסגעזען „מעקסיקע״ פֿון דער צווייטער זייט, צו דער שלאַכטעצקא גאַס, שענערע רייכערע הייזער, אייניקע מיט געגלאָזטע גאַניקעס. דאָרטן האָבן דאָס רוב געוווינט בהמות־סוחרים, קצבים, די לעפּאַלדס, צילערס, לויטמאַנס, אויך אייניקע קריסטלעכע משפּחות, האָבן דאָרט געוווינט.

דאָס רוב בתי־מדרשים האָבן זיך דאָרט קאָנצענטרירט מיט דער גרויסער שול אין דער מיט, דערנעבן די יאַטקעס.

דער פּלאַץ קעגנאיבער די יאַטקעס איז זומער ווי ווינטער געווען אַ בלאָטיקער, ווו נאָר מען האָט אַ פֿוס אַריינגעשטעקט, האָט מען געדאַרפֿט זוכן דעם צווייטן. די יאַט־קעס האָבן דערמאָנט אין זייער אויסזען האַלעס: פֿאָרנט געוועלבער, דער אונטערשטער טייל האָט געדינט פֿאַר אָפּשינדן די פֿעלן, טרייבערן דאָס פֿלייש און מאַגאַניזירן. יעדער קצב ביי זיין האַלב־קלאָץ: וועלוועלע חזק, שפּעטער זיסיע זיין זון, דערנעבן דער גלאָ־סענער סאַניע לעפּאַלד, יוצע מיטן דראָבנעם געקרייזלטן בערדל.

שטענדיק איז דאָרט געווען אַ געפּילדער, אַ דינגעניש, יידענעס פֿלעגן בעטן אַ בעסער שטיקל שפּאָנדרע, פֿלייש אָן ביינער. די קצבים פֿלעגן זידלען, די יאַטקעס זענען געווען אַ שטיק פֿון יידישן קהילה־לעבן. קללות, קצבישע גראָבע וויצן, זייערע אויסדרוקן און ווערטלעך האָבן זיך גערימט, ממש אַ קוואַל פֿאַר יידישן פֿאָלקלאָר.

ד״ר אַלעקסאַנדער שוואַרצבאַרד

# די בתי־כנסת

איך שרייב די ווערטער מיט אינערלעכן אומרו און יראת־הכבוד, ווי יענער בעל־תפילה ביי דער הייליקער עבודה.

דער צוריקבליק צו דער טראַגישער פאַרגאַנגענהייט טויכן אויף אין מיר, אין מיינע געפילן ווי אין דער וויזועלער קראַפט, אַלע יענע מענטשן פון אַן אומגעבראַכטער פאַרגאַנגענהייט און דערמיט דאָס אינטימסטע פון אונדזער עבר. לאָז איך דעם טלית אַראָפּ איבערן קאָפּ און דאַוון אַ קאַפּיטל זכרונות.

ווייל איך גראָד אָנהויבן פון קליינעם „טשאָרטקאָווער״ שולעכל אין וועלכן ס׳האָט געדאַוונט מיין פאָטער ר׳ זיסיע בן רפאל שוואַרצבאַרד הי״ד.

דאָס שולעכל האָט זיך געפונען אין אַ ווינקל פון אַ שמאָל געסעלע, וועלכעס האָט געפירט אין „מעקסיקע״ צו דער גרויסער אייזערנער פלומפּ.

דער צווייטער צוגאַנג איז געווען פון מאַרק־פּלאַץ. מיר האָבן געשטיגן אויף איינינקע האָלץ־טרעפּ צו אַ שמאָלער טיר און גלייך האָבן מיר זיך געפונען אַנטקעגנאיבער דעם ארון־קדוש. אין מזרח־וואַנט האָלצערנע שווערע בענק, מיט הויכע אָנלענס, אויף די ווענט מעשענע העסעס. לענג אויס די זייטן ווענט צוויי לאַנגע טישן, אַרום זיי די מתפללים. דער צודעק פון בעלעמער איז שטענדיק געווען אָנגעטריפט פון חלב־ליכט.

אין די וואָכן־טעג אַ מנין יידן, אָבער צו קבלת־שבת האָט דאָס שולעכל אָנגענומען אַן אַנדערן אויסזען: ליכטיק, ציכטיק. פאַרהאָרעוועטע יידן און שטאָט בעלי־בתים אין זייערע שבתדיקע בגדים, אויף די פּנימער מנוחת־שבת. געווען אָבער אויך פּנימער מידע, אויף זיי שפּורן פון דאגת־פּרנסה.

צו דער גרויסער שול האָט מען געקענט צוקומען פון אַלע זייטן: דורכן געסעלע נעבן טילע יודע בערס, דורך מינציע שטיינס הויז און אייזיק מלמד, ווי אויך פון דער צווייטער זייט נעבן די יאַטקעס.

די שול איז געשטאַנען אין מיט, אַרום דאָס רוב בתי־מדרשים: דאָס אַלטע בית המדרש, „מלאכימס״ קלויז, דאָס „אָטינער״ שולעכל, אַ ביסל ווייטער נאָך די יאַטקעס דאָס „אַלט־נייע״ בית־המדרש און נאָך ווייטער הינטערן הויז פון הערש טאָרן ר׳ זיסיעלעס קלויז.

צווישן די אַרומיקע קליינע הייזער, האָט די גרויסע שול זיך אויסגעצייכנט מיט איר אָנזעעװדיקייט. אַ גלאַטע הויכע פראָנט־וואַנט, די האַלב רונדע שול־פענצטער אין דער אויבערשטער טייל פון וואַנט, אַ רחבותדיקע שווערע טיר האָט געפירט אין פאָליש.

אינעם שמאָלן אַדורכגאַנג צו דער ווייבערשער שול, איז שטענדיק געשטאַנען די מיטה פון חברה־קדישא, אַלטע שמות, ס׳האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד. דער רוב מתפללים אין דער גרויסער שול זענען געווען יידן פון אַ גאַנץ יאָר, בעלי־מלאכות. שבת און צו די ימים־נוראים האָט מען געקענט זען דעם „בעסערן" גאַסט, די אינטעליגענץ, וועלכע מען האָט אַ גאַנץ יאָר אין שול נישט געזען.

די שול האָט אויך געדינט אַלס נאַציאָנאַלע טריבונע, פאַר מאַסן־אסיפות, וואַל־פאַרזאַמלונגען, מלוכהשע פאַראַנשטאַלטונגען א. אַ. וו.

דריי קלעפּ מיטן גרויסן שליסל פון דער שול־טיר, האָט יאָשע מלמד געגעבן און דער אַריינגאַנג אין שול האָט זיך געעפנט.

פון אינעווייניק האָט די שול אויסגעזען נאָך העכער, אַ הויכער סופיט מיט רונ־דונגען אָנגעשפּאַרט אויף מאַסיווע זיילן. דער סופיט מיט געמעלן פון די צוועלף שבטים, חיות א.אַ.וו. פון סאַמע מיט איז אַראָפּגעהאָנגען אַ גרויסער קרישטאָלענער הענג־לאָמפּ. צווי זייטן טרעפּ האָבן געפירט צום בעלעמער, וועלכער איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט באַזונדערער באַצירונג. ווייטער פון בעלעמער דער עמוד און נאָך טיפער דער הויכער אָרון־קדוש פאַרהאַנגען מיט אַ שווערן פורפור־רויטן פרוכת. אויפן פרוכת מיט גאָלד און זיידן־פאָדעם אויסגעהאַפטענע אותיות — אַ מגן־דוד. אַ לייכטער באַוועג מיטן זיידענעם שנור און דער פרוכת האָט זיך געעפנט.

פון די טיפן פון אָרום האָבן ספרי־תורות אין פאַרשידענע קאָלירטע העמדלעך אַרויסגעשיינט, צופוסנס פון די ספרים, די קרוינען, צווי גראָד־ליניקע ספּיראַלן זיילן איןביידע זייטן אָרון־קדוש, זענען געווען געפּאַסט אין אַ ברייטער ראַם מיט רייכע שניצערייען — באַגאָלדעטער אָרנאַמענטיק. הויך ביים סאַמע שפּיץ פון ארון האָט זיך געזען אַ קאָמפּאָזיציע פון קדושה־באַצירונגען. לוחות־הברית אונטערגעשפּאַרט פון צווי געשניצטע לייבן איבער זיי די כוהנים־הענט און איבער אַלעמען אַ מלכותדיקע קרוין. זונען שטראַלן פון די הויכע פאַרשידנקאָלירטע פענצטער שויבן, האָבן באַגאָסן מיט ליכט די שפּיצן־קרוין פון קדושה.

פון שול־פּאָליש האָט געפירט אַ טיר אין „שניידערישן" (יאָשע מלמד׳ס שולכעל). דאָרט איז שטענדיק געווען קוים באַלויכטן, ענג, אַהינצו פלעגן די בעלי־מלאכות לויפן גאַנץ פרי „כאַפּן" אַן ערשטן מנין.

יאָשע מלמד, איז דאָרט געווען סיי שמש, סיי גבאי, אין די וואָכן־טעג געפירט זיין חדר.

נאָכן דאַווענען האָט דאָרט קיינמאָל נישט געפעלט אַן „אַכטעלע" מיט יי"ש, וועלכע יאָשע פלעגט האַלטן פאַרשלאָסן אין אונטערשטן טייל פון עמוד.



ווי אַ פויגל־נעסט צוגעקלעפּט האָט אויסגעזען דאָס „אַטיניער" שולעכל, צוגעבויט האַרט, וואַנט ביי וואַנט צו דער גרויסער שול. די אינערלעכע איינריכטונגען פון שולעכל האָבן לגמרי אַנטשפּראָכן דעם אויסערלעכן אויסזען: האָלצערנע בענק, אַ נישט אָנזעעוו־דיקער ארון־קדוש, פלעקן פליכעס אויף די קרומע אויסגעקאַלעכטע ווענט. די פשטות האָט אָבער פאַרמאָגט אַן אינטימע היימישע וואַרעמקייט. באַזונדער אין די ימים־טובים־טעג, שמחת־תורה, האָבן זיך פון שולעכל געטראָגן חסידישע ניגונים, התלהבות, פריילעכקייט.

אויף די בענק אַרום האָבן קינדער מיט פענדלעך און אויף זיי רויטע עפּל, מיט נייגער זיך צוגעקוקט. יעדעס קינד האָט געוואָלט זען זיין טאַטן און זיידן ווי ער טאַנצט מיטן ספר אין האַנט.

האַנט ביי האַנט, אַקסל ביי אַקסל אין אַ רונד־קרייז, האָט מען זיך געלאָזט אין ריקודל. רויטע צעשוויצטע געזיכטער, פאַטשיילעס האָבן געפאָכעט אין דער לופט. אין שפּיץ פון די טענצער האָט מען געקענט זען משה־מענדל בילדנער, משה העלד, בינע עפּשטיין, אַלטער אינזליכט, קאָפּל שוחט, לייב אָלעשער מיט זיין צוויי שפּיצן־ברייטער באָרד.

די ניגונים און טענץ האָבן זיך געהערט אין דער גאַנצער סביבה ביז האַלבער נאַכט.



דערנעבן פון מזרח צו דער שול נאָכן „הקדש", האָט זיך געפונען דאָס אַלטע בית המדרש (בינימינ׳צעס) אַ מקום־קדוש פאַר פאַלקס יידן. דאָרט פלעגט אַ פּראָסטער מענטש זיך פּילן היימיש, כאַפּן אַ „געשמאַקן" דאַוון. שמערל מלמד (שפּיראָ) האָט דאָרט געהאַט זיין חדר. נישט געווען דאָרט קיין חסידיש, קיין נגידיש, דערפאַר אָבער יידיש.

אַראָפּצו ווייטער נאָכן „אַטיניער" שולעכל, איז פּאַראיינזאַמט געשטאַנען די „מלאכימס" קלויז. אַרום דער קלויז, אַ גרויסער מיט ווילד־גראָז באַוואַקסענער פּלאַץ, וועלכער האָט זיך געצויגן ביז די סטאַוויעטשעס.

אַ נידעריק ברייטע געביידע מיט טונקעלע פון אַלטקייט האָלצערנע דרויסן־

ווענט.ביים אַריינגאַנג אַ געגלאָזט גאַנעקל און פון זיין דאַך האָבן אַראָפּגעהאָנגען פאַרגרינטע מאַכיקע צויטן.

„מלאכימס" קלויז. די קלויז האָט געהייסן, ווייל דאָרט האָט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געדאַוונט דוד מלאך און שפעטער זיין זון חיים־דוד מלאך. דער בעלעמער, ארון־קודש און די בענק און טישן, אַלץ האָט עדות געזאָגט וויפל דורות יידן ס'האָבן דאָרט געדאַוונט. אין דער וואָכן האָט אויך אין „מלאכימס" קלויז געדאַוונט דער רב ר' יצחק ציף. ביי „קריאת־שמע" פלעגן די מתפללים אָפּוואַרטן ביז דער רב האָט בלחש געענדיקט די שמונה־עשרה. איך געדענק ביז היינט זיין באַזונדערע טאָנאַציע פון „למען תזכרו".

אין „מלאכימס" קלויז, האָט אויך בערציע מלמד איינגעאָרדנט זיין חדר אויס־שליסלעך פאַר גמרא תלמידים.



נאָך די יאַטקעס, האַרט נעבן כלה האָפמאַנס אַריינפיר־הויז, איז געשטאַנען אַ ניי מקום־קדוש געמויערט מיט נאַקעט־רויטע ציגל־ווענט. דאָס „אַלט־נייע" בית־מדרש (הערצלס בית־המדרש). דאָרטן פלעגן דאָס רוב מתפללים זיין פון די פאַרשידנסטע קרייזן.

עס איז געלעגן „צו דער האַנט", יעדער דורכגייער פלעגט זיך אַהינצו אַריינכאַפּן אויף אַ מנחה־מעריב. אַלע יאָרן איז דאָרט געווען שמש דער אַלטער פרידעלע.



„ר' זיסיעלעס קלויז" (נאָכן רבין ר' זיסיעלע) איז געווען רעסטאַווירט שוין נאָכן ערשטן קריג. אַ געמויערט־רוימיקע געביידע, מיט גרויסע שול פענצטער.

צוליב דער רוימיקייט פון קלויז, האָט מען טאַקע נישט איינמאָל דאָרט א־ינגעאָרדנט וואָל־פאַרזאַמלונגען און אספות.

אויך אַהינצו פלעגן קומען יידן פון אַלע קרייזן: סוחרים, לומדים, אַרעמעלייט. אין די שבת טעג, האָט דאָרט געדאַוונט הרב ר' י. ציף. אַנטקעגנאיבער ארון־קודש, איז געזעסן דער דיין ר' נאָטע־שמואל אייזנער, וועלכער האָט דאָרט געדאַוונט ביז זיין פטירה.

דער חזן פון קלויז, איז געווען הערצל חנה־דוד'ס, אויך עלע פרידעלעס פלעגט זיין צוגעבונדן צו דער קלויז. הינטער דער קלויז, האָט זיך געצויגן אַ גרויסער פּלאַץ, — דעם גלח'ס פּלאַץ. די חדר־ייִנגלעך פלעגן דאָרט פירן סטאַבילע „מלחמות" מיט די גוישע שקצים, וועלכע האָבן זיך געפונען פון יענער זייט. די שטיינער זענען געפלויגן הין און

צוריק, דעריבער טאַקע, האָט מען אין ר׳ זיסיעלעס קלויז יעדע וואָך געמוזט אַריינשטעלן נייע שויבן.

לויט דעם ווי עס האָבן איבערגעגעבן אייניקע, וועלכע האָבן באַזוכט אין טאָלמיטש נאָך דער מלחמה, זענען פון דעם יידישן צענטער אין שטאָט, איבערגעבליבן בלויז חורבות: צעשטערטע הייזער, איינצלנע ווענט, איבערגעבליבענע פון חרובע בנינים, דאָ און דאָרט טרעפט מען אַ קוימען, וואָס סטאַרטשעט אַרויס צום הימל און ווי ער וואָלט געזאָגט צום באַזוכער: „גיי, און קער זיך אום פון וואַנען דו ביסט געקומען!״.

צו די דאָזיקע חורבות איז נישטאָ קיין ווידער־אויפריכטונג.

אפרים שרייער

## חדרים און מלמדים

מלמדים און בעלפערס: גוטמוטיקע און בייזע, געלאַסענע און נערוועזע, יעדער פון זיי מיט זיין אייגנאַרט. אין זכרון לעבט נאָך דער ניגון: וידבר — און ער האָט גערעדט, ה׳ — גאָט, אל — צו משה — איינער האָט געהייסן משה, לאמור — אַזוי צו זאָגן... כ׳פיל נאָך אויך דעם ברי פונעם קלאַפּ, פון רבינס שטעקעלע און יעדן צי̇פּ ביי די אויערן.

מיין ערשטער מלמד איז געווען אייזיק מלמד, ביי אים האָבן מיר צום ערשטן מאָל געהערט דעם קלאַנג פון די אותיות: „אלף״, „בית״ א.אַז.וו. דער חדר האָט זיך געפונען אינעם געסל, וועלכעס האָט געפירט צו דער גרויסער שול, אַנטקעגנאיבער דעם תבואה־מאַגאַזין פון לייב ווייזלמאַן. דער חדר; — צוויי לאַנגע האָלצערנע טישן, פאַרנטביים־טיר אַ נידעריקער, שוואַרץ־באַבערדעטער, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל — אייזיק מלמד. אין איין האַנט — דער טייטל, מיט דער צווייטער פלעגט ער צופּן דאָס בערדל. איז אייזיק געווען צופרידן פון אַ תלמיד, פלעגט ער ליב האָבן אַ קניפּ טאָן אים אין באַק. האָט אָבער אַ יינגל נישט געהאַט קיין „זיץ־פלייש״, פלעגט שוין זיין וויב רבקה אַוועק־נעמען דעם תלמיד אין אַ זייט און „אָפּקויפן״ אים מיט אַ „לעבער־קניידל״, אַבי נישט צו דערצערענען דעם רבין.



אויך שאול־מאיר האָט געלערנט מיט אָנפאַנגער. אַ פאַרדאַגהטער און טרויעריקער ייד איז געווען שאול־מאיר. אַ ייד מיט אַ גרויסער משפחה. געוווינט האָבן זיי אין אַן ענג שטיבל נעבן פיניע בערגער. שפּעטער איז אים נאָך צוגעקומען נאָך אַן איינוווינער —

זיין ברודער זעליקל, וועלכער איז דערנאָך געוואָרן זיין איידעם און אויך געפירט אַ חדר.

זיין בלייך געזיכט האָט באַצירט אין צוויי שפּיצן געטיילטע רויטע באָרד. זיינע מידע בליקן האָבן דערציילט די שטומע טרויעריקע דראַמע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די ד׳ אמות פון דעם דאָזיקן ענגן באַווויז. דער דאָזיקער חדר איז שפּעטער אַריבער־געפירט געוואָרן אין „אַלט־נייעם״ בית־המדרש.



גאָר אַן אַנדער טיפּ איז געווען מענדעלע בעלזער (מאַרק). געקומען צו אונדז איז ער פון זשולקעוו. דער חדר ווי אויך זיין ווױנאָרט, איז געווען אין „מעקסיקע״. געוווינט האָט די משפּחה אין איין קליין שטיבל מיט אַן אַלקער. צווישן ביידע בעטן איז געשטאַנען אַ טיש און ער — דער מלמד — אויבנאָן. מענדעלע האָט נישט אויפגעהערט צו שמעקן טאַבאַק, וועלכע האָט אים פאַרשטאָפּט די נאָז, האָט ער טאַקע דעריבער מער געפּאָנפּעט ווי גערעדט — גענאָסן און געפּאָנפּעט. מענדעלע האָט אַלץ „וואָס גאָט גיט״ אָנגענומען באהבה.

אויסער דעם חדר פלעגט די רביצן צוהעלפן אין דער פרנסה מיט אויסבאַקן היימיש ברויט צום פאַרקויפן. פון די ביידע פרנסות איז אָבער קיין פרנסה נישט געווען. זיין תמימות און טיפע אמונה האָבן דעם בעלזער פאַרלייכטערט זיין געמיט.



אַנדערש ווי אַלע, איז געווען יאָשע מלמד, אַ האַרציקער, גוטמוטיקער פריילעכער ייד. דער חדר זיינער איז געווען אין „שניידערישן״ שולעכל, ווו ער איז אויך געווען דער שמש.

די תלמידים האָבן ביי אים געהאַט גוט, ווייל יאָשע איז זעלטן געזעסן אין חדר. גאַנץ קהל איז געווען אויף זיין קאָפּ. אָפיציעל איז יאָשע געווען דער קהל־שמש, אַ באַגלייטער פון רב צו אַלע חתונות, געפירט דעם חשבון פון די יאָרצייטן פון אַלע גוטע יידן, אויסער דעם האָט ער נאָך באַדאַרפט זאָרגן אויך אויף פרנסה. זעלטן ווען יאָשע האָט זיך געבייזערט, איז ער אָבער אַריין אין גרימצאָרן, פלעגט ער שרייען צו די תלמידים „באַראַבערס, וואָס איר זייט״. (מיינענדיק אַראַבער). די הייזעריקע שטימע זיינע האָט נישט איבערצייגט.



אַ יוצא־דופן איז געווען מרדכי „פוש", אַ מאַגערער און אייליק־פלינקער ייד. אין זיין קליין פּנים, אַרומגעזוימט מיט אַ ווייס צעשויבערט, צעפלויגן בערדל, וואָס האָט אויסגעזען ווי דער הינטערשטער טייל ביי אַן עוף, האָבן זיך געזען צוויי קליינע וואַסער־גרינע, אומרו׳קע און פייכטע אייגעלעך. בעתן לערנען פלעגט ער זיך באַמיען איבערצושרייען די תלמידים, אָבער ווען זיין הייזעריקייט פלעגט אים פאַרציען דעם אָטעם — פלעגט ער דאַן לאָזן אין גאַנג זיין דין שטעקעלע. אין דער וואָכן פלעגט מען לערנען ביי אים אין דער היים, אין אַ קליין שמאָל שטיבל מיט איין פענצטערל. פרייטיק פלעגט מען לערנען אין ר׳ זיסיעלעס קלויז. דאָרט פלעגט ער אויך איינהאַקן די פיש אויף שבת.

מיטוואָך פלעגט מרדכי צוהאַנדלען מיט אַ „בינטל". דאָס איז געווען אונדזער בעסטער טאָג, דאַן פלעגן מיר פירן די אייביקע „מלחמה" מיט „מאַמזורן", דעם שקץ, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די קאַמפן פון שטיינער וואַרפן אויף די יידישע ייִנגלעך איבערן גאָרטן הינטער ר׳ זיסיעלעס קלויז.

צו אַלע מעלות איז מרדכיס הויפּט־פאַרגעניגן געווען רייסן ביי די אויערן, טיילמאָל ביז בלוט. שפּעטער האָט מרדכי „פוש" זיך אַרויסגעצויגן קיין קאָלאָמיי.



שמערל מלמד (שאַפּיראָ), איז נישט געווען קיין טאַלמיטשער, געקומען צו אונדז ערשט נאָכן ערשטן וועלט־קריג. אַ ייד, אַ למדן געווען און ווייל ער האָט אַליין פאַרשטאַנען — האָט ער געוווסט מסביר צו זיין. ער פלעגט אָבער ליב האָבן צו כאַפּן אַ דרימל. די באָרד אָנגעשפּאַרט אויפן עק טיש, און אַזוי איינשלאָפן. ווען ער פלעגט זיך איבערוועקן — האָט ער שוין קיין תלמיד נישט געטראָפן ביים טיש. ער האָט געהאַט אַ זון, אַ חרוץ, שלמה האָט ער געהייסן. איז אָבער די צרה מיט אים געווען, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ נביא און האָט „פאָרויסגעזען" ווען משיח וועט קומען.



פאַר די צוויי וויכטיקסטע מלמדים — גמרא־מלמדים, האָבן זיך גערעכנט מענדעלע נאמן און בערטשע מלמד.

מענדעלע האָט אויסער מיט מלמדות זיך באַשעפטיקט מיט היטן כשרות אין די שטאָטישע יאַטקעס. קיין סטאַבילן חדר האָט ער נישט געהאַט. ער פלעגט לערנען מיט זיינע תלמידים ביי זיי אין די היימען. ערשטנס פלעגט מען אים בעסער צאָלן און דערביי אויך כאַפּן אַן איבערבייס אין אַ באַלעבאַטישער שטוב. קיין איבעריק צו פיל צייט, פלעגט

ער די תלמידים נישט ווידמען. אויסער דעם האָבן בייזע צינגער אויסגעטראַכט, אַז ער, מענדעלע, כאַפּט ביי לייזער שוועפלגייסט אין שענק אַ גלעזעלע וויין, וואָס עס איז געווים יין־ניסך.

די, וועלכע פלעגן לערנען ביי בערטשע מלמד, האָבן זיך גערופן די „גרויסע", אָדער די גמרא־קנעלערס. כדי לערנען ביי בערטשען, האָט מען געמוזט האָבן אַ „גוטן קאָפּ", אַן „אָפּענעם קאָפּ".

אויסער דעם חדר איז דעם יידן גאָרנישט אָנגעגאַנגען. זיין גאַנצער מאַרשרוט, איז געווען פון שטוב אין חדר און צום דאַווענען. געגאַנגען איז ער מיט פּאַמעלעכע האַמעטנע טריט. זיין גרויסער קאָפּ איז אומבאַוועגלעך געזעסן אויפן קורצן האַלדז צווישן די רונד־געבויגענע אַקסלען. אַרום זיין רונד געזיכט — אַ געדיכטע ברוין־גרויל׳עכע באָרד מיט לאַנגע פלעשל־פּאות, פון אונטערן נידעריקן שטערן האָבן אַרויסגעטרויערט טריבע בליקן פון די גרויסע אַרויסגעשטאַרצטע אויגן, איבער וועלכע ס׳האָבן שווער אַראָפּ־געהאַנגען די אויגן־דעקלעך.

בערטשע איז געווען אַ שתקן, פלעגט זעלטן אַרויסברומען אַ וואָרט. גענוג געווען זיינער אַ בליק. ער פלעגט נישט זידלען, נאָר מיטן שטעקן געבן אַ שטויס דעם תלמיד אונטערן אַקסל, אַ „ביליאַרד־שטויס" האָט מען דאָס גערופן.

געשטאָרבן איז בערטשע מלמד אַ זקן און מיט זיך מיטגענומען דעם סוד פון זיין שטענדיקן שווייגן.

## די „בלינדע" נאַכט

מיט וועלכן אומגעדולד פלעגן די חברה יינגלעך אָפּוואַרטן די לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען מען פלעגט אין חדר גיין מיט לאַמטערנעס אין האַנט, אויפן וועג מיט שניי־קוילן זיך באַוואַרפן, אַ גולם פון שניי מיט אַ בעזעם אין האַנט אויפשטעלן.

מיט נייגער און פאָרכט פלעגט מען אָפּוואַרטן די „בלינדע" נאַכט, ווען דער „יוזל" איז געבוירן געוואָרן. אין דער נאַכט טאָרן יידן נישט לערנען און דער חדר איז געשלאָסן. אין יענעם אָוונט, פלעגן מיר זיך פאַרזאַמלען לעבן חדר און אויסדערציילן אַלע פאַנטאַס־טישע געשיכטעס, פאַרבונדן מיטן „יוזל", וועגן די „נישט גוטע", וועלכע האָבן אין דער נאַכט אַ שליטה. אַ געהיימענישפולע מיסטעריע פלעגט אַלעמען באַהערשן, אויך אַ געפיל פון גליק, וואָס מיר זענען יידן און האָבן נישט צו טאָן מיט דער „בלינדער" פאַרכטיקער נאַכט, וואָס גראָד משה און נישט דאָס „יוזל" איז אונדזערער. מיר פלעגן נאָר האָבן רחמנות אויף די גוים, וועלכע מיינען, אַז עס איז ליכטיק און זיי זעען נישט ווי מיר, אַז די נאַכט איז אַ „בלינדע" — אַ פינצטערע.

# פלאַגערס

ווען ס׳האָבן זיך דערנענטערט די טעג פון שטיין צו דער „מוסטערונג״ פלעגט זיך אָנהויבן די באַרימטע „פלאַגער״-צייט: ווינציק עסן, נאָך ווייניקער שלאָפן, גאַנצע נעכט אַרומשלעפן זיך איבער די זייטיקע געסלעך פון שטעטל, די פּאָליציי זאָל נישט באַמערקן די פלאַגערס.

מען האָט אַלץ געטאָן, אַז צום טאָג פון שטעלן זיך צו דער „מוסטערונג״ זאָל מען אויסזען אָפּגעמאָגערט, ס׳זאָל פעלן צו דער נאָרמאַלער וואָג א.א.וו. פּראַקטיש אָבער, איז די פלאַגער־צייט געווען אַ פאַרוויילונג פאַר דער חברה, מען האָט הנאה געהאַט פון פלאָגן זיך.

אין די עסטרייכישע צייטן האָט מען דעם מיליטער־דינסט גענומען אַ סך ערנסטער, מען האָט געוואָלט פראַנץ־יאָזעפס אַרמיי דערפירן צו אַ קאַטאַסטראָפע. פלעגן בשעתו טאָקע די יידישע מאַמעס זיך רימען, אַז זייערע קינדער שפּרינגען אַראָפּ פון די בוידעמס און „געלויבט צום הייליקן אין הימל״, ווען אימעצער האָט גלייך מיטן ערשטן שפּרונג מצליח געווען און באַקומען אַ צווייזייטיקן ברוך. אַנדערע פלעגן טרינקען עסיק, דאָס האַרץ אָפּצושוואַכן, די אויגן אָנרייבן מיט אַלע מינים קרייטעכצער, ס׳פלעגט אָפט טרעפן, אַז יינגלעך פלעגן פאַרלירן אַן אויג, אַ פינגער זיך אָפּהאַקן, אַבי נישט זיין קיין זעלנער.

אין די פּוילישע צייטן האָט מען די זאַך נישט גענומען טראַגיש, פלעגט מען יוצא זיין מיט פאַסטן טעג און עסן ביינאַכט. אַז דאָס שטעטל איז געשלאָפן האָבן די פלאַגער געשלטעוועט, אין קאָרטן געשפּילט, אין פּאַרק אויף די בענק שפּילן אין „דופּאַק״. „טוישן דאָס מעבל״; איבערפירן די וועגענער פון איין בעל־עגלה צום צווייטן, צובינדן אימעצן אַ קאָזע צום פענצטער, איבערפירן דאָס האָלץ פון יונה פון די כלים צו זיין ברודער דעם אָרעמאַן, יאַנקעלע „נאמנות״. די „אַכטעלעך״ בראַנפן פאַרשטעקן אין עמוד אין די קלויזן, פלעגט מען אויסטרינקען און אָנפילן די פלעשלעך מיט וואַסער. פרייטיק צו נאַכט פלעגט מען פון די באַלקאָנען די געדרעלעוועטע פיש אַראָפּנעמען און זיך מיט זיי „פלאָגן״ ביז אין דער פרי.

יעדער יאָרגאַנג פון פלאַגערס פלעגן אויסדערציילן זייערע „אויפטועך״. יעדעס יאָר האָט מען זיך באַמיט איבערשטייגן די „אויפטועך״ פון פאַריקן יאָר.

די פלאַגער־צייט איז פאַרבונדן מיט אַ קאָמישן עפּיזאָד, וועלכער האָט פּאַסירט אין די עסטרייכישע צייטן מיט גדליה, מאיר גדליה׳ס, בעת ער איז געשטאַנען פאַר דער

מוסטערונג־קאָמיסיע. גדליה איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ „צעדרייטן״, פּיזיש אָבער איז ער דער קאָמיסיע געפעלן, מען האָט אים באַשטעטיקט. פאַלט איין גדליה׳ן בעטן דעם מיליטערישן דאָקטאָר, ער זאָל אים דערלויבן איבערצוציילן די „שיינע גאָלדענע קנעפּ״ פון זיין מונדיר. דער דאָקטאָר איז געבליבן זיצן אַ צעטומלטער און גדליה האָט אָנגע־הויבן ציילן פון אונטן אַרויף. ווי נאָר ער איז צוגעקומען צום אויבערשטן קנאָפּ, האָט ער דערלאַנגט דעם דאָקטאָר אַ שנאָליץ איבערן נאָז, אַז יענער האָט דערזען זיין „עלטער באָבען״. דער דאָקטאָר האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אויסגעשריגן „ראָוס מיט דעם אידיאָט״ און גדליה איז קיין זעלנער נישט געוואָרן.

## שבת־הגדול

איניקע וואָכן פאַר פּסח האָט זיך שוין אין שטאָט געפילט אַ הייטערקייט, מען האָט זיך אָנגעהויבן צוגרייטן צום יום־טוב.

מאַמעס מיט די קינדער ביי דער זייט, זענען אַרומגעגאַנגען איבער די געוועלבער איינקויפן נייע בגדים, די שניידערס, זענען געווען באַלאָדן מיט באַשטעלונגען. ס׳האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון קאַלעכן, כשרן און גליען. די בעקערייען האָבן זיך געגרייט צו מצות באַקן און אין דער לופט האָט זיך שוין געגומען פילן דער גערוך פון געפּרעגלטע כרעמזלעך.

ווייבער האָבן אָנגעהויבן דיסטילירן די בוטלעס וויין, ווישניאַק, פון בוידעם אַראָפּגענומען דאָס פּסחדיקע געפעס, קינדער האָבן אָנגעקוואָלן: אָט, אָט און מען וועט באַנייען די נייע בגדים און שיך — דער עיקר מען וועט שפּילן אין ניס.

יעדער, אָבער, האָט זיינס אין זינען. די שטאָט־לצנים, די קאַטאָוועסניקעס, האָבן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז פאַר פּסח איז פאַראַן אַ שבת־הגדול און מען דאַרף באַזאָרגן די פאַרכעס מיט באַן־בילעטן קיין מצרים. ביי משה העלד אין זייטיקן שטיבל פון געוועלב, איז געווען דער „שטאַב״, וועלכער האָט געזאָרגט פאַר דער צוגרייטונג. די „גרינגע קעפּ״, האָבן געלאָזט דרוקן ריכטיקע נאָמענטלעכע באַן־בילעטן.

פאַר וועמען פריילעך, פאַר יענע אָבער, וועלכע זענען געווען די באַוווסטע קאַנדי־דאַטן קיין מצרים — איז דער שבת־הגדול געווען אַ שוואַרצער שבת, זיי פלעגן דעם טאָג בלייבן אין די שטיבער אַפילו צום דאַווענען נישט געגאַנגען. הינטער זייערע פענצטער פלעגן זיך שוין יונגוואַרג זאַמלען, זינגען דעם באַוווסטן „מאַרש״: „שבת־הגדול אַ גרויסער טאָג, אַלע פאַרכעס גייען צום צוג״.

די לעצטע יאָרן פון נאָכן צווייטן וועלט־קריג איז די „טראַדיציע״ פאַרבלאַסט געוואָרן, דער שבת־הגדול האָט פאַרלוירן פון זיין חן, די פאַרכעס האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

# כלי־זמר און חתונות

פאַרצייטן און אויך ווי מיר געדענקען, פלעגט מען די חופה שטעלן נעבן דער גרויסער שול. ווייבער אין שטערן־טיכלעך, אין שפּיצן־שאַלן, אַטלאַסענע לאַנגע קליידער מיט האַפט און צירונג. די באָבעס פלעגן מיט די קוילעטשן חתן־כלה אַנטקעגנטאַנצן.

דער חתונה־מאַלצייט פלעגט צוגעגרייט ווערן אין דער היים, אָדער מען האָט געדונגען אַ זאַל, געוויינטלעך ביי לייב פיש אין שענק. געווען „שטילע" חתונות און „הוטשנע", דאָס הייסט באַגלייט מיט כלי־זמר. די אַזוי גערופענע „שטילע טרויאונגען", פלעגן פאָרקומען אויף דער באַן־סטאַציע פון כריפלין.

אין טאַלמיטש האָט דוכט זיך נישט געטראָפן, אַז אין טאָג פון דער חופה זאָל דער חתן „אַוועק", אָדער די כלה זאָל אַנטלויפן מיט אַ שקץ. ס'האָט אויך נישט געטראָפן, ווי למשל אין טיסמעניץ, אַז בעת דער חופה זאָלן חתן־כלה אין דער ערד איינגעזינקען ווערן. דורות־לאַנג איז דער דאָזיקער פלאַץ געבליבן פאַרצוימט. ס'האָט יאָ געטראָפן, אַז אין דער „וואַך־נאַכט" איז אַ קימפּעטאָרן פאַרשוווּנדן, „פאַרכאַפּט פון נישט גוטע", ווייל מען האָט פאַרגעסן אויף די ווענט פון שטוב, ווו די קימפּעטאָרן איז געלעגן אויפצוהענגען „שיר המעלות'ן".

דער עיקר — די כלי־זמר: צו אַ „בעסערער האָכצייט", פלעגט מען אַראָפּברענגען צוגאָב־שפּילער פון סטאַניסלאָוו. אויך דער „מאַרשאַליק" משה־מענדל איז געווען אַ סטאַניסלאָווער. אויסער די אָרטיקע מוזיקאַנטן ווי דוד וויינטרויב (דיאַפּריק) אויפן פידל און דוד טרעגער אויף דער גרויסער פויק און טאַצן, האָט מען פון דער פרעמד צוקאָפּטירט אַן „ערשטן" פידל, אַ פלייטיסט, אַ קלאַרנעטיסט און אַ קאָנטראַ־באַס.

דער ערשטער פידלער איז געווען אַ הויכער דאַרער ייד, ווי ער וואָלט אָקאָרשט זיך באַדאַרפט איינברעכן אין דרייען. ביים שפּילן פלעגן זיך אויף זיינע באַקן־פלעמלעך ראָזלען, די קליינע אייגעלעך האָבן אומרואיק געפינקלט, דאָס געשטיצטע בערדל האָט זיך אַ הויב געטאָן און אויסגעזוצן ווי אַ פריש־אויסגעשווענקטע קאַלעך־באַרשט. ווי נאָר ער איז אַריין אין טראַנס, פלעגט ער דעם קאָפּ נידעריק צובייגן נאָענט צום פידל, איינהערן זיך, מעשה ציגיינער.

נעבן אים דער קאָנטראַבאַסיסט, אַ דיקלעכער, אַ רודנער ייד, מיט אַ לאַנגער באָרד וועלכע פלעגט אַ האַלבן באַס־צודעקן. ביים ציען אַרויף און אַראָפּ מיטן סמיטשעק, פלעגט ער אָפּט איינדרימלען.

דער קלאַרנעטיסט, אַ נידעריקער יונגערמאַן מיט טשאַפּליך־וואָנסן, טרעלנדיק די טענער, פלעגט ער זיך וואַרפן אויף רעכטס און לינקס, געצויגן אויף דער „הויכער אָקטאַווע" און זיך באַמיט איבערפייפן דוד דעם טרעגערס פויק־טאַצן.

ווי נאָר דער „מאַרשאַליק" האָט אויסגערופן דעם ערשטן דרשה־געשאַנק און געהייסן אויסשפּילן אַ „גאַנץ פיינעם מזל־טוב", האָט דוד געגעבן „טעמפּאָ" מיט אַלע כלים, אַן אָנצוהערעניש די געסט, אַז דוד שטייט נישט אָפּ פון די פרעמדע כלי־זמרים.

נאָכן באַזינגען די כלה און נאָכן ערשטן „מצוה־טענצל", איז דער עולם אַריין אין שווונג און געלאָזט זיך ווילגיין ביז האַלבער נאַכט.

## די באָד

געווען אַ באָד מיט אַלע פּיטשעווקעס. נאָך איידער מען האָט דערזען דעם בנין, האָט מען שוין פון ווייטן געשפּירט דעם באָד־ריח.

אין אַן אַלטער חורבה נאָך פון פאַרן ערשטן וועלט קריג, האָט זיך געפונען אונדזער שטאָטישע באָד, אונדזערע זיידעס האָבן זיך נאָך דאָרט געבאָדן, כשרה יידענעס צו טבילה געגאַנגען. שוויס פון דורות האָבן יענע ווענט אין זיך איינגעזאַפּט.

דער בנין האָט זיך געפונען צווישן דעם הויז פונעם טויבן בלעכער, פרידמאַן און דעם ברעטער־סקלאַד פון משה פּיש. צוויי רוימען געווען. אינעם גרעסערן רום, די ווילד־גרויסע פאַרגעלטע וואַנעס און דערנעבן די מקוה. אַ שייד־וואַנט האָט אָפּגעטיילט די אייניקע איינצל־וואַנעס פאַר „בעסערע" געסט. פון די ווענט האָט שטענדיק גערונען, געטריפט די אָנגעזאַמלטע פאַרע איבער דער פאַרזשאַווערטער אינסטאַלאַציע. געל־גרינע גזשיב־פלעקן ווי אַ צרעת, האָבן זיך איינגעפרעסן אין יעדן ווינקל פון די ווענט. אַ ווידערקול האָט מורהדיק אָפּגעהילכט אין די באָד־רוימען.

אַ שמאָלער קאָרידאָר האָט אָפּגעטיילט פון שוויץ־רום אין וועלכן ס'האָבן געפירט טרעפּ ביזן סופיט. בעת מען האָט אָנגעהויבן אונטערגיסן שעפלעך וואַסער אויף די צעגליִעטע שטיינער, האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער וועט־געיעג, ווער וועמען, וועט איבערשטייגן און אויסהאַלטן די היץ אויפן העכסטן טרעפּל. אויך קריסטן פלעגן קומען קוויקן זיך מיט אַ שמיץ פון דעמבענעם בעזעמל איבערן צעבריטן רוקן.

געווען עפּענען די דרויסן־טיר, און פון אינעווייניק האָט אַ זעץ געטאָן די הייסע פאַרע אויסגעמישט מיטן באָד־ריח. אַ געשריי, געפּילדער, איינער האָט איבערגע־שריגן דעם צווייטן: געראָפן גיסן וואַסער אין צעגליִטן אויוון. „נאָך אַ שעפל"! „נאָך צוויי!"

אין דער גיהנום־היץ האָט זיך געהערט אַ פּאַטשעריי פון דעמבענע בלעטער בעזעמער, גלייך איבער די רוקנס.

גראַד די זקנים, זענען געווען די אויסגעהאַלטנסטע „שוויצערס”, אַזעלכע ווי עוזר, וועלכער, האָט זיך פאַרצויגן מיט אַן אַסטמאַטישן הוסט, נפתלי דער בלינדער, אורן פאַרעך (לויטמאַן) וועלכער איז שוין קוים אויף די פיס געגאַנגען פלעגט אין שוויץ ממש אויפלעבן, יחיאל בעקער א. א. וו.

הגם קיין שוועבל־בעדער — זענען נישט געווען, האָט אָבער אַן איבלדיקער שוועבל־גערוך פאַרפעסטעט די לופט. דער בעדער איז געווען אייזיק „פיאַקערניק”, וועלכער האָט פיל יאָרן געוווינט אין ווין, אַ הויכער דיקער שוואַר־אָטעמדיקער גוטמוטיקער ייד. זיין ערשטער געהילף איז געווען מיכאַש דער באָד־גוי, מיט צוויי רויטע באַקן־בערד, אָנגעטאָן אין אַ עסטרייכעריש־מיליטער היטל. מיכאַש איז געווען ממש אַ גלגול, נישט פאַרמאָגט איז זיך קיין טראָפּן גוייִשקייט. פאַר פסח פלעגט ער שוין אין זינען האָבן קומען צום דיין אויסקויפן דעם פאַרשריבענעם חמץ אין די שטר־מכירות.

פרייטיק נאָך מיטאָג, האָט מען געקענט זען יידן מיט אויסגעצוואָגענע בערד, ווישנדיק זיך מיט די פּאַטשיילעס די רויט־צעשוויצטע פּנימער און לאַנגזאַם, צופרידענע געגאַנגען אַ היים, גרייטן זיך צו קבלת־שבת.

# דער אַלטער בית־עולם

אין די פּאַרכטיקע אלול־טעג פלעגט יאָר־יערלעך, אין די פריע מאָרגן־שעהן זיך הערן אַ לייכטער קלאַפּ אין פענצטער. יאָשע שמש, איז יעדעס יאָר געקומען דער־מאָנען, אַז ס'איז צייט אויפצושטיין, גיין אויף קבר־אבות, צום אַלטן בית־עולם.

יאָשע מלמד, איז געווען דער איינציקער, ביי וועמען ס'איז געווען דער שליסל צום טויער פון בית־עולם און נאָר ער פלעגט אויסגעפינען ערגעץ — ווו אין די טיפע גראָזן, אַלטע האַלב־פאַרזינקענע מצבות פון אַן עלטער זיידן און באָבען.

די מצבות זענען געווען איינגעהילט אין טונקל־גרינעם מאָך, קוים וואָס מען האָט געקענט איבערלייענען אויף זיי אַן אות. אויפן אַלטן בית־עולם האָט מען געקענט געפינען מצבות משפחה־קברים דאַטירט נאָך פון כמעלניצקיס פּאָגראָם־יאָרן.

אַן אימה פלעגט באַפאַלן, די שאָטנס האָבן זיך געוויגט אַהין און אַהער. אַ מורא־דיקע שטילקייט האָט איינגעהילט די רעשטלעך סימנים פון דורות־משפחות.

דער בית־עולם איז געלעגן אויף אַ גרויסן אַרומגעצוימטן פּלאַץ מיט אַ הויכן מויער. דער אַריינגאַנג אַהינצו איז געווען פון סלאָוואַצקי־גאַס, פון דער צווייטער זייט האָבן זיך געזען די האַלץ באַריערעס, ווו ס'איז געווען די ענדע סטאַציע פון דער „לאָקאַלער” באַן.

אין די זומער־פאַרנאַכטן, פלעגן ייִנגלעך אַהינצו גיין, אַרויפדראַפּן זיך אויפן

הויכן פאַרקן פון דאָרט דערלאַנגען צו די צווייגן און רייסן טערפקע באַרעלעך פון די בית־הקברותביימער. פאַר תשעה־באָב פלעגן חברה דאָרט אָנרייסן בערעלעך.

פון ווייטן אין אַ ווינקל נאָענט צום טויער, איז געשטאַנען אַ שטיבל. דאָרט איז געווען דער קבר פון ר׳ זיסיעלען. יידענעס פלעגן צינדן ליכט פאַרן רבינס אייביקע רו.




בית־ספר למשק־בית בטלומץ׳ ווירטשאַפט־שול אין טאָלמיטש




תחנת הרכבת בטלומץ׳ די באַן־סטאַציע אין טאָלמיטש

# מיין זיידע דער דיין נאָטע־שמואל

דריי זין זענען געווען ביי מיין עלטער־זיידן משה: שלמה, יוסף־שייע און נאָטע־שמואל (נתן־שמואל). נאָך דער פטירה פון ר׳ שמואל מרגלית, האָט מיין זיידע איבער־גענומען דעם כיסא־הרבנות. ער איז דעמאָלט אַלט געוואָרן 18 יאָר.

בעת איך בלעטער אין מיין זכרון דעם משפחה־אַלבום, העלט פאַר מיר אַמבולטסטן אויף דער פאָרטרעט פון זיידן, עס דאַכט זיך מיר, אַז איך פיל אויף זיך זיין אָטעם. איך זע יעדן קאָנטור־שטריך פון זיין געזיכט־אויסדרוק, דעם ערנסטן, אָבער דערביי מילדן בליק זיינעם. פון מיינע יינגסטע יאָרן, האָב איך שטענדיק געפילט אַ יראת־הכבוד צום זיידן, נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ רב, אַ תלמיד־חכם, נאָר מער פאַר אַלץ האָב איך רעספעקטירט אין אים דעם בעל־שכל, דעם מענטש פון טאָלעראַנץ און טאַקט, די איינגעבוירענע אינטעליגענץ אין אים. ער איז געווען ערלעך, פרום־אָפּגעהיט, דאָס האָט אָבער נישט פאַרשטעלט פאַר אים דעם אינטערעס פאַר וועלטלעכן וויסן.

אַ שטרענגע נאַטור געווען, אויפריכטיק און אָן מליצה אין באַצוג צו מענטשן. ס׳איז געווען אין אים אומרו און שלוה צוגלייך, מער ישוב־הדעת ווי סבלנות.

איך זע אים אָן איבערגעבויגענעם איבער אַ ספר, אַ פאַרטראַכטן, אַריינציענדיק טיף דעם רויך פונעם לאַנגן בורשטינענעם ציגאַרן־שפּיץ און בלעטערנדיק דף נאָך דף. די דיקע ברילן־גלעזער אויף זיין עטוואָס געבויגענער פלאַכער נאָז, פלעגן נאָך בולטער מאַכן דעם ערנסט אין זיין בליק. אויף ביידע זייטן שלייפן פונעם הויכן געריינצלטן שטערן, האָבן אָנגעשטרענגט פולסירט דורכזיכטיקע דינע אָדערן, ווי זיי וואָלטן סעקונדירט דעם גאַנג פון זיינע מחשבות. ווען ער פלעגט מיד ווערן, — האָט ער דעם ספר פאַרמאַכט און מיט זיינע לאַנגע פינגער געלאָסן באַרירט די שוואַרצלעך־גרויע, ציכטיק־געפלעגטע באָרד.

אַ שתקן איז ער געווען, דער זיידע, פלעגט אויסמיידן סתם געשפּרעכן. ער האָט ליבער געהאַט אויסהערן אַנדערע. ביי אַ דין־תורה האָט ער זיך באַמיט ברענגען די צדדים צו אַ פשרה. ווען ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן און אָנגעהויבן זאָרגפעליק אויסגלאַנצן די גלעזער — האָט דאָס באַדייט, אַז ער גרייט זיך אַרויסצוטראָגן דעם פסק־דין, ווי די קצבים פלעגן זיך אויסדרוקן: „אַ ריינע דין־תורה״.

אַ זעלטן גוטן זכרון האָט ער, דער אַלטער דיין פאַרמאָגט. מיט גענויקייט פון

יאָר און טאָג געדענקט סיטואַציעס, דאַטעס און מענטשן. דער זכרון האָט אים נישט פאַרלאָזט, ביזן סוף פון זיינע 84 לעבנס־יאָר.

קיין חסיד איז ער נישט געווען, מיטן אויסנאָם פון דער פּערזענלעכער פאַרערונג און פריינטשאַפט, וואָס האָט אים געבונדן מיטן אָטינער רבין, ר' חיימל האַגער ז"ל, מיט וועלכן דער זיידע פלעגט פאַרברענגען איניקע שעה, בעת דעם רבינס באַזוך אין טאָלמיטש.

זעלטן פלעגט דער זיידע דרשנען, אָדער מוסר זאָגן. גיכער האָט ער געדינט אַלס ביישפּיל ווי אַ שטראָפער. דאָס איינציקע מאָל, וואָס איך האָב אים געהערט אַרויס־טרעטן, איז עס געווען אין דער גרויסער שול, לכבוד דער דערעפענונג פון דער העברעישער אוניווערסיטעט אין ירושלים.

עס פלעגט מיך נישט איין מאָל פאַרדריסן, פאַרוואָס דער זיידע מאַכט מיר קיינמאָל נישט די מינדעסטע באַמערקונג פאַר מיין פרייע אויפפירן. כ'האָב עס באַטראַכט פאַר אַ זלזול פון זיין זייט.

אַ טריבער מערץ־טאָג איז עס געווען. די רעשטלעך שניי האָבן זיך פונאַנדער־געלאָזט אונטער די פיס. אַ לאַנגע מחנה יידן, יידענעס און קינדער, זענען נאָכגעגאַנגען דעם ארון פונעם דיין נאָטע־שמיל, — באַגלייטנדיק אים אין זיין אייביקער רו.

אפרים שרייער

רבקה שטאָקהאַמער

# מיין פאָטער דער חזן

פון מיטעלן ווּקס, אַ ברייט־פּלייציקער, איז ער געווען מיין פאָטער, דער טאָלמיטשער חזן אברהם שטאָקהאַמער. מיט לאַנגזאַמע טריט פלעגט ער שפּאַנען אַ פאַרטראַכטער, אויף זיין געזיכט אַ שטענדיקע שלוה. אַ שטילער ניגון האָט זיך געהערט, אַ ניגון פון אַ תפילה, אָדער אַ יידיש פאָלקסליד. אויך זיין אינערלעכע וועלט איז געווען אַבסאָרבירט פון קלאַנגען און ניגונים. אין די פרייע מינוטן פלעגט ער נישטערן צווישן לידער־זאַמלונגען, נאָטן און מקורות פון פאָלקלאָר. איך געדענק אים שטענדיק מיטן קאַמער־טאָן אין האַנט — אַ טאָן העכער, אַ טאָן נידעריקער אין דער סקאַלע פון זיין לירישן טענאָר.

נישט פרעמד איז מיין פאָטער געווען די קלאַסישע רוסישע מוזיק. געבוירן אין בערדיטשעוו, האָט ער פון קינדוויז אָן איינגעזונגען אין זיך דעם אַוקראַינישן פאָלקס־

מאָטיוו. הגם מיין פאָטער איז געווען זייער פרום, האָט דאָס אים נישט געשטערט צו אַרבעטן מיט קירכלעכע סאָליסטן, לערנען זיי די קלאַנגען פון „אַווע־מאַריי".

געלערנט האָט ער זינגען ביים רוסישן חזן נסים בעלזער, באַפריינדעט געווען מיט די חזנים סיראָטאַ און קוסעוויצקי. זיין געהאַלט וואָס ער האָט באַקומען פון קהל איז געווען אַ באַשיידענער, פלעגט ער אויך צוגרייטן די כאָרן צו די פאַרשידנסטע פייערלעכע מלוכה אַרויסטריטן אין שטאָט. אין מיינע אויערן קלינגט נאָך דער ציטער פון זיין שטימע ביים צוגרייטן זיך צו „כל־נדרי". הגם אַליין נישט קיין עושר פלעגט ער יעדן פרייטיק צו נאַכט מיטברענגען פון שול אַן אורח, איינטעהנען, אויספרעגן.

ווו איז יענער ניגון? ווו זענען די תפילות? פאַרשוווּנדן זענען זיי און אויסגע־מישט מיטן צעשטויבטן געביין פון דער קהילה.

# סילועטן

יעדעס שטעטל האָט פאַרמאָגט אירע געשטאַלטן, טיפּן אויסגעבונדענע און פאַרוואָרצלטע אינעם דורותדיקן שטייגער־לעבן. זאָלן מיר נאָר דערמאָנען אייניקע פון אונדזער שטאָט.

ווער געדענקט נישט מאיר סופר? האָט מען דען באַדאַרפט אַזויפיל ספרי־תורה׳ס אין אַ קליינער שטאָט? אָבער מזוזות, פּרשות צו תפילין האָט מען יאָ באַדאַרפט. מאיר סופר, איז אייגנטלעך געווען אַ צוגעקומענער פון דער פרעמד. אַ מתבודד איז געווען מאיר, אַפילו אין גאַס פלעגט ער גיין אין אַ זייט, שאַרן זיך ביי די הייזער, ווי ער וואָלט זוכן אַן אָנשפּאַר, זיין אויסגעמאַטערטער גוף זאָל פון ווינט נישט אַוועקגעטראָגן ווערן. אַ שיטער בערדל האָט זיך געשאָקלט אויף זיין פאַרמעט־פאַרגעלטן געזיכט. פון זיינע מידע אויסגעלאָשענע אויגן האָט אַרויסגעבליקט אַ מוראַדיקע עלנטקייט. אַ פאַר־שלאָסענער אין זיך, איז מאיר סופר געווען. צו אַלע צרות פלעגן אייניקע בעלי־בתים אויסרעדן, אַז מאיר איז „יאַקאָבי״ „קל״, ער היט נישט אָפּ לפי־הלכה די טבילה פאַרן שרייבן אַן „אות״.

אָדער למשל, אַ ייד ווי ס׳איז געווען שמואל פאַטשקע, (פאַטשקע קעלבער), אַזוי פלעגט מען אים רופן, ווייל אין די יוגנט־יאָרן איז ער געווען אַ שוסטער־לאַטוטניק. מיר געדענקען אים שוין אַלס חברה־קדישא מאַן, שפּעטער אַ הענדלער מיט אויבסט, אַ היטער פון סעדער. פונעם אויסגעריבענעם קאָלנער פון זיין שוואַרצן אויבער־ראָק אַפויר האָט אַרויסגעשטעקט אַ קליינער קאָפּ מיט אַ פאַרשאַרט קאַפּעלושל. אַ דראָבנע געקרייזלט בערדל, די הויט אויף זיין טונקל פּנים, ווי די אויסגעטריקנטע שעלעכעס פון אַ באַרנע. אומהיימלעכע דורכדרינגלעכע בליקן, אין איין אויג אַ ווייסע בעלמע. אין די פאַרנאַכטן, צווישן מנחה און מעריב, פלעגן אים אַרומרינגלען די יינגלעך און אויס־הערן די אויסטערלישע מעשיות וועגן מתים. עס פלעגט טרעפן, האָט פאַטשקע דערציילט, אַז אַ מת „נישט דאָ געדאַכט״, — האָט נישט געוואָלט פאַרמאַכן די אויגן, אַ סימן, אַז מען האָט אים נישט נוהג כבוד געווען. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט ער אַליין, פאַטשקע, מוזן צווינגען דעם מת שליסן די אויגן, דערצו איז נויטיק געווען זיין איינציקער בליק. פון טאָש פלעגט ער געהיימנישפול אַרויסציִען אַ פאַרגעלט ספר׳ל, ווייזנדיק מיטן פינגער: „דאָ זענען אַלע סודות פון חברה־קדישא״. נאָך אַזעלכע מתים־געשיכטעס פלעגט מען ביינאַכט נישט קענען איינשלאָפן.

ראובן שניידער האָט אויף די עלטערע יאָרן צוליב מצוה וועגן, זיך אָפּגעגעבן מיט תכריכים נייען. אויף זיינע רונד־געבויגענע פּלייצעס איז מאַסיוו געזעסן אַ גרויסער קאָפּ, אין די קריסעס פון האָביק־הוט האָט אַרויסגעשפּיזלט די איינגעפּאַדעמטע תכריכים־נאָדל. מיט לאַנגזאַמע שווערע טריט פלעגט ראובן שפּאַנען קוקנדיק גלייך פאַר זיך. אַ שרעק פלעגט פאַלן אים צו באַגעגענען און אַ קוק טאָן אין זייט אויף די קריסעס פון זיין הוט, ווו ס׳האָט געשטעקט די נאָדל.

קעגנאיבער דער גרויסער שול, האָט געוווינט שלמה טאַמבאַר, זעלדע דער האַרבאַטעס פאָטער. אַ נידעריקער געווען, מיט אַ פאַלקסטימלעך ליבן געזיכט, מער באָרד ווי געזיכט. „טאַמבאַר״, האָט מען אים גערופן, ווייל פאַרצייטנס האָט שלמה געדינט אין מיליטער אַלס פּויקער אין אָרקעסטער פון רעגימענט. מיר געדענקען אים שוין אַלס שמש אין „מלאכימס״ קלויז, אויפן אָרט פון שמעון שמש. ער איז אויך געווען אַ וועכטער אין סעדער.

ס׳האָט פּאַסירט אין איינעם אַ טאָג, — האָט דערציילט זיין אייניקל, מענדל זעלדעס, אַז שלמה איז אַהיימגעקומען פריש און געזונט, געבעטן אַ קאַרטל, בכדי אָנצושרייבן אַ פּאָר ווערטער צו די קינדער קיין אַמעריקע. דערנאָך געהייסן אויסשפּרייטן שטרוי אויף דער פּאָדלאָגע און אָנצינדן ליכט צוקאָפּנס. די קינדער האָבן זיך געפּרוווט ווערן פון אַלטנס פּאַרלאַנג און צום סוף אים צוליב געטאָן. שלמה האָט זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד, פּאַרמאַכט די אויגן און געשטאָרבן.

עלע פרידעלעס איז געווען אַ לעבעדיקער אינדעקס פון געשטאָרבענע, געפירט דעם חשבון פון יאָרצייטן, באַזונדערס פון רבנים און גוטע יידן. זיין הויפּט־פּרנסה איז געווען מאַכן „מי־שברך׳ס״ און „אל־מלא־רחמים׳ס״. אויסער דעם, פלעגט ער אין די ירידים־טעג צוהאַנדלען מיט אַ „בינטל״ תבואה. בעת׳ן מאַכן אַ „מי־שברך״, פלעגט מען אין דער אינטאָנאַציע און לייגן דעם טראָפּ אויף די ווערטער, געניי וויסן, צי דאָס איז פּאַר אַ גביר, אָדער אַן אָרעמאַן. עלע פלעגט נישט פיינט האָבן דעם „ביטערן טראָפּן״. באַזונדערס שבת צו שלוש סעודות אין ר׳ זיסיעלעס קלויז, האָט זיך ביי עלען פונאַנדער־געשפּילט דער דמיון און פלעגט אָנהויבן דערציילן, זייער בילדעריש, אימפּראָוויזירן פּאַסירונגען מיטן רב ר׳ בער, בעת זיינע נסיעות איבער די וועגן און אין די קרעטשמעס. געשיכטעס וועגן גזלנים און „נישט גוטע״, וועלכע פלעגן זיך פּאַרשטעלן פּאַר באַראַנעס און פּאַרהאַלטן די פערד און וועגענער אויף די וועגן. זיין פּנים האָט דאַן געפלאַמט מער ווי שטענדיק, מילך־בלוי איז געוואָרן זיין דאַרע שאַרף־קאַנטיקע נאָז. אין עקסטאַז פון דערציילן איז ער אַריבער צו ניגונים, אַזוי ביז שפּעט אין אָוונט.

קען מען דערציילנדיק נישט דערמאָנען זלמן ביילעס (האַכמאַן)? (זיין ווייב האָט געהייסן ביילע). אַ בכבודיקער אָרעמאַן, איז געווען זלמן, טריי זיין שטאַנד. ער מיט ביילען האָבן געוווינט אין אַ קליין בוידעם־שטיבל. זיין פּרנסה האָט זלמן צונויפגע־

שטוקעוועט פון געבן „פריוואַטע" לעקציעס, לערנען שרייבן דייטש מיט גאָטישע אותיות, ווי אויך אַריינגעפירט אין די ערשטע שריט פון אלף־בית, אויסער שיין שרייבן, קאַליגראַפיש אויך געלערנט די קינדער „גוטע זיטן". שטענדיק אַ פאַרטראַכטער, גערעדט שטיל, פאַרזיכטיק, פריינדלעך. גערעדט אַ דייטשמערישן יידיש, ליב געהאַט ציטירן געטען און שילערן. אַלע יאָרן געדענקען מיר אים אין דעם זעלבן אָפּגעטראָגענעם פאַר־געלבטן דריי פערטל אויבעררשאָק — אָבער שטענדיק זויבער. אַ בערדל, — אַ בינטל שיטערע געלע האָר אויף זיין עטוואָס ווייבערישן געזיכט. איין אויג פאַרשטאַרצט איז ביי אים געווען, אין אויג אַ גרויסע ווייסע בעלמע. אומהיימלעך געווען, ווייל בעת ער האָט אויף דיר געקוקט, האָט אויסגעוויזן, אַז נישט דאָס געזונטע אויג קוקט, נאָר דאָס פאַרשטאַרצטע, מיט דער בעלמע.

אַזוי אין נחת און אין ליידן, שמח בחלקו, האָט זלמן מיט זייןביילען אויסגעלעבט די יאָרן.



עס קען טרעפן אַז אין אַ גויט־פאַל בעת אַ שטאָט בלייבט אָן אַ רב, אָן אַ דיין, מעג אויך אַ יידענע פסקענען שאלות. אַזוי האָט פאַסירט ביי אונדז. פאַרן צוריקקערן זיך פון דיין נאָטע־שמואל אייזנער אַלס פליט פון אונגאַרן, האָט דעם „עול" פון זיין אַ דיינ׳טע, אויף זיך גענומען די מוטער פון סרול האַלער. כ׳געדענק ווי ס׳וואָלט נעכטן געווען, אַ דראָבנע יידענע מיט אַ טרוקן אָנגעברוגזט פנים, די פאַטשיילע פאַררוקט אין אַ זייט, די ברילן־רעמלעך האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף איר שפּיץ נאָז. איך זאָג רעמלעך, — ווייל איין רעמל איז געווען לידיק און אין צווייטן האָט געשטעקט אַ האַלב גלעזל. די דיינ׳טע האָט בשלמות אויסגעפירט איר אַליין באַשטימטע שליחות און געוויס נישט מיט קיין לייכט געמיט אָפּגעטראָטן פון כיסא־הרבנות.

הגם אין שטאָט ווי אומעטום איז געווען אַ פרויען אָרגאַניזאַציע, פון דעסטוועגן האָט מיט דער אמת׳ער פאַרבאָרגענער סאָציאַלער הילף אָנגעפירט איין פרוי, — די אַלטע זיסיע הערשטשעכע, זיסיע הערש סטאָלאַרס ווייב.

ס׳האָבן זי קוים געטראָגן אירע קראַנקע פיס. אַ נידעריקע, אַ ברייטע יידענע, מיט אַ האַרציק־גוטמוטיק געזיכט. זומער און ווינטער, האָט מען געקענט זען די זיסיע הערשטשעכע מיט לאַנגזאַמע טריט שפּאַנען פון הויז צו הויז, מיטן קוישל אין האַנט, צונויפנעמען חלות, מאַנדעבורטשעניקעס, מאַלייעס, ציבעלע־פלעצלעך, אַלץ וואָס נאָר אימעצער האָט געגעבן, אויף שבת פאַר די „פאַרבאָרגענע" אָרעמעלייט, פאַר די, וועלכע שעמען זיך און פאַרהוילן זייער נויט.

יאָרן־לאַנג, ביזן סוף פון איר לעבן, האָט די אַלטיטשקע געטאָן איר ווילן. מיט כבוד פלעגט מען איר באַגעגענען.

מען האָט געקענט באַגעגענען אַ פרוי אַ מאָגערע, אַ בלייכע, אַ שוואַכע, אַ זייער איידעלע, צניעותדיקע און פריינדלעכע. פון וויטן האָבן דערוואַקסענע און קינדער אַנטקעגנגעטראָגן איר דעם „גוטן מאָרגן", דעם „ס'קאָצל קומט".

פלעגט זי באַגעגענען אַ קינד, האָט זי עס אויסגעפרעגט: ווי הייסטו, ווער זענען דיינע טאַטע־מאַמע; האָט זי באַגעגנט די עלטערן, פלעגט זי אויספרעגן אויף די קינדער. אַלעמען געקענט, דאָס איז דאָך געווען די שטאָט־מאַמע, ביי אַלעמענס געבורט געווען, די הייבאַם, פרומע די באָבע. זי פלעגט שטענדיק איבערחזרן מיט אַ באַזונדערע הנאה איר זכות: „פאַר אַלעמען זענען די קינדער מיינע און שפעטער די מוטערס".

ווען פרומע איז געשטאָרבן האָבן אַלע קינדער באַגלייט איר ארון, און ווער זענען נישט געווען „אירע קינדער" אין שטאָט?

זאָל דערמאָנט ווערן כאָטש אין געציילטע פאָר ווערטער דער אַלטער חזן פון דער גרויסער שול שלמה חזן. נישט קיין חזן, נאָר אַן אָפּגעהיטער ערלעכער בעל־תפילה איז שלמה געווען. אַ זקן מיט אַ שניי־ווייסער באָרד, אַלע פלעגן, געדענק איך, זאָגן: — „נישטאָ אַזעלכע יידן ווי ר' שלמה חזן".

מוצאי־יום־כיפור איז שלמה'ן שלעכט געוואָרן און ער איז אַוועק פון דער וועלט ווי אַ צדיק. די לוויה איז געווען טאַקע מוצאי־יום־כיפור ביינאַכט, מיט ליכט אין די הענט, אַלט און יונג האָבן געוואָלט טראָגן דעם ארון פון שלמה חזן.

אפרים שרייער

# יידן — אַ שטאָט מיט יידן

ווער איז בכוח אויסצורעכענען און דערמאָנען די משפחות און יחידים, די בעלי־מיוחסים און פּראָסטע פּאָלקס־יידן, די לומדים און עם־הארצים פון אונדזער שטאָט פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, אָדער דעם עלטערן דור פון נאָכן וועלט־קריג.

זאָלן מיר כאָטש דערמאָנען אייניקע, יענע, וועלכע מיר האָבן געקענט און יענע וועגן וועלכע מיר האָבן געהערט פון זיי דערציילן.

צו אַזעלכע פּאָפּולערע משפחות האָט געהערט אַלערהאַנד, אַ הויפּט־ליפעראַנט פון היי אין קעניגלעכן הויף קיין ווין. מען פלעגט דערציילן, אַז בעת דער קרוין־פּרינץ פלעגט קומען קיין קאָלאָמיי אינספּעקטירן זיין רעגימענט, איז ער געגאַנגען מיט אלערהאַנדן געאָרעמט אין גאַס.

יאָסל אינזליכט (דער אַלטער יאָסל), אַ נידעריקער, מיט אַ שניי־ווייסער נאָרדוי־באָרד. געווען פון די ערשטע ציוניסטן, ווי די משפחה אינזליכט בכלל.

אויך הערש אַבנר האָט געהערט צו דער פּלעיאַדע.

ווייטער: די שטרייטס, אַבע זייפער, ביניע און איטשע עפשטיין, מאָטל קנאָל, די רעדנערס — אַלע איבערגעגעבענע ציון־טרוימער.

צום דור, וועלכן מיר האָבן נישט געקענט, האָבן אויך געהערט: משולם שטערן, צדוק ריזל, יידע־חיים שוועפּעלגייסט, שלמה־וואָלף קנאָל, שיע קאַנער, וועלכער איז געשטאָרבן אין ישראל. אַ ייד אַ וויצלער געווען: „וועסט עסן דעם פּופּיק וועסטו זיין מסופק״ — פלעגט ער זאָגן צו די קינדער. ווער האָט נישט געהערט וועגן סרול בעל־שם און זיין ווייב מישקע, יידע־בער פעכטער, דער זון פון יאָסל־טבל דעם טיסמעניצער דיין, משה אייזנער, דער פאָטער פון דיין נאָטע־שמיל, שמיל היבשמאַן, דוד מלח און זיין זון חיים מלח, עלע ריצער, אורטשע ריצער, חיים שוחט, יאַנקל שוחט, יאַנטשע באַנצי, — אַ הויכער אַ דאַרער מיט אַ פלאַטשיקער נאָז, אַ שמש געווען, דודיע שוחט.

פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געדענקען אַלע גוט יענע עלטערע יידן און זקנים ממש: אייזיק לאַנדמאַן — מיט אַ לאַנגער פאַרגעלטער באָרד און פלעשל פאות, מענדעלע נאמן, אברהם־יצחק הייזלער, משה שפּירא, וועלוול הייניץ, הערשל האַבערמאַן, שלמה אייזנער, יידל נאַגלבערג, הערצל אינזליכט, הערש דוב, משה פיש, הערש טאָרן, שלמה דער חזן — דער ניזשנעווער לערער.

ווער האָט נישט געקענט יענע פּראָסטע, וואָכעדיקע, האַרציקע פאָלקס־יידן ווי: לייב קליינער, אַ זקן, וועלכער פלעגט שפּאַסן: „אַז כ׳זע אַ לויה פאַרבייגיין — קוק איך צו האָראָדענקער, שטראָס״, ד. ה. אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג פון בית־הקברות, יאָסל לעפאָלד, חונטל לויטמאַן, וועגן וועמען מען פלעגט דערציילן, אַז בעת ער איז געלעגן אויפן טויטן בעט, האָט ער געזאָגט צו זיין משפחה, וועלכע האָט אים אַרומ־גערינגלט: „קינדערלעך, מיך אַרט נישט וואָס איך שטאַרב, נאָר וואָס אַלע אַרום מיר בלייבן און איך גיי אַליין״. חנא רעכטער, אַ ייד אַ וועכטער אין סעדער, הערצל שטרייט, פרידעלע און שמעון שמש, חנה דעם סופרס, ליפּשע די טיקעריין, הלל איינבינדער א. אנד.

נישט אַלע פון זיי האָבן געהאַט דאָס מזל אויסצולעבן זייערע יאָרן. פיל פון זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון זייערע קינדער און אייניקלעך.

# שלמה דער רימער

שוין אייניקע טעג אַז עס האָט נישט אויפגעהערט צו רעגענען, — אַ פריקרע שפּילעווודיק פוילער אלול־רעגן, די בלאָטעס פון אונדזער שוואַרץ־ערד, האָבן זיך איינגעגעסן אין די ביינער. די לופט מיט רויך אָנגעפּילט, בליי־גרויע וואָלקנס האָבן אָנגעזאָגט שווערע אָסיען־טעג.

אויף דער וועדבאָווע־גאַס עק סאָווע־גאַס, נעבן בנין פון דער אַלטער גימנאַזיע, איז געשטאַנען אַ נידעריק הייזל, איז וועלכן ס׳האָט געוווינט שלמה רימער. פון פאַרגרינט מאָכיקן שינדל דאַך, וועלכנס קריסעס, האָבן ווי צויטן אַראָפּגעהאָנגען, האָט רעגן געפּלוסקעט איבער די געל־ליימיקע פּליכעס פון די ווענט, שנירלענדיק זיך איבער די שויבן פון די צעקרומטע קליינע פענצטער. פון די צעלעכערטע רינוועס, האָט חוצפּהדיק געשפּריצט.

פאַרן הייזל האָבן זיך געזאַמלט מענטשן, יידענעס אין פּלעטן איינגעהילט, אויך שלמה טאָמבאָר צווישן זיי — אַן אָנזאָג פון אַ שלעכטער בשורה — שלמה רימער איז געשטאָרבן.

אַ פּראָסטער ייד געווען שלמה, אַ בעל־מלאכה, אַ רימער. געלעבט פון נאָל און דראָטווע. שטיל, אומבאַמערקבאַר, צו קיינעם קיין תרעומות געהאַט, אַ צופרידענער. אין שלמה׳ס תמימותדיקע קליינע אויגן איז געווען גוטמוט, שלווה, אפילו עפּעס קינדערישעס. אַ נידעריקער, אַ דראָבנער און רירעוודיקער, אַזוי פלעגט מען אים זען גאַנץ פרי לויפן צום ערשטן מנין. אַ קורץ געדיכט פלאַקס בערדל האָט באַצוימט זיין טונקעלע אָליוון־גרין פאַרהאָרעוועט גלאַנציקע הויט אויף זיין געפאַלדעוועטן געזיכט זיינעם.

שבת פלעגט שלמה אָנטאָן זיין פאַרעלטערטן אויסגעריבענעם קאַפּטן מיטן שטריימל אויפן קאָפּ, יעדן איינעם אַ פריינדלעכן „גוט־שבת״ אַנטקעגנגעטראָגן. פונעם דאַווענען אַ היים, פלעגט שוין שלמה נישט גיין אַליין, אַרום אים מדינה־יידן, אָרעמעלייט, וועלכע האָבן שוין געוווּסט, אַז זייער אַכסניה איז ביי שלמה רימער. אַ נאַכט־געלעגער, אַ וואַרעמען ביסן. ס׳פלעגט טרעפן, אַז ס׳איז געקומען אַן „אומגעריכטער״ גאַסט, נישט געווען אים ווו צו לייגן, פלעגט שלמה אָפּטרעטן זיין געלעגער דעם אורח און אַליין אויסבעטן זיך אויף דער פּאָדלאָגע. זיין דירה איז באַשטאַנען פון אַן ענג שטיבל, דערנעבן אַן אַלקער, ציכטיק, זויבער אין יעדן ווינקל, די אויסגעקאַלכטע ווענט, באַהאָנגען מיט משפחה־בילדער און מעשענע העסעס, אַן אויסגעהאָפטן בילד מיטן כותל־המערבי, האָט באַצירט זיין שטוב.

בײַ אַ געדעקטן טיש פלעגט שלמה זיצן מיט זײַן װײַב טױבע, אַרום די אורחים. דאָס אָפּגעהאַרעװעטע געזיכט זײַנס האָט אױפגעשײַנט, אַ פֿאַרבאַרגענער נחת אין יעדן קנײטש פון זײַן פּנים, פון די אױגן האָט געשטראַלט אַ פרײלעכדיקײט.

שטילע נגונים, זמירות האָבן ביז שפּעט זיך געטראָגן פון שלמה׳ס הױז. אױך צו הבדלה האָט מען בײַ בלאַסער שײַן פון נאַפּט־לעמפּל געפּראַװעט „מלװה־מלכה״. אַרום טיש די אורחים האָבן בײַ אַ „לחיים״ אױסדערצײלט די װוּנדערבאַרסטע פּאַסירונגען, װאָס מיט זײ האָט געטראָפן, גוזמאות װעגן אַרעמעלײַט, װעלכע זענען — אַז גאָט האָט געװאָלט — „איבערנאַכט״ אױפגעריכט געװאָרן. דערבײַ פלעגן „פינגער״ גרײכן צו דער שיסל מיט אָנגעקאָכטע שװאַרצע „קנײפּער״ פּאַסאָלעס, באָב אָדער געפעפערטע אַרבעס, צוגע־טרונקען אַ הײס גלעזל טײ פון ליפּאָװע־צװײַט. שלמה האָט געשװיגן, אױף זײַן צעשמײכלט געזיכט האָט מען געקענט זען הנאה, מיט ליבשאַפט אײַנגעקוקט זיך אין יעדן אורח באַזונדער.

זעענדיק שלמה רימער, פלעג איך טראַכטן: אױב עס זענען פאַראַן ל״ו צדיקים איז ער אײנער פון זײ.

שלמה טאַמבאַר האָט גערופן „צדק לפניו יהלך״. זײ, די אַרעמעלײַט, האָבן אין דער נידער געטראָגן דעם ארון פון ר׳ שלמה׳ן — זײער באַשיצער.

## מענדעלע װאַסער־טרעגער

געװיס װאָלט פאַרמינערט געװאָרן דער אָנזען פון שטעטל, װען ס׳זאָל נישט געװען פאַרמאָגן איר װאַסער־טרעגער — מענדעלע װאַסער־טרעגער.

אַ פאַרפאָלק פון גאָט אַלײן: מענדעלע און זײַן װײַב שײַנדעלע. ער, אַ נידעריקער מיט אַ רונד באַװאָקסן געזיכט, שיטער צעקרומטע צײן, מיט אַ שטענדיק גוטמוטיקן תמװאָטן שמײכל.

שײַנדעלע נאָך נידעריקער, אַ רונדע ײדענע מיט רױטע באַקן, גרױע אױגן, בליקן פון אַ טױטן פיש. מענדעלע האָט געטראָגן װאַסער, שײַנדעלע האָט געפליגט פעדערן — אַ פּאָר אָן אידיליע.

מענדעלע איז טאַקע געװען אַ תם, האָט אָבער ליב געהאַט זיך קליגלען, געװען אין אים עפּעס לעכערלעכס און פון פּאָלקס־נאַיװן, ליב געהאַט צו זאָגן װערטלעך און דער־צײלן װיצן.

זומער און װינטער דאָס זעלבע בילד. צװײ לעפּישע הענט מיט לאַנגע אַרבל, אײַנגעבױגן אונטער דער לאַסט פון צװײ עמערס װאַסער. מענדעלע איז געװען ערלעך, שטיל אַ שמח בחלקו, ממש אַ גילגול פון באָנציע שװײַג, מיטן אונטערשײד, װאָס באָנציע,

האָט געחלמט וועגן אַ פרישער בולקע מיט פוטער — מענדעלע, האָט געחלמט רייך ווערן, ווי הערצעלע אינזליכט, בכדי צו קענען טיילן געלט פאַר אָרעמעלייט.

אין מענדעלעס געלעכטער איז געווען חוזק, שפּאָט, ווי ער וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון עולם הזה בכלל.

# סרול „קובע"

נישט געווען, דוכט זיך, קיין איינער אין שטאָט, וואָס זאָל נישט האָבן געקענט סרול „קובע". נישט קיין משוגענער איז ער געווען, נאָר פּשוט געבליבן ביים קינדעריש; שכל. סרול איז געווען די „רעכטע האַנט" אין שטאָט. ווי וואָלטן געווען אויסגעקומען די באַלעבאַטים, באַזונדער די ווייבער אָן סרולן? האָט מען באַדאַרפט איבערשטעלן מעבל, ברענגען וואַסער, קוילן שלעפּן, אַ ראַנץ צו דער באַן, האָט דאָס אַלץ געמאַכט סרול.

זיין נעבעכדיקע אויסערלעכקייט, דאָס דעפעקטיווע לשון, זיין געלעכטער, האָבן געווירקט קאָמיש און אַרויסגערופן מיטלייד צוגלייך.

אָנגעטאָן אין אַ בגד פון אַ זאַק, אויפן קאָפּ אַ שטייפן האָביק־הוט, מיט אַ קובאַ ציגאַר אין מויל. פאַלקזאַם איז סרול געווען, באַקומען פאַר זיין אַרבעט אַ פּאָר גראָשן, אָדער אַן אָנבייסן. מען האָט אים נישט געטאָרט דערצערענען. איז ער אַריין אין אַ גרימצאָרן, האָט ער אָנגעוואָרפן אַן אימה. די ווייבער פלעגן אים אין אַזעלכע מאָמענטן באַרואיקן און רופן „סרוליקל". פאַרוואָס האָט מען אים גערופן „קובע" איז נישט באַוווסט, געווען נאָר אונטערצושטרייכן, אַז אין טאַלמיטש, איז דער נאָמען געוואָרן אַ באַגריף פון אַ נאַר, אַ האַלבן אידיאָט. סרול איז געווען דאָס אייגנטום פון שטאָט, אַ טייל פון שטעטלישן מיליע.

סרול פלעגט אויך האָבן זיינע גלוסטונגען און פאַרלאַנגען. ער פלעגט נישט אויפ־הערן דעקלאַרירן זיין סימפּאַטיע פאַר דעלע האַבער, — נאָר זי איז אים געפעלן.

גלייך נאָכן ערשטן וועלט־קריג, איז אַפילו סרול געוואָרן געהילפס בעלפער ביי אַ מלמד. ס'האָט געטראָפן אַ געשיכטע, און מען האָט אים געהייסן אָפּפירן אַ קינד אויף דער טיסמעניצער־גאַס, האָט ער דאָס קינד אויף די פּלייצעס געפירט אין צווייטן שטעטל — קיין טיסמעניץ.

רויק, צופרידן אין זיין אייגן שטיבל, האָט סרול אַלע זיינע יאָרן געלעבט ביזן אַריינמאַרש פון די סאָוויעטן. זעט אויס, אַז אים האָט נישט אָנטשפּראָכן די „סאָציאַליסטישע באַפרייונג" פון קנעכטשאַפט. סרול האָט זיך דערפילט פאַראיינזאַמט אָן די באַלעבאַטים, פאַרלאָזט ווי אַ שטוביקע חיה, האָט ער דעריבער זיך דערפילט איבעריק, פאַרלוירן זיין „קובישן" הומאָר. שפּעטער אַ קראַנקער, ערגעץ ווו אין אַ ווינקל אויסגעהויכט זיין נשמה.

# ציאַמע

ציאַמע האָט מיט זיינע נטיות און אויפפירונג וויט איבערגעשטיגן די נאָרם. אים האָבן אויסגעצייכנט אייניקע אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן ממש געגרענעצט מיט קראַנקהאַפטיקייט. אויסער „ניין מאָס רייד", רעדן פאַר „פייער און פאַר וואַסער" פלעגט ער זיין אַ ליידנשאַפטלעכער אַרומפאָרער אויף באַנען. וואוהין אַ צוג איז געפאָרן, האָט ער איינגעשטיגן, די ריכטונג איז געווען נישט וויכטיק. ציאַמע האָט אויך געזאַמלט אויטאָגראַפן ביי באַרימטע מענטשן, יידן און נישט יידן, געזאַמלט אויך פאָטאָגראַפיעס פון פערזענלעכקייטן.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ציאַמע האָט קיין באַן־בילעטן נישט געקויפט, פלעגט פאָרן אומזיסט, די קאָנדוקטאָרן, האָבן אים שוין געקענט. פלעגט מען אים אַראָפּזעצן אויף איין סטאַציע, האָט ער צוגעוואַרט אויף דעם נעכסטן צוג, ווען אפילו אין דער פאַרקערעטער ריכטונג — נאָר פאָרן.

דערביי איז ציאַמע געווען אַ פלאַמיקער רעוויזיאָניסט און אַ פאַרערער פון זשאַבאָטינסקין, וועלכן ער איז נאָכגעפאָרן אומעטום ווי אַ שאָטן. און ווען זשאַבאָטינסקי פלעגט אים אַמאָל מוסר זאָגן: ווי פּאַסט עס, פאָרן אָן באַן־בילעטן? פלעגט ער פשוט ענטפערן: „די באַן פאָרט נישט ספּעציעל פאַר מיר, סיי ווי וואָלט זי געפאָרן".

נישט געווען קיין ציוניסטישער קאָנגרעס, קיין צוזאַמענפאָר, אָדער אַ לוויה פון אַ גרויסן מענטש, אַז ציאַמע זאָל נישט פאָרן אַהיצנו. אַזוי, למשל, האָט ער זייענדיק אין טאָלמיטש זיך דערוווּסט, אַז עס איז געשטאָרבן יעקב פּיסטינער אין רומעניע, האָט ציאַמע נישט לאַנג געטראַכט, אַריין אין באַן און אָנגעקומען קיין רומעניע צו דער לוויה. אויך קיין גרענעצן האָבן פאַר אים נישט עקזיסטירט.

האָט טאַקע ציאַמע אָנגעזאַמלט אַ רייכע קאָלעקציע פון אויטאָגראַפן און פאָטאָס ביי די גרעסטע וועלט־פערזענלעכקייטן. די זאַמלונג האָט ער געבראַכט קיין ישראל און ערשט דאָ, אין זיינע שווערע לעבנס־באַדינגונגען, איז די קאָלעקציע פאַרלוירן־געגאַנגען.

ציאַמע האָט אויך פאַרמאָגט יושר־געפיל, האָט למשל געטראָפן, אַז אין טאָלמיטש האָט זיך פאַרגלוסט דעם בירגערמייסטער מאַריאַן שאַנקאָווסקי צוליב געוויסע צוועקן אויסשניידן אַ ריי ביימער אין שטאָט, האָט דאָס ציאַמע נישט געקענט פאַרטראָגן און האָט אינטערווענירט, פּראָטעסטירט און צום סוף, ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן און די ביימער זענען אויסגעהאַקט געוואָרן, האָט ער צוגעשיקט אַ נעקראָלאָג אין אי.ק.צ. („אילוס־טראָוואַני קוריער צאָדזיענני") און באַוויינט די פאַרשניטענע ביימער. די קלעפּסידרע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן און אַרויסגערופן אַ הייטערן אינטערעס מיט איר אָריגינעלקייט.

ציאַמע האָט באַזוכט די וועלט, נאָכגעקומען זיינע וואַנדער־גלוסטונגען, געשטילט דעם דמיון, וועלכער האָט אים געטריבן ווי אַ צעשטורעמטער־ווינט. די לעצטע דריי

צענדליק יאָר, האָט ציאַמע געלעבט אין ישראל, געאַרבעט אַלס קעלנער, טראַגיש איז געווען דער סוף פון זיין פאַמיליען־לעבן.

# בערישל

איינמאָל אַ שבת האָט זיך אין ר׳ זיסיעלעס קלויז באַוויזן אַ גאַסט, וועלכן כ׳האָב צום ערשטן מאָל געזען. אַלע האָבן זיך מיט אים באַגריסט, ווער מיט אַ וווילייגערישן, ברייטן „ברוך־הבא״, ווער ס׳איז יוצא געווען מיט אַ „וואָס מאַכט אַ ייד״? אַנדערע, די בעסערע באַלעבאַטים, האָבן זיך געמאַכט נישט זעענדיק, צומורמלענדיק אין דער שטיל: „נאַר ער האָט אויסגעפעלט צום רומל״.

דער גאַסט האָט אַלעמען דערקענט, פאַר יעדן געהאַט אַ פריינטלעך וואָרט. ווי עס פירט זיך, האָט ער באַקומען אַן עליה, ער האָט אויך מנדר געווען.

ווער איז דאָס דער גאַסט?

בערישל טאַבאַק, דער זון פון פראַדל טאַבאַק. אַלע פאַר יאָר פלעגט ער אַראָפּקומען צו אונדז אויף אַ באַזוך. איינגעשטאַנען איז ער ביי זיינעם אַ קרוב, ביי זלמן וויינטרויב. געקומען איז בערישל — האָט עס געהייסן פון בערלין — אויב איר ווילט — פון אומעטום — אַ „וועלט־קינד״.

אין די מיטעלע יאָרן געווען, נישט קיין הויכער, אַ טרוקן געזיכט מיט טיפע שטיפלען. פון אונטער די ראַנדן פון זיין האַביק־הוט, האָבן זיך ווי באַהאַלטן עטוואָס פאַרדעכטיקטע, אָבער קלוגע, פריילעכע אויגן, איבער זיי בערשטלדיקע געדיכטע ברעמען.

וועגן בערישלען זענען אַרומגעגאַנגען די פאַרשידנסטע ריידערייען, ווערסיעס און קלאַנגען, אויסטערלישע געשיכטעס, אַז ר׳ בערישל, איז אַ פאַרדעכטיקטער פאַרשוין, אַן אַפעריסט, אַ פרויען־הענדלער. אַז ער געפינט זיך אויף דער ליסטע פון „אינטערפּאָל״, אויך „וואָס אין דער קאָרט״, אָבער גענוי האָט קיינער וועגן אים נישט געוווסט.

אַ מאָל האָט פּאַסירט, אַז בערישל איז אַראָפּגעקומען מיט אַ פרוי, וועלכע ער האָט פאַרגעשטעלט פאַר זיינער. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ער איז געקומען אין אַ שטעטל, ווו ביי אַ געוויסער פאַמיליע איז בעת דעם וועלט־קריג פאַרלוירן געגאַנגען אַ זון, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער איז עס זייער פאַרלוירענער זון, וועלכן מען האָט געהאַלטן לויט אַלע סימנים פאַר אַן אומגעקומענעם. ער האָט געוווסט אָנצוגעבן — אַז ער איז געווען „זייער זון״.

אויב שוין אַ לעגיטימער זון, איז פאַרוואָס נישט פאַרבעטן זיין „שוועסטער״ צו מאַכן מיט אים אַ לוסטרייזע. זי איז מיטגעפאָרן. ביז ביי געוויסע קריטישע אומשטענדן

האָט זיך דער סקאַנדאַל אַנטפּלעקט און די באַלעבאַטישע טאָכטער, האָט זיך באַפרייט פון זיינע הענט — דאָס איז אַן עפּיזאָד.

מען פלעגט זיך גערן איינהערן אין בערישלס פאַנטאַסטישע געשיכטעס, וועגן זיינע „אויפטועןײ, לאַכן פון זיינע געפעפערטע וויצן, נאָכדערציילן זיינע ווערטלעך.

אין די דרייסיקער יאָרן, בעת מיין זיין אין וואַרשע, האָט מיר דערציילט מיין חבר לייזער וויסמאַן, ביי וועמענס משפחה בערישל איז געווען אַ בן־בית, (ביי יידע יושען אין שענק,) אַז בערישל געפינט זיך אין וואַרשע און ער האַלט זיך אויף אין „צירקײ. ער האָט מיך געפרעגט צי כ׳וואָלט נישט געוואָלט מיטגיין אים באַזוכן. כ׳האָב מסכים געווען. די וואַרשעווער וויסן, וואָס אַזוינס עס איז געווען דער „צירקײ, — אַן אַכסניה, אויס־געהאַלטן פון מאַגיסטראַט, פאַר דורכוואַנדערנדיקע אָרעמעלייט, וועלכע פלעגן פאַר אַ פּאָר גראָשן דאָרט איבערנעכטיקן.

ווי נאָר מ׳האָט אויפגעעפנט די טיר, האָט אַ זעץ געטאָן אַ פאַרפעסטעטע לופט, אַ גערוך פון שווייס אויסגעמישט מיט ביליקן טאַבאַק. ערגעץ ווו אין אַ ווינקל פונעם גרויסן, שוואַך־באַלויכטענעם זאַל, האָב איך דערזען אַ צעבראָכענעם אַלטן מאַן. כ׳האָב אים דערקענט: ס׳איז בערישל. אַ צער האָט אַנגענומען זעענדיק אים אין אַזאַ מעמד. ער איז געשטאַנען אין דער הוילער געפינטלטער, אָפּגעריבענער וועסט, אונטער איר — אַ שטייפע קאַוטשוק־ברוסט און מאַנזשעטן — אַן אַ העמד. דער הויכער קראַגן האָט זיך איינגעשניטן אין ביידע זייטן באַקן, וועלכע האָבן ווי ליידיקע טאָרבעס אַראָפּגעהאַנגען פון זיין אָפּגע־צערטן געזיכט. די שטיפלען אויף זיין אַש־גרויען פּנים — נאָך אַנזעעוודיקער, האָבן אויסגעזען ווי אַ געלעכערטע רעשעטע, די אונטעראויגן־זעקעלעך — אָנגעדראָלן. דער שוואַרצער ראָק זיינער, איז געלעגן דערנעבן, אויפן געלעגער, וואָס האָט מער דערמאָנט אַ טהרה־ברעט ווי אַ בעט. די זעלבע קלוגע אויגן, אפשר עטוואָס קרענקלעכער, אומע־טיקער, מאַטער.

אין אַ געהיימנישפולן טאָן, האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז „געצוווּנגעןײ אין דעם מאָמענט דאָ זיך אויפצוהאַלטן און דערביי געבעטן באָרגן אים אַ זלאָטי — איין זלאָטי.

זעענדיק אים און דעם גאַנצן אַרום, האָב איך געטראַכט: דאָס איז ער, בערישל, דער פאַרפירער פון פרויען, דער וועלט־וואַגאַבונד, דער, אויף וועמען דער „אינטערפּאַלײ האַלט אַן אויג? זענען טאַקע אמת די אַלע אויסטערלישע אויסרעדענישן אויף אים? אפשר נישט מער ווי רכילות פון קליינעם שטעטל, דמיונדיקע פּזמונים? און אפשר איז ער גאָר אַ קרבן פון זיין אייגענעם דמיון?

אין בערישלס אויגן איז געווען טיף־מענטשלעכער טרויער, רחמנות אויף זיך אַליין, אויף זיין גורל. און אפשר אויך חשבון־הנפש? פראַדל טאַבאַקס זון, האָט אויסגעזען ווי אַ קלאָון — אַן איבעריקער קלאָון אין צירק.

# צונעמען

אַזיע „קאַדזולע"
סרול משה „נעזל"
טוביה „פּאַגאַס"
יאַנקל „פּאָצולע"
שמואל „פּאַצ׳קע"
יאָסל „צשעבענטש"
פראָים „פּיציטאַטע"
שלמה „טאַמבער"
יידל „קוואַס"
מענדל „קאָזע"
יידע „בוגע"
משה „אָפּטו"
מאָטל „קוטשקע"
וואָלף „פּאַנקע"
דזיונדיאַק „שעלענע"
בעניע „קראַטקע"
ריוועלע „גניבה"
שמיל איגל „בליצקאָפּ"
יידל „פּאָניע"
הערשעלע „שפרינגער"
הינדע „די לאַנגע"
חאַצקל „קיגל"
„פּויטאַק"
„שאָסטאַק"
יאָשע „ביוגע"
הלל „צוקספּירער"
איציע „בו"
„פּיציע־כליב"

סרול „קובע"
באַסיע „האַלאַס"
שיע „קאַטשקע"
שיע „פּישער"
משה „פּיטלורע"
„פּיציקוימען"
מרדכי „פּוש"
מענדעלע „פּאָנפּאַטש"
איציק „מאָכנאַטש"
„שמויטע פונע"
יאָסל „געוויטעס"
„פּוסטע"
משפּחה „פּאַרכעס"
משפּחה „טילאָצעס"
משפּחה „חזקעס"
משפּחה „מאָרטשאַקעס"
משפּחה „איפּישעס"
טויבע „ציעבעלעס"
חיים „באַטיער"
מאיר „טוטיע"
סענדער „זיידעלע"
שלמה „האָרבאַטש"
הערש „דער בלינדער"
שיע „דער שטומער"
שפרינצע „די קרומע"
יאַקוב „דער טויבער"
חוה „די גראָבע"
יוסקע „פּאַרך"

אורציע „ליגנער"
„פּאַפּעכע"
„באָטשעק"
מוניע „קאָלעשע"
„קריוואָרוטשקע"
יאַנקעלע „נאמנות"
וואָלף „אַנטעפּקע"
„קאָנאָוקע"
„קופּקע"
מענדל „פּאַסאָלקעלע"

מוניו וווּרמאַן

# טאָלמיטש און דער אָנטייל פון די יידן אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג

די שווערע יידן־פאַרפאָלגונגען, וועלכע האָבן געהאַט אַן אָרט אין די מערב־געביטן פון פוילן, האָט זיי געצווונגען צו פאַרלאָזן זייערע סטאַבילע זיץ־פּלעצער און וואַנדערן אויף מזרח. די יידן האָבן געזוכט נייע ערטער צו באַזעצן זיך, און נייע פרנסה־קוואַלן. לויט דעם ווי ס'איז שוין אויבן באַמערקט געוואָרן, איז שוין אין דער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט געווען אין טאָלמיטש אַ געוויסע צאָל יידן.

טאָלמיטש זייענדיק אַ שטעטל פון פוילישן קעניגרייך, איז רעגירט געוואָרן פון אַ סטאַראָסטע, וועלכער האָט געהאַט פולמאַכטן פון פוילישן קעניג און אין זיין נאָמען האָט ער דאָרט רעגירט. די קעניגלעכע מאַכט און דער סטאַראָסטע זענען געווען פאַראינטערעסירט צו אַנטוויקלען די שטאָט נישט נאָר אויפן לאַנדווירטשאַפטלעכן געביט, נייערט אויך געהאַט אַן אינטערעס צו אַנטוויקלען דאָרט דעם מסחר און האַנטווערקעריי, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די געגנט איז געווען רייך אין ערד־שפע. דאָס צו פאַרווירקלעכן האָבן געקענט יידן, היות ווי ס'איז געווען פאַר זיי דאָ גינסטיקע באַדינגונגען, ווייל דאָ איז נישט געווען קיין שטאָטישער עלעמענט און ס'איז נישט געווען קיין האַנטווערקעריי.

די יידן וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין טאָלמיטש, האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן, אַזוי ווי אין אַנדערע ערטער אין אַ קאָלעקטיווער רעפּרעזענטאַנץ און זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ טייל פון אַ גרעסערער קהילה. די קהילות זענען געווען פאַרבונדן אין געגנטן, וועלכע האָבן געהאַט זייערע סיימיקעס. אין די קליינע סיימען האָבן געהאַט זייער פאָרשטייערשאַפט גרעסערע אָרטשאַפטן און זיי האָבן אויסגעקליבן די אויטאָנאָמישע קערפּערשאַפט — דעם יידישן סיים. דער יידישער סיים האָט אָנגעפירט מיטן עקאָנאָמישן און גייסטיקן לעבן פון יידנטום. ער האָט אַרויפגעלייגט קאָפּ־שטייערן אויף יעדן ייד און אויך שטייערן פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. ער איז אַנטשפּרעכנד פאַרטיילט געוואָרן צווישן די געגנטן און זיי האָבן פון זייער זייט אַרויפגעלייגט די פליכטן אויף קהילות און קלענערע ישובים. טאָלמיטש האָט געהערט צו דעם רוסקאָ־בראַצלאַווער געביט און איז וואָרשיינלעך אַזוי ווי אַנדערע אָרטשאַפטן געווען פאַרשולדיקט אין חובות.

די יוריסדיקציע האָבן אויסגעפירט די געביט־רבנים, דער לעמבערגער רב, אָדער דער קאָנטער־קאַנדידאַט אין בוטשאַטש, אָדער אין טאַרנאָפּאָל. די קהילה איז געווען די העכסטע יורידישע געריכטלעכע און דערציונגס־דיסטאַנץ. דער ניווא פון בילדונג איז געווען אַ נידעריקער. מיט פאַרטיפערן דעם תלמודישן וויסן האָט מען זיך נישט פאַרנומען.

די צעטיילונג פון פוילן און דאָס אַנטשטיין פון אַ נייעם פּאָליטישן פאַקטאָר — גאַליציע, האָט נישט פאַרבעסערט דעם גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג. די באַפעל־קערונג, אונטערדריקט פון דער קהילה־אָליגאַרכיע, האָט געהאַט אַ נטיה צו מיסטיק. די ערשטע טריט האָבן אָנגעהויבן שטעלן אַזעלכע באַוועגונגען ווי די שבתי־צבי באַוועגונג, וועלכע האָט אַרויסגערופן מחלוקתן אויף דער יידישער גאַס, דער פראַנקיזם און שפּעטער דער חסידיזם. ליידער פעלן מקורות, כדי צו פעסטשטעלן, ווי אַזוי די דאָזיקע שטרעמונגען פון יענע צייטן האָבן זיך אויסגעווירקט און זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער יידישער גאַס אין טאָלמיטש, וועלכע איז געווען פאַרנומען מיט טאָג־טעגלעכע דאגות און האָט געקעמפט פאַר איר עקזיסטענץ. טאָלמיטש איז אויך נישט געווען דער פּאַסיקער פלאַץ, וואָס האָט דערמעגלעכט צו באַזעצן זיך באַרימטע רבנים, וועלכע וואָלטן געקענט פאַרלייגן דעם אָנהויב פון אַ רבנישער דינאַסטיע. אויף אַ דיסטאַנץ פון מער ווי אַ צענדליק קילאָמעטער געפינט זיך טיסמעניק, וועלכע איז געווען באַרימט מיט אירע גרויסע רבנים, וועגן וועלכע מיר געפינען אָפּט אין די היסטאָרישע מקורות. אין אָטיניאַ האָט זיך אויך געפונען דער הויף פון אָטיניער רבי׳ן וועלכער האָט געהאַט זיינע אָנהענגער אין דעם יידנטום פון מזרח־קליין־פוילן.

פון צייט צו צייט האָבן זיך באַזעצט אין טאָלמיטש רבנים, וועלכע זענען איינגעלאַדן געוואָרן דורך קהל, אָבער נאָך אַ געוויסער צייט האָבן זיי געזוכט גרעסערע און רייכערע קהילות. פון די רבנים, וועלכע זענען געזעסן אויף דעם כיסא־הרבנות אין טאָלמיטש אין דער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, איז כדאי צו אויסרעכענען הרב גרשון בן־יהודה, וועלכער איז אַריבערגעפאָרן פון ראָדזאַל קיין טאָלמיטש. ער איז געווען אַן איידעם פון הרב מנחם־מענדל פון קאָסוווּ. אָבער אויך דער רב גרשון בן־יהודה האָט זיך איבערגע־טראָגן קיין קאָלאָמיי און דאָרט איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1863.

די צייט פון דער קעניגן מאַריע טערעסאַ און יוזעף דעם ערשטן, האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט אויף דעם יידישן לעבן אין טאָלמיטש. ערשט דער באַפעל פון יוזעף דעם צוויטן פון יאָר 1788 איז גורם דערצו, אַז אייניקע יאָרן שפּעטער אַנטשטייט די שולע — „יודישע נאָרמאַלשולע״ אין טאָלמיטש. פונדעסטוועגן האָבן די יידישע עלטערן נישט געשיקט זייערע קינדער אין דער שול, אויס מורא, אַז די יוגנטלעכע זאָלן זיך ספּעציעל נישט אינטערעסירן מיט דער וועלטלעכער קולטור. אין 100 יאָר שפּעטער אַנשטייט אין טאָלמיטש די שולע פון באַראָן הירש, וועלכע האָט געדאַרפט אויספילן דעם חלל פון פעלן פון בילדונג אויף דער יידישער גאַס. די ענערגיע, וועלכע איז אויפגעוועקט געוואָרן

אין דעם פאַרפרומטן פּאָלק דורך דער חסידישער באַוועגונג, האָט געזוכט נייע וועגן און האָט געפונען דעם אויסדרוק אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. העס אין זיין ווערק: „רוים און ירושלים״; ליליענבלום, פּינסקער אין זיין „אויטאָעמאַנציפּאַציע״, די אָרגאַניזאַציע פון די רוסישע סטודענטן „ביל״ו״ און „חובבי־ציון״, האָבן אָנגעהויבן די אידעאַלן צו רעאַליזירן. גלייך מיט דעם הויבט זיך אָן אַלץ שטאַרקער דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין אויף דער יידישער גאַס. ס׳הויבן אָן אַנטשטיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון דער יוגנט. לויטן ביישפּיל פון די גרעסערע שטעט ווי לעמבערג, טאַרנאָוו, קראָקע, בראָד, קאָלאָמיי, סטאַניסלאַוו, טאַרנאָפּאָל, אַנטשטייען די יוגנט אָרגאַניזאַציעס אין די קלענערע שטעט פון גאַליציע. ס׳קומען פאָר קאָנפערענצן פון פאַרשיידענע שטעט און פאַרשיידענע אַגודות, וועלכע זענען אַנטשטאַנען אין די אַכציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט. ס׳באַווייזן זיך פאַרשיידענע אויסגאַבן, וואָכנטלעכע און חודשלעכע פעריאָדישע זשורנאַלן און אַפילו טעגלעכע צייטונגען. ס׳אַנטשטייען פאַרלאַגן, וועלכע דרוקן ביכער אין גרויסע טיראַזשן. אַלע רופן צום קאַמף קעגן אַסימילאַציע און גלייכבאַרעכטיקונג און פריידיקן צו דער פּראָדוקטיוויזאַציע פון דער יוגנט. „אהבת ציון״, „מקוה קודש״, „צוקונפט״, „מזרח״ — דאָס איז בלויז אַ קליינע טייל פון די פיל נעמען. די אַסימילאַטאָרן גיבן אַרויס זייער אייגענע צייטשריפט אין יאָר 1870 „שלום״ מיט דעם העברעיִשן צוגאַב א.ג. „מולדת״.

אין דעצעמבער 1897 רופט צונויף אַדאָלף שטאַנד אַ קאָנפערענץ פון שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע; אין דער קאָנפערענץ נעמען אָנטייל 60 דעלעגאַטן און דאָ דערוויסן מיר זיך, אַז אויך אין טאָלמיטש עקזיסטירט שוין פון עטלעכע יאָר אַן אָרגאַניזאַציע „תקות־ציון״, וועלכע ציילט 150 מיטגלידער.

שוין פאַר דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, איז געווען 60 ישובים אָרגאַניזירט אין סניפים. „אהבת ציון״ — 85 סניפים אין מזרח און מערב גאַליציע. חוץ זיי זענען אויך געווען טעטיק צוויי אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און צוויי פרויען־אָרגאַניזאַציעס. (באַריכט לויט „די וועלט״ פון 1897 יאָר).

דעם 26 און 27 יוני 1897 קומט פאָר אַ קרייז־קאָנפערענץ אין סטאַניסלאַוו, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר זאַלץ. די קאָנפערענץ האָט געעפנט הרב שרייער פון באָהאָראָדטשאַן (אַ נאָענטער קרוב פון אפרים שרייערס זיידע פון דעם טאַטנס צד). ער איז געווען דער איינציקער מענטש אין פאָרגעשריטענעם עלטער צווישן די יונגע דעלעגאַטן, איבערהויפּט סטודענטן. די קרייז קאָנפערענץ האָט אויסגעקליבן אַ נייעם צענטראַל־קאָמיטעט. פון טאָלמיטש נעמען אָנטייל אין דער קאָנפערענץ: יעקב אינזליכט, וועלכער איז שוין דאַן געווען אַ באַוווסטער ציוניסטישער עסקן. פון אַ באַריכט אויף דעם צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס דערוויסן מיר זיך, אַז אין טאָלמיטש איז טעטיק אַ גאַנץ גרויסע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. (דעם שקל האָבן אויסגעקויפט 140 מענטשן).

די אָרגאַניזאַציע אין טאָלמיטש ווערט אָנגעפירט פון משולם שטערן (דער שפּע־טערדיקער שוועער פון ד״ר ראָזענקראַנץ). משולם שטערן רעפּרעזענטירט די טאָלמיטשער אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1898 אויף דער קאָנפערענץ אין קאָלאָמיי. (אין דער צייט האָט זיך אין קאָלאָמיי געפונען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון גאַליציע און בוקאָווינע).

אין אָקטאָבער 1898 איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דעם מחוז אין סטאַני־סלאָוו. אין פּרעזידיום פון צוזאַמענפאָר איז פון דער טאָלמיטשער אָרגאַניזאַציע געזעסן יצחק פריילינג. אין יאָר 1900 האָט ד״ר קאָרקיס פון לעמבערג [1]) אָרגאַניזירט אַ ציילונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. טאָלמיטש געפינט זיך צווישן 75 סניפים, חוץ צוויי פרויען פאַרבאַנדן, דריי אַקאַדעמישע פאַרבאַנדן, צוויי פאַרבאַנדן פון סוחרישע אַרבעטער און מיטהעלפער, חוץ 90 סניפים „אהבת ציון״ מיט דער צענטראַלע אין טאַרנע. „אהבת ציון״ פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט באַזעצן יידן אין ארץ־ישראל. אין יאָר 1903 הויבט אָן אַרויסגיין אין ווין דער אָרגאַן פון „פועלי ציון״ „דער יידישער אַרבעטער״, איינער פון די צוויי רעדאַקטאָרן איז שמואל אינזליכט פון טאָלמיטש. דער אָרגאַן גיט אַרויס אַ צוגאָב צו דער ציימונג אונטער דער רעדאַקציע פון קאַפּלינסקי, נתן גראָס, שמואל אינזליכט פון טאָלמיטש.

אין יאָר 1900, אין 17־טן נומער פון דער צייטשריפט „מזרח״, פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל שלמה שילער, אַ פּליט פון ביאַליסטאָק.[2]) דער מחבר טרעט אַרויס קעגן פּאָליטישן ציוניזם, ער באַרעכטיקט דעם זיין אין גלות, ער קלאָגט זיך אויף דער מפּלה פון דעם ציוניזם אויף דער יידישער גאַס. אין נומער 20 פון דער ציימונג געפינען מיר אַן ענטפער פון יעקב אינזליכט פון טאָלמיטש, וועלכער זאָגט זיך אַרויס און באַשולדיקט די לייטונג פאַר פעלן פון איניציאַטיוו, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם, אַז אין קאָלאָמיי, ווו עס געפינט זיך די צענטראַלע, פעלט פאַקטיש אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציע, ס׳איז נישטאָ קיין אַנטשפּרעכנדע כוחות, טוער, דאַקעגן די ציוניסטן אין לעמבערג האָבן גוטע אינטעלעקטועלע כוחות, אָבער זיי זענען נישט טעטיק, זיי האָבן פּשוט נישט קיין קאָנטאַקט מיט די מאַסן, ס׳ווערט אונטערגעשטראָכן דאָס פעלן פון צוטרוי. אין דער צייט פון די וואַלן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1900, האָבן די יידן נישט אָנטיילגע־נומען אין זיי. זיי האָבן פאַרנאַכלעסיקט דעם לעבן־אינטערעס פון דער יידישער באַפעל־קערונג צו די וואַלן און פאַרלוירן אַ גוטע געלעגנהייט צו באַקומען מאַנדאַטן אין פּאַרלאַמענט אין ווין. ער פאַררופט זיך אויף דעם בריוו פון ד״ר שטאַנד צו ד״ר הרצל, אין וועלכן ד״ר שטאַנד האָט פאָרויסגעזען, אַז טראָץ דעם רעאַקציאָנערן וואַל־סיסטעם

[1]) ד״ר געלבער.

[2]) ביאַליסטאָק האָט זיך אין יענער צייט געפונען אונטער דער רוסישער הערשאַפט.

און די פונאַנדערטיילונג אויף קוריעס, האָבן די יידן געקענט דעראָבערן מאַנדאַטן צום פּאַרלאַמענט.

אין דער ערשטער קוריע — די באַדן־אייגנטימער — האָבן די יידן אין סטרי געהאַט 68%, אין דאָלין — 86%, אין זלאָטשווו, בראָד, סאַמבאָר, סטרי, דראָהאָביטש, קאָלבושאָוו, ניסקאָ — אַרום 60%, טאַרנאָוו, טרנאָפּאָל, סקאַלאַט, טרעמבאָוולאָ — קרוב 30%.

אין דער צווייטער קוריע — שטעט — האָבן די יידן געהאַט אויסזיכטן צו באַקומען 4—5 מאַנדאַטן. דאָס איז אָנבעלאַנגט די שטעט, ווו די יידן האָבן געבילדעט אַ מערהייט ווי צ.ב.: בראָד, זלאָטשווו, קאָלאָמיי, סניאַטין, בוטשאַטש, טאַרנאָפּאָל, באָהאָראָדטשאַני, סטאַניסלאָוו, טיסמעניץ, טאָלמיטש (צוזאַמען).

אין דער דריטער קוריע — האַנדלס־קאַמער — אין אַלע 3 קוריעס האָבן יידן געבילדעט אַ מערהייט. אין דער 4־טער קוריע — דאָרפישע — האָבן יידן נישט געהאַט קיין שום שאַנסן. אין דער 5־טער קוריע — אַלגעמיינע — איז געווען אויסזיכטן צו באַקומען 1 מאַנדאַט.

אין דעם אויבן־דערמאַנטן אַרטיקל, שטעלט אינזליכט פעסט, אַז אויף דער פּראָווינץ געפינען זיך טויזנטער ציוניסטן, אָבער מען דאַרף מיט זיי קענען אָנפירן, געבן זיי צו פאַרשטיין אין אַ פאַרשטענדלעכער פאַר זיי שפּראַך — אין יידיש. ס'ווערט פיל גערעדט וועגן דער קולטור־אַרבעט, נאָר אויף דעם געביט טוט מען זייער ווייניק. מען דאַרף אַרויסווייזן אַן איניציאַטיוו אין אַלע געביטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, אויף אַזאַ אופן וועט די אָרגאַניזאַציע דעראָבערן דאָס רעכט אויף עקזיסטענץ אויף דער יידישער גאַס — פאַרענדיקט אינזליכט זיין איבערצייגנדן אַרטיקל.

אין יאָר 1905 איז אויף דער לעמבערגער קאָנפערענץ אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו ווענדן זיך צום קייסערלעכן הויף און צום פּאַרלאַמענט אין דער פראַגע פון אָנערקענען די יידן אַלס אַ פאָלק.

קעגן אָט דער טעטיקייט טרעטן אַרויס די אַסימילאַנטן מיט ד״ר עמיל ביק פון לעמבערג אין דער שפּיץ. אין דעם זעלבן יאָר 1905 רופט צונויף ד״ר ביק אַ קאָנפערענץ פון די פאָרשטייער פון די קהילות. די ציוניסטן פאָדערן אַן אַנטשפּרעכנדע רעפּרעזענטאַנץ. ד״ר ביק זאָגט קאַטעגאָריש אָפּ די פאָדערונג פון די ציוניסטן. אין דעם זעלבן טאָג, ווען די קאָנפערענץ האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט אין דעם זאַל פון דער קהילה אין לעמבערג, אויף דער בערנשטיין גאַס, האָבן זיך צונויפגעקליבן מאַסן יידן. אין דער צייט, ווען זיי האָבן אויסגעהערט די רעפעראַטן פון ד״ר ציפּער, ד״ר פּאַרדעס און לעאָן רייך, רייסן זיך אַריין די יידן אין זאַל, בכדי צו שטערן די אַרבעט פון דער קאָנפערענץ. ד״ר ביק אַלס פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ באַפעלט צו אָפּרייניקן דעם זאַל פון די שטערער מיט דער הילף פון דער עסטרייכישער זשאַנדאַרמעריע. אין זאַל בלייבן 24 דעלעגאַטן פון די קהילות, פון וועלכע אַ העלפט בילדן די דעלעגאַטן פון לעמבערג. ד״ר ביק

שטעלט פאַר פאַר די דעלעגאַטן דעם פאָרשטייער פון דער טאָלמיטשער קהילה — יעקב אינזליכט, וועלכער בעט אַ וואָרט. יעקב אינזליכט אַטאַקירט שאַרף דעם ד״ר ביק אין זיין אַרויסטרעטונג און ווייזט אָן, אַז די יידן האָבן צו ד״ר ביק נישט קיין צוטרוי און זיי זענען נישט איינשטימיק מיט זיין פּאָליטישער ליניע, וואָס דריקט זיך אויס אין זיינע באַמיאונגען צו נושא־חן זיין דער פּוילישער פראַקציע אין פּאַרלאַמענט אין ווין. די יידן זענען אויך נישט מסכים מיט דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון ד״ר ביק. אין דער קהילה. ד״ר ביק באַפעלט צו אַרויספירן אינזליכטן פון זאַל מיט דער הילף פון די עסטרייכישע זשאַנדאַרן.

נאָך פאַרן דערשיינען פון ד״ר הרצלס „יודענשטאַדט" און פאַרן 1־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט טאָלמיטש געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער תקופה פון ערב ציוניזם אין גאַליציע. די טאָלמיטשער עסקנים האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט דער טעטיקייט בלויז אויפן אָרט. זיי האָבן אויסגעברייטערט זייער טעטיקייט מחוץ די גרענעצן פון טאָלמיטש. צו די בולטע עסקנים דאַרף מען אויסרעכענען: דעם פאָטער פון יעקב אינזליכט, די ביידע ברידער אינזליכט יעקב און שמואל, משולם שטערן, פרילינג, האַלער, צו דער קאַטעגאָריע עסקנים דאַרף מען צורעכענען שלום שטרייט, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1889 און האָט געשריבן אין „המצפה", וואָס איז אַרויס אין דער העברעאישער שפראַך. אין 1908 איז ער עולה קיין ארץ־ישראל.

ס'איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1907, האָבן די ציוניסטן אַדורכגעפירט 3 מאַנדאַטן: 1(בראָד), 1 בוטשאַטש — טאָלמיטש און איין מאַנדאַט טשאָרטקוו.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּרוכטבאַרער ציוניסטישער טעטיקייט און די אַקטיווע אַרבעט בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע, האָט טאָלמיטש באַזוכט ד״ר נתן בירנבוים, אַדאָלף שטאַנד, הרב מרדכי ברוידע, גרשון ציפּער.

אויף די פאַרזאַמלונגען, וועלכע פלעגן גערופן ווערן אין טאָלמיטש, האָט אָנטייל גענומען כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און צווישן די פאַרזאַמלטע האָט זיך שטענדיק געפונען אַ ציוניסטישע מערהייט. אָבער אין די וואַלן אין יאָר 1911, אַ דאַנק די מאַניפּולאַציעס פון די אַסימילאַטאָרן, וועלכע זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן פון דער אַדמיניסטראַציע, האָבן די ציוניסטן פאַרלוירן מאַנדאַטן לטובת די אַסימילאַטאָרן. דאָס זענען געווען וואַלן, בעת וועלכע ס'האָבן אויך נישט געפעלט מענטשלעכע קרבנות. (24 קרבנות אין דראָהאָביטש). אין טאָלמיטש האָט זיך אויך די אַדמיניסטראַציע באַמיט צו אָפּרייסן שטימען פון דער נאַציאָנאַלער ליסטע אַ דאַנק דער הילף פון זיידמאַן.

דער אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט איז געווען רייך מיט פּאַסירונגען אויף דער יידישער גאַס. חוץ די שוין דערמאָנטע וואַלן אין פּאַרלאַמענט, און די וואַלן צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָט זיך געפירט אַ מלחמה צווישן די פּאַרטייען אויף צו דעראָבערן

די השפעה אויף די קהילות. ס'האָבן צווישן זיך געקעמפּט די צוויי שטראָמען אין ציוניזם: פּאָליטישן און פּראַקטישן. אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען, וועלכע האָבן געשטויסן די יידן צו עמיגרירן מעבר לים, און באַזונדערס קיין אַמעריקע. דער טויט פון דעם מנהיג פון ציוניזם ד"ר הרצל האָט שווער געטראָפן די יידן אין די גלות לענדער. דאָס זענען געווען די וויכטיקסטע טעמאַטן, מיט וועלכע ס'האָט זיך דאַן פאַרנומען די יידישע גאַס. ווער עס קען דאָס לעבן אין די קליינע שטעטלעך, דער ווייס, אַז די געשעענישן האָבן איבערגעלאָזן אַ וויטיקלעכן עכאָ אין די קליינע שטעטלעך. אַזוי איז אויך געווען אין טאָלמיטש. חוץ די צענטראַלע פּראָבלעמען און דאגות, האָבן אַ גרויסן פּלאַץ פאַרנומען די לאָקאַלע ענינים אין טאָלמיטש, אַזעלכע, ווי: דאָס לאָזן אין עקספּלואַטאַציע די קליין־באַן; דאָס אַנטשטיין פון די לערן־אַנשטאַלטן, ווי די גימנאַ־זיע; פּאַך־שול; ווירטשאַפטלעכע שול; דאָס אויסבויען די שול אויפן נאָמען פון באַראָן הירש; אַלגעמיינע שול (שקאָלאַ פּאָווטעכנאַ); די דיסלאָקאַציע פון מיליטערישן גאַרניזאָן אין טאָלמיטש; דער באַנקראָט פון דער צוקראָווניע און הויף; דאָס עפענען די העברעאישע שולע („שפה ברורה") אין יאָר 1906, אין וועלכער ס'האָבן זיך געלערנט 80 תלמידים. דאָס זענען געווען די וויכטיקסטע פּראָבלעמען מיט וועלכע ס'האָבן זיך פאַרנומען די טאָלמיטשער יידן אין יענער צייט, דאָס הייסט, פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די געזעלשאַפטלעכע טוער פאַר דער מלחמה זענען געווען:

אינזליכט יעקב, אינזליכט שמואל, שטרייט שלום, שטערן משולם, אבנר הירש, האַלער פיניע, רעדנער יהושע, רעדנער יואל, שטרייט יעקב, עפּשטיין פנחס, זייפער אבא, שלעזינגער, טיטמאַן חיים.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, האָט קאָמפּלעט איבערגעביטן דעם אָרט־לעבן פון די טאָלמיטשער יידן. אַ טייל איז אַנטלאָפן מיט דער אָפּטרעטנדיקער עסטרייכישער אַרמיי און זענען אָנגעקומען קיין טשעכאָסלאָוואַקיי און מאָראַוויע, קיין אונגאַרן און אַפילו אין ווין. אַ געוויסע צאָל מענער ווערן מאָביליזירט אין דער עסטרייכישער אַרמיי און זייערע פרויען און קינדער זענען אויסגעשטעלט געווען אויף הילף פון די צדקה אַנשטאַלטן.[1] די יידן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין טאָלמיטש, האָבן איבערגעלעבט דעם גיהנום און שרעק פון די קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער רוסישער אַרמיי. די יידן זענען געווען אויסגעשטעלט אויף שיקאַנעס און זענען געווען פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש לטובת דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע (אייניקע טאָלמי־טשער יידן זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, אַלס פאַרדעכטיקטע אין שפּיאָנאַזש). די יידן זענען געווען געצווונגען צו צאָלן קאָנטריבוציע, אויסקויף־געלט און אין די נעכט

[1]) וועגן לעבן פון די יידן דערציילט בן עמי אבשלום (העניגסבערג) אַן עסטרייכישער סאָלדאָט אין 1918, וועלכער איז געווען אויף אורלויב אין טאָלמיטש (היינט אין ישראל).

זענען זיי געווען אויסגעשטעלט אויף אָפטע רעוויזיעס, רויב־אַקטן און צום סוף זענען זיי אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די היימען אַלס פיינטלעכער עלעמענט און מ׳האָט זיי דעפּאָ־טירט קיין זלאָטשעוו.

דער גירוש, און דאָס באַראַבעווען די אַזוי אויך שוין פאַראָרעמטע יידן און דאָס לאָזן מיטן רויך זייער ביסל האָב און גוטס, האָט דראַסטיש פאַרערגערט דעם מצב פון דאָס רעשט טאַלמיטשער יידן, וועלכע זענען פאַרבליבן זין אַ גואל. אין יאָר 1916, ווען איינער פון די ציוניסטישע מנהיגים אין גאַליציע ד״ר רינגעל פון לעמבערג האָט זיך צוריקגעקערט קיין לעמבערג, נאָכן אָנבינדן קאָנטאַקטן מיט דער פּראָווינץ, האָט ער אויך געבראַכט אַ ידיעה פון טאַלמטיש וועגן איינעם אַן אַקטיוויסט פּיניע האַלער.

מיטן צעפאַלן זיך פון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, האָבן די אוקראַינער פּראָקלאַמירט די מזרח־וואָיעוואָדסטוועס אַלס „מערב־אוקראַינע״. אין די שלאַכטן אונטער פּשעמישל, זענען זיי אָבער געצווונגען געוואָרן צו אָפּטרעטן אַזש נאָך לעמבערג. די צענטראַלע אוקראַינישע מאַכט טראָגט זיך אַריבער קיין סטאַניסלאַוו. די יידן געפינען זיך אין דער סיטואַציע צווישן האַמער און קאָוואַדלע, און קלייבן אויס אין סטאַניסלאַוו אַ נאַציאָנאַלן ראַט. אין דעצעמבער 1918 איז פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן ראַט, מיטן אָנטייל פון איבער 100 קהילות. פון טאָלמיטש נעמען אָנטייל אין דער קאָנפערענץ פּיניע האַלער און ד״ר באַנדלער. אויף דער זיצונג פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן ראַט איז דיסקוסירט געוואָרן די פראַגע פון אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן פון דער קהילה, אירע גייסטיקע און עקאָנאָמישע זאָרגן; זאָרג פאַר דער דערציאונג פון יינגערן דור א.אַ.וו. אין דער פראַגע האָט מען זיך געווענדעט צו דער צענטראַלער אוקראַינישער מאַכט, און געפאָדערט, אין ליכט פון זיין דעקלאַראַציע, רעכט אויף אַן אויטאָנאָמער נאַציאָנאַלער קולטור, אַזוי ווי דאָס איז צוגעזאָגט געוואָרן.

אין טאָלמיטש איז בראש פון דעם נאַציאָנאַלן־ראַט געשטאַנען ד״ר באַנדלער, אַ יוריסט. די אוקראַינישע רעגירונג איז געווען פאַראינטערעסירט צו אונטערשטיצן די שטרעבונגען פון דעם נאַציאָנאַלן־ראַט, אין איינקלאַנג מיט די אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּן. אָבער די לאָקאַלע מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע זענען געווען צעפרעסן פון יידן־האַס, האָבן געהאַנדלט אינגאַנצן אַנדערש. אין פעברואַר 1919, האָבן די יידישע פּאָסטולאַטן געפונען אַ פאַרשטענדיקונג אין דער צענטראַלער אוקראַינישער רעגירונג. די אוקראַינער האָבן איגנאָרירט די אַנטי יידישע אַרויסטרעטונגען פון פּינצטערע עלעמענטן, און האָבן אַזוי אַרום דירעקט צוגעהאָלפן זיי אין זייערע צעווילדעוועטע אָנפאַלן, וועלכע האָבן נישט ווייניק שאָדן אָנגעטאָן די יידן. אין טאָלמיטש, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע יידישע קהילות, האָבן די יידן נישט געליטן פון די פּעטלורישע באַנדעס. (ס׳האָבן געליטן די יידן פון באַלשאָווצע, בוקאַשאָווצע, האַליטש, באָהאָראָדאָטשאַן, ביוזפּול, בלישטש, אויסטיע, טיסמעניק, וואָינילאָוו. פיל מאַטעריעלע שאָדנס האָבן די באַנדעס אָנגעטאָן די יידן: זיי

האָבן גערויבט דאָס יידישע פאַרמעגן, צעגנבעט די סחורות פון די קראָמען, פאַרגוואַלדיקט יידישע פרויען. די שאָדנס האָבן באַטראָפן צענדליקער מיליאָנען מאַרקן. (די טאָלמיטשער יידן זענען אַרויס פון די דאָזיקע עקסצעסן כמעט נישט באַשעדיקט, אַ דאַנק די גוטע לאָקאַלע באַציאונגען מיט די אָרטיקע איינוווינער און די ווירדיקע האַלטונג פון ד״ר מאַקוך, דער סעקרעטאַר פון דער אוקראַינישער רעגירונג, און שפּעטערדיקער סענאַטאָר אין פּוילישן סענאַט, וועלכער האָט געשפּילט אַ פּאָזיטיווע ראָל בעת די אַנטי־יידישע מהומות).

סוף מאַי 1919 האָבן די אוקראַינער אָפּגעטראָטן און אויף זייער פּלאַץ זענען געקומען די פּאָליאַקן. די יידן האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן צוריק צו זייער פריערדיקער טעטיקייט. בראָש פון דער קהילה איז דאַן געשטאַנען הערש נאַגלבערג.

אויב עס גייט וועגן דער ציוניסטישער טעטיקייט, איז ווערט צו אונטערשטרייכן, אַז אין יאָר 1918, האָבן 23 רבנים אַרויסגעגעבן אַ רוף צו די יידן מיטן אַפּעל צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. צווישן אַנדערע פיגורירן אויף דעם רוף די פאַמיליעס פון די רבנים פון טאָלמיטש און טשאַרטקוו. (פון טאָלמיטש — הרב ציפּ, פון טשאָרטקוו — הרב פרידמאַן).

אין טאָלמיטש הויבט זיך אָן אַ ניי לעבן. דער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, אָרגאַניזירונג פון הילף פאַר די יידן, וועלכע האָבן זיך אָנגעליטן אין משך פון דער 4־יאָריקער מלחמה און נאָך די מלחמה־יאָרן. ס׳הויבט אָנקומען הילף פון אַמעריקע. ס׳אָרגאַניזירן זיך קאָאָפּעראַטיוון, ס׳לעבט ווידער אויף דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט. ס׳באַנייען זייער טעטיקייט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און דער „בונד״. ס׳אַנטשטייט אַ דראַמאַטישער קרייז. אַ גרויסע גרופּע יוגנטלעכע פאָרן אַוועק קיין ארץ־ישראל און אַ פאַר משפחות פאָרן אַוועק קיין אַמעריקע. די יידישע באַפעלקערונג, טראָגט דעם שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ, ווייזט אַרויס אַ גרויסן אינטערעס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַ געלעגנהייט צו אַ באַלעבטער טעטיקייט גיבן די וואַלן צום פּוילישן סיים. וואָס איז פאָרגעקומען דעם 5.11.1922. אַ גייעג נאָך יידישע שטימען גייט אָן צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, (ליסטע נר. 16) „פועלי־ציון״ און „בונד״, ווי אויך די ליסטע פון די אַסימילאַטאָרן בראָש מיט ד״ר רייך. די ליסטע נר. 10 איז די ליסטע, וואָס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן פון די פּאָליאַקן. די דאָזיקע ליסטע האָט צונויפגעקליבן אין גאַנץ מזרח קליין־פּוילן 2619 שטימען און איז פאַרבליבן אָן אַ מאַנדאַט. אויך די ליסטע פון „בונד״ און „פועלי־ציון״ האָבן אָנגעצויגן אַ קליינע צאָל שטימען. דאַקעגן די ציוניסטישע ליסטע האָט באַקומען אין גאַנץ קליין־פּוילן 34 מאַנדאַטן, פון וועלכע סטאַניסלאַוו און די שכנותדיקע פּאָוויאַטן, אַריינרעכענענדיק אויך דעם טאָלמיטשער פּאָוויאַט, האָבן געגעבן 3 מאַנדאַטן.

אַ געוויסער טייל אוקראַינער ווילן נישט אָנערקענען די מזרח־גרענעצן פון פּוילן

און שטימען טיילוויז פאַר דער ליסטע פון די ציוניסטן, טראָץ דעם, וואָס די פּאָליאַקן האָבן אַרויסגעשטעלט אַ באַזונדערע אוקראַ;נישע ליסטע (טוּוערדאָכליב). די יידישע באַפעלקערונג פון טאָלמיטש האָט אין 90% געשטימט פאַר דער ציוניסטישער ליסטע.

ס׳געדענקט זיך די פאַרזאַמלונגען ערב די וואַלן אין „ר׳ זיסיעלעס קלויז״. די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט אדוו. מאַקס האַלפּערין און אַ רעפעראַט האָט געהאַלטן צבי העלער. די בונדיסטן און „פּועלי־ציוניסטן״ האָבן געשטערט די פאַרזאַמלונג און האָבן פאַר יעדן פּרייז געוואָלט זי אויפרייסן, אָבער אַ גרופּע פון דער נאַציאָנאַלער יוגנט האָט זיי פאַרנאַנדערגעיאָגט.

צוזאַמען מיט דער נאָרמאַליזאַציע פון יידישן לעבן אין שטאָט, באַנייט איר טעטיקייט די העברעאישע שול, און אויך די נאַציאָנאַלע פאָנדן „קרן הקיימת״ און דעם טויט פון ד״ר הרצל, און די דאַטע פון דער באַלפור־דעקלעראַציע. חוץ די נאַציאָנאַלע פאָנדן, אַנטשטייט אויך אַ הילפס־קאָמיטעט „עזרה״, הילף פאַר חלוצים.

אין די אַלע קאָמיטעטן זענען פאַרטראָטן פּאַרטייען און יוגנט אָרגאַניזאַציעס (די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג נעמט אַנטייל אין דער פייערונג פון דאָס עפענען דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, אַפּריל 1924). כדי צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון די פאָנדן פון „קרן הקיימת״ און „קרן היסוד״, אָרדנט מען איין פאַרוויילונגען און פייערונגען אין שטאָטישן פּאַרק.

אין יאָר 1924 קומען פאָר וואַלן צו דער קהילה. די ציוניסטישע ליסטע באַקומט די מערהייט שטימען און באַקומט די גרעסטע צאָל מאַנדאַטן. דער סטאַראָסטע האָט אין משך פון עטלעכע חדשים זיך אַנטזאָגט צו אַנערקענען דעם אויסגעקליבענעם קהילה־ראָט, אָבער צום סוף האָט ער נאָכגעגעבן. בראש פון דער קהילה ווערט אויסגעקליבן בלוך, וועלכער אַדמיניסטרירט אין הסכם מיט זיין נאָמינאַציע. שפּעטער ווערט אויסגעקליבן רייס און נאָך אים לעאָן שוועפּעלגייסט, פּיניע ריזל און פאַביאַן אורמאַן.

אין די וואַלן צום שטאָט־ראָט באַקומען די יידן אַ באַדייטנדע צאָל שטימען און זיי זענען דאָרט אַנטשפּרעכנד גוט רעפּרעזענטירט. אין משך פון אַ ריי יאָרן איז דער וויצע־בירגערמייסטער פון שטאָט געווען לעאָן שוועפּעלגייסט. די ציוניסטן געפינען זיך אָפט אין אַ קאָאַליציע מיט די פּאָליאַקן, און מיט די אוקראַינער און מיט דעם איינציקן פאָרשטייער פון די לינקע פּועלי־ציון אין שטאָטראָט, ד״ר שטיינבערג (פאַר די דייטשע ציַיטן דער ראש פון יודנראָט) זיי בילדן די אָפּאָזיציע. אין דעם שטאָט־ראָט זענען אויסגעקליבן געוואָרן: האַלפּערין, ראָזענקראַנץ, רעדנער, שטרייט; און אַנדערע.

אין טאָלמיטש אַנטוויקלט זיך די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זייער פּרוכטבאַר. אַלץ מער שקלים ווערן פאַרקויפט צו די וואַלן פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן. פון דאַנען די גרויסע פאַראינטערעסירונג פון די יידן ערב די וואַלן. אַ דאַנק דאָס אַנטשטיין פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, ציוניסטישע און אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס

אויך אַקאַדעמישע, באַזוכן טאַלמיטש די פירער פון די צענטראַלעס פון לעמבערג און וואַרשע. (זע דעם באַזונדערן קאַפּיטל וועגן די פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין טאַלמיטש). די עסקנים פון טאַלמיטש נעמען אָנטייל אין די קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן פון זייערע פּאַרטייען, וועלכע קומען פאָר אין לאַנד־מאַסשטאַב, אָדער אין די וואָיעוואָדישע צוזאַמענפאָרן. זיי ווערן אויך אויסגעקליבן אין די לאַנד־אינסטאַנצן פון זייערע פּאַרטייען. ד״ר ראָזענקראַנץ איז אייניקע מאָל געווען אויסגעקליבן אַלס דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן. ד״ר ראָזענקראַנץ און ד״ר מאַקס האַלפּערין זענען פאַרטראָטן אין דעם לאַנדראַט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. רעדנער און שטרייט, זענען חוץ ד״ר ראָזענקראַנצן און האַלפּערין אויך מיטגלידער פון דעם קרייז־ראַט אין סטאַניסלאַוו. פון „התאחדות״ איז פון יאָר 1925 מאָטל שפּיגעל אַ מיטגליד פון דעם ראַט אויף דער סטאַניסלאַווער וואָיעוואָדסטווע. לאַם — דער זון פון הרב לאַם פון „מזרחי״, איז פאַרטראָטן אין דעם לאַנד־ראַט פון „מזרחי״. בוניאַ קאָרן און מענדזיאַ קרום, זענען מיטגלידער פון די צענ־טראַלע אָרגאַנען פון די „פּועלי־ציון״ (לינקע). מ. ווורמאַן איז אַ מיטגליד פון דער „בית״ר״ אויף מזרח קליין־פּוילן. אין די יאָרן 1932—1936 און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — אַ חבר אין דער אָנפירונג פון בית״ר אין פּוילן און אַ חבר פון צ. ק. פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, חבר אין דער צענטראַלע פון דער „בריחה״ אין פּוילן און אייניקע חדשים אַ שליח פון דער „בריחה״ אין טשעכאָסלאָוואַקיי. אויך אין ישראל איז ער טעטיק אויף אַלע געביטן. זומער און רייטער זענען מיטגלידער פון דעם לאַנדראַט און געהערן צו דער אָנפירונג פון „בית״ר״ אין דער סטאַניסלאַווער וואָיעוואָדסטוואָ. אַדוו. מאַקס האַלפּערין איז אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פאַר דער העברעאישער גימנאַזיום אין סטאַניסלאַוו. ד״ר אורמאַן איז אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון „טאַז״ אין סטאַניסלאַוו.

די טאַלמיטשער העברעאישע שול אַנטוויקלט אַ רייכע טעטיקייט פאַר דער פּאָפּולאַריזירונג פון דער העברעאישער שפּראַך. די פאָרשטעלונגען פון דעם דראַמאַטישן קרייז ביי דער שול צייכענען זיך אויס מיט גרויס דערפאָלג און אַלץ אָפטער הערט זיך אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס די העברעאישע שפּראַך.

אַ גרויס געשעעניש אין טאַלמיטש איז געווען דאָס אַרויספאָרן פון חלוצים קיין ארץ־ישראל. כמעט די גאַנצע שטאָט האָט געזעגנט די אָפּפאָרנדע.

אויפן פּאָליטישן האָריזאָנט ווערט וואָס אַמאָל פינצטערער. די אַנטיסעמיטישע כוואַליע פון מערב, ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער. די יידן ווערן פּלאַנמעסיק אַרויסגע־שטויסן פון זייערע פּאָזיציעס. דער פּראָצענט פון די דעקלאַסירטע און פאַראָרעמטע ווערט וואָס אַמאָל אַלץ העכער. די יידן נעמען אונטער שריט פון רעטונג: זיי גרינדן אַ באַנק, וואָס גיט אַרויס הלוואות און אין דער באַנק זענען זייער טיכטיק ד״ר ראָזענקראַנץ, דער

דירעקטאָר פון דער פריערדיקער שולע פון באַראָן הירש, אורמאַן, יעקב שטרייט און זיין זון בערנאַרד.

אין די דערפער איז די לאַגע פון די יידן נישט בעסער. אויך דאָרט ווערן די יידן אַרויסגעשטויסן פון זייערע פּאָזיציעס, וועלכע זיי האָבן אין זיינער צייט פאַרנומען.

אַ טייל צווישן די אָנפירער, זעט פאַר, וואָס עס גרייט זיך אין פּוילן. זיי רופן צו אָננעמען פּראַקטישע שריט, כדי צו פאַרמיידן דעם אָנקומעדיקן שטורעם. נישט אַלע האָבן, ליידער, געקענט און געוואָלט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן און אַזוי זענען זיי פאַרבליבן, נישט אויסמיידנדיק דעם טרויעריקן גורל, וואָס האָט געטראָפן די גרעסטע טייל יידן און צוזאַמען מיט זיי די יידן פון טאָלמיטש.

# יחיאל־פישל בר׳ יעקב קאַסטעלמאַן

שלום שטרייט איז נישט געווען דער איינציקער ייד, וועלכער האָט אויסגעוואַנדערט פון טאָלמיטש, ער האָט איבערגעלאָזן זיין הויז און איז אַוועק וואַנדערן אין לאַנד פון זיינע עלטער זיידעס.

אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, איז קיין צפת אָנגעקומען אַ ייד פון טאָלמיטש, יחיאל־פישל בר׳ יעקב קאַסטעלמאַן. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1816. ווען ער איז אָנגעקומען אין לאַנד, איז ער אַלט געווען 34 יאָר, שוין אַ חתונה־געהאַטער און איז געווען אַ פאָטער פון צוויי קינדער: אַ זון און אַ טאָכטער. אַ געבוירענער אין טאָלמיטש, איז ער געווען באַשאָנקען מיט אַ שאַרפן חוש פון קריטיק און גלייכצייטיק געווען זייער רעליגיעז. אַליין אַן אייראָפּעאישער ייד, איז ער געווען פונדעסטוועגן גייסטיק נאָענט צו די מזרח־יידן, וועלכע האָלטן אים אַלס זייעריקער.

די געשיכטע פון זיין נסיעה פון ארץ־ישראל צו זיינע ברידער אין גלות כדי צו אָבסערווירן זייער לעבן, איז דאַן געווען עפּעס אַ נייעס, ער האָט זיך אויסגעטיילט מיט עפּעס אייגנאַרטיקעס פון אַנדערע וואַנדערער, וועלכע האָבן אויך זייער אופן אָבסערווירט און געפאָרשט דאָס לעבן פון די יידן אין פאַרשיידענע ערטער אין די גלות־לענדער, פאַר אים. קאַסטעלמאַן איז טאַקע געווען אַ שליח פון צפת, ווי מען האָט אים גערופן און געקענט. ער איז נישט געפאָרן אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג. ער האָט נישט געזוכט צו טרעפן זיך מיט די יידישע מנהיגים אין גלות, ער האָט אויך נישט באַזוכט די ישיבות, וווּ מען האָט געלערנט תורה. ער האָט אויך נישט אָפּגעטראָטן אין די גוט־פּראָספּערירנדע ישובים און רייכע יידישע קהילות. דער שליח פון צפת קאַסטעלמאַן דערגרייכט דורך סיריע צו די יידישע ישובים פון קורדיסטאַן, ווו ס׳האָבן געלעבט די רעשטלעך פון די

פאַרגעסענע יידן, וועלכע האָבן ליידנשאַפטלעך זיך געהאַלטן אין די יידישע מנהגים און טראַדיציעס און האָבן שטאַלצירט מיט זייער יידישער אָפּשטאַמונג.

קאַסטעלמאַן באַשרייבט די וועגעטאַציע פון דעם פאַרגעסענעם אין יענער צייט יידישן באַרג — שבט, וועלכער איז געווען מיט לייב און לעבן פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. זיי האָבן אין דעם שליח פון צפת געזען אַ שליח פון גאָט. אָט די רייזע האָט קאַסטעלמאַן געמאַכט מיט איבער 120 יאָר צוריק.

(פרטים וועגן קאַסטעלמאַנס רייזע זע אין דעם בוך „אחים קרובים נדחים", אַרויס־געגעבן פון „עם עובד" תש"ג פון ברכה חבס, זייטן 30—32, 102).

# שלום שטרייט

געבוירן אין טאָלמיטש דעם 5.6.1888, אין אַ שטוב פון אַ פאָטער אַ משכיל. דערצויגן געוואָרן אין דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור.

זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אַלס פּובליציסט, האָט ער אָנגעהויבן אין אַ צייט־שריפט אין דער העברעאישער שפּראַך, וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען אין קראָקע און האָט געהייסן „המצפה". די צייטשריפט האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יאָר 1904 און האָט אָן איבעררייס עקזיסטירט ביזן יאָר 1921. אין דער דאָזיקער צייטשריפט האָט זיך אויך געדרוקט די שאַפונגען פון ש. עגנון, אַביגדור המאירי, אורי צבי גרינבערג, שמעון מנחם לאַזאַר.

זיין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן צווישן אַ גרופּע ציוניסטן אין טאָלמיטש. אין יאָר 1908 איז שלום שטרייט אַרויסגעפאָרן פון טאָלמיטש קיין ארץ ישראל. אין לאַנד האָט ער געאַרבעט ביי לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטן. אין יאָר 1922 איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון דעם ישוב „עין חי", וואָס האָט זיך געפונען אין דעם דרומדיקן טייל פון שרון, אויף דער וועג פון פתח־תקוה, צווישן רמת־גן און רעננה. דאָס איז געווען דער ערשטער אין שרון יידישער ישוב אויף דער ערד פון קרן הקיימת לישראל, וועמענס סעקרעטאַר איז די גאַנצע צייט געווען שלום שטרייט. דער ישוב האָט זיך אָנגערופן „עין־חי" — פון אַראַבישן חירבת אלחיה — חירבת הנחש. דער נאָמען עין־חי איז שפּעטער פאַרביטן געוואָרן אויף כפר מל"ל — אויפן פאַרקירצטן נאָמען פון משה לייב ליליענבלום — אַ העברעאישער שרייבער און דענקער און איינער פון די ערשטע מנהיגים פון דער „חובבי ציון" באַוועגונג.

שלום שטרייט איז אייניקע יאָרן געווען אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד, ווו ער האָט פאַרפולקומט זיינע שטודיומס. אין יאָר 1926 איז ער געווען צווישן די גרונט־לייגער פון דער גימנאַזיע א. נ. אחד־העם אין פתח־תקוה. אין אייניקע יאָר שפּעטער איז ער

געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון העברעאישן שרייבער פאַראיין. ער האָט געשריבן אין „הצופה״, „מעברות״, „האדמה״, „רביבים״, „גליונות״, „מאזניים״, „התקופה״ און אויך אין דער טעגלעכער פרעסע.

זיין ערשטער בוך דערציילונגען א. נ. „בעלות השחר״ איז אויפגענומען געוואָרן פון דער קריטיק פאָזיטיוו. די מערהייט פון זיינע קריטישע אָפּהאַנדלונגען זענען אַריין אין אַ צוויי־באַנדיקע אויסגאַבע „פני הספרות״. ער האָט אויך געשריבן לידער. זיין הויפּט מאָטאָ אין זיין שרייבן איז געווען די אידיי פון נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. זיין טאָכטער, שטרייט־וואָרצעל האָט געענדיקט די גימנאַזיום אין פּתח־תקוה און שפּעטער פאַרענדיקט דעם ירושלימער אוניווערסיטעט. זי שרייבט אויף פּעדאַגאָגישער טעמאַטיק און אויך דערציילונגען ווי „ספרות על השיעור״, ביכער „יומן המיצר״, „הבובה מן הבית הקטן״ און „סיפורי ילדים״ פאַר קינדער.

# עמיגראַציע און עליה

די יאָרן 1882 — 1881 בילדן אַ שווערן איבערברוך אין לעבן פון די יידן אין מזרח־איראָפּע. די יידן געפינען זיך אַלץ מער אין שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, ליידן פון פּורעניותן, פּאָליטישע באַגרענעצונגען, דערנידעריקונגען און צום סוף זענען זיי געוואָרן אַן אָביעקט פון רויב און שווערע פּאָגראָמען. די יידישע מאַסן האָבן נישט געהאַט קיין רו. דאָס שטרעבן צו אַ סטאַבילן רואיקן און בעסערן מאָרגן, כדי נישט ווערן דיסקרימינירט אַלס יידן, האָט זיי געשטויסן צו עמיגרירן אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט און באַזונדערס קיין אַמעריקע. זייענדיק באַהערשט פון עמיגראַציע־טענדענצן, זענען זיי ספּעציעל באַווירקט געוואָרן פון דער באַרימטער וואַשינגטאָן־דעקלאַראַציע וועגן גלייכהייט און ברידערלעכקייט פאַר אַלע אָן אונטערשייד גלויבנס און נאַציעס, וועלכע איז פּובליקירט געוואָרן 15 יאָר פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

צווישן די ערשטע גרופּן עמיגראַנטן פון מזרח־איראָפּע קומט אויך אָן אַ קליינע הייפל יידישע עמיגראַנטן פון טאַלמיטש קיין אַמעריקע. מענטשן באַליידיקטע פון גורל, זוכן זיי גליק, פרייהייט און אַ בעסערע צוקונפט אין דער „גאָלדענער אַמעריקע". „גאָלד האָבן זיי דאָרט נישט געפונען" — שטעלן פעסט די געוועזענע טאַלמיטשער עמיגראַנטן אין דער אַמעריקאַנער צייטשריפט „פירסט טלומאַטשער בענעוואָלענט אַססאָציאַטאָן", אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער 60־יאָריקער געפינען זיך אין אַמעריקע, (1961 — 1901), אָבער אַ בעסערע צוקונפט פאַר זייערע קינדער און ראַטעווען זיי פון די היטלעריסטישע גאַז־אויוונס, פון דעם היטלעריסטישן גיהנום — האָבן זיי יאָ דערגרייכט.

שווער איז געווען די לאַגע פון דעם יידישן עמיגראַנט אין אַמעריקע. ער האָט געמוזט אָנהויבן זיין נייעם לעבן אין די שווערסטע באַדינגונגען פון אַרבעטן אין אַ פאַבריק, אין משך פון לאַנגע שעה'ן בייטאָג און אין די נעכט, אָדער פאַרנעמען זיך מיטן גאַסיקן־האַנדל, וואָס האָט געגעבן אַ מינימאַלע עקזיסטענץ.

די עמיגראַנטן האָבן געזוכט מעגלעכקייטן צו וווינען צוזאַמען אין באַזונדערע קוואַרטאַלן. זיי אָרגאַניזירן אייגענע קלובן, לאַנדסמאַנשאַפטן, זיי האָבן אין זייערע געגנטן אייגענע בתי־תפילות, אָרגאַניזירן פאַרשיידענע חברות פון זעלבסט־הילף, גמילות־חסדים, אַזוי ווי אין זייערע פריערדיקע וווינערטער. ס'אַנטשטייען פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען פון דעם „אַרבעטער־רינג", ריידן צווישן זיך אויף יידיש, גיבן אַרויס און לייענען יידישע צייטונגען, אָרגאַניזירן יידישע שולן און ביבליאָטעקן, און אין די פרייע שעה'ן

פון אַרבעט ווערן זיי צעפּרעסן פון נאָסטאַלגיע, דערמאָנענען מיט ליבשאַפט זייערע אַמאָליקע שטעט און שטעטלעך, די געסלעך, משפחות, וועלכע זיי האָבן דאָרט איבערגעלאָזט אויף יענער זייט פון אָקעאַן. צום סוף פון 19־יאָרהונדערט געפינען זיך שוין אין ניו־יאָרק מער ווי 20 יידישע משפחות פון טאָלמיטש. די טאָלמיטשער בויען אויס אַן אייגענע שול, וווּ זיי האָבן 4 ספרי־תורות, זיי האָבן אָפּגעקויפט אַ שטח אויף אַן אייגענעם בית־הקברות, דעם אַזוי גערופענעם „מאונט ציון" אויף לאָנג איסלאַנד. זיי פאַרלייגן די יסודות פון דער אָרגאַניזאַציע „פירסט טלומאַטשער בענעוואָלענט אַססיאָציאַטיאָן", וועלכע ציילט אין דעם טאָג פון 20־טן מאַי 1910 — 56 מיטגלידער.

לויט דער פריערדיקער דערמאָנטער יובל־אויסגאַבע, איז אין די יאָרן 1920—1910 אָנגעקומען קיין אַמעריקע אַרום 400—500 יידישע משפחות פון טאָלמיטש, אָבער נישט אַלע זענען אַריינגעטראָטן אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. פון דאַנען די סיבה, וואָס די אָרגאַניזאַציע איז נישט אויסגעוואַקסן אין צאָל. אַ טייל פון די טאָלמיטשער עמיגראַנטן זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אַלס פריינט פון „אַרבייטער־רינג" און מיט דער צייט שוין דאָרט פאַרבליבן.

אין יאָר 1920 האָבן זיך די פרויען פון די טאָלמיטשער עמיגראַנטן אָרגאַניזירט אַלס אַ סעפּעראַטע גרופּע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט וווילטעטיקייטס־פּראָבלעמען. אַ טייל פון די עמיגראַנטן, אָפּשטאַמיקע פון טאָלמיטש, האָבן אין אַלגעמיין נישט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט. חוץ דעם, איז מיט דער צייט אַ צאָל מיטגלידער אויסגעשטאָרבן. אין יאָר 1926 האָט די טאָלמיטשער לאַנדסמאַנשאַפט אָפּגעקויפט נאָך אַ פּלאַץ אויף אַ צווייטן בית־הקברות „בית־דויד".

די ערשטע עמיגראַנטן פאַרגעסן נישט זייערע ברידער, וועלכע זענען פאַרבליבן אין טאָלמיטש. ווען ס'האָט זיך פאַרענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה און די שווערע ווירטשאַפטלעכע פאָלגן פאַר די טאָלמיטשער יידן, ווי דער גירוש קיין זלאָטשעוו, הונגער און קראַנקהייטן און די פאַראָרעמונג פון דעם גרעסטן טייל פון די יידן, האָבן די מיטגלידער פון דער טאָלמיטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע, זיך געאײַלט מיט קאָנקרעטער הילף פאַר דער רואינירטער יידישער באַפעלקערונג. מ'האָט אָרגאַניזירט טראַנספּאָרטן פון פעקלעך זאַכן און עסנוואַרג פאַר די נאַקעטע און הונגעריקע יידן, וועלכע האָבן געליטן פון די מלחמה־אָפּעראַציעס. פון די פעקלעך אַרויסגעשיקטע פאַר יידן, געניסן אויך נישט יידן. ס'איז ווינשנסווערט צו אונטערשטרייכן, אַז אויף דעם דערנערונגס־פּונקט ביי דער גימנאַזיע האָבן אַלע שילער אָן אויסנאַם פון נאַציאָנאַליטעט געגעסן פון שפּייז: הייסע קאַקאַאָ, און פרישע בולקעלעך — טאַקע פון די מתנות פון די טאָלמיטשער יידן אין אַמעריקע.

נאָכן 1920 יאָר, קען מען נישט פאַרצייכענען פאַקטן פון אַן ערנסטער עמיגראַציע קיין אַמעריקע. דאָס אָנקומען קיין אַמעריקע פאַר די יידישע עמיגראַנטן איז באַשווערט

געוואָרן קודם־כל פון די אַמעריקאַנישע עמיגראַציע ביוראָען, פון דעסטוועגן זענען געווען איינציקע פאַלן פון פאַראייניקן זיך פון משפחות ווי די משפחה האַבער, משפחה קערנער. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין סאַמע ברען פון דעם קריג, דערגייען קיין אַמעריקע די טרויעריקע ידיעות וועגן דער טראַגעדיע פון איירא־פעאישן יידנטום. אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, צוזאַמען מיטן „דזשאָינט", היילן זיך מיט הילף קודם־כל פאר די יידן, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען אין די געביטן, וועלכע זענען פאַרנומען געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי. ס'ווערן באַלד אָרגאַניזירט טראַנספּאָרטן פון פעקלעך זאַכן און שפייז, אָבער אין גרעסטן טייל האָבן די יידן די פעקלעך פאַר די אויגן נישט געזען. אַלץ האָבן צוגענומען די סאָוועטישע פאַרטיי־אָרגאַנען, צווינגענדיק די יידישע פאָרשטייער, וועלכע זיי האָבן אַליין נאָמינירט צו אונטערשרייבן אויף די פאָסט־קבלות, וועלכע האָבן „באַשטעטיקט" דאָס באַקומען פון די פעקלעך דורך יידן.

אין דעם ערשטן פעריאָד נאָך דער מלחמה, האָבן אַ באַדייטנדע הילף באַקומען די רעשטלעך פאַרבליבענע יידן אין פוילן, און ווי אויך די פליטים־לאַגערן אין מערב־דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע. די טאָלמיטשער יידן אין אַמעריקע האָבן זיך אויך איינגעשלאָסן אין דער הייליקער אַקציע און האָבן געהאָלפן מיט פעקלעך, אין די אַלגעמיינע ראַמען, און אויך אינדיווידועל.

אַ טייל פון די געלטער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט די אָנפירונג באַשטימט פאַר דעם „מגבית" און פאַר די „באָנדס". ווען אַמעריקע פירט איין אַ געוויסע פאַרלייכטערונג אין דער עמיגראַציע־פּאָליטיק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, עמיגרירט אַ געוויסע צאָל יידן, אָפּשטאַמיקע פון טאָלמיטש קיין אַמעריקע. דאָס זענען די רעשטלעך פון דער טאָלמיטשער שארית־הפליטה, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליע.

# ע ל י ה

גלייכצייטיק אין דעם זעלבן פעריאָד, ווען ס'איז אָנגעגאַנגען אַן עמיגראַציע קיין אַמעריקע, איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו באַפרייען זיך פונעם גלות. די יידן זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די איינציקע לעזונג פאַרן יידישן פאָלק, איז צו איבעררייסן מיטן גלות און אויפלעבן אַן אייגענע יידישע היימלאַנד אין ארץ־ישראל. אַ דאַנק אָט דעם אידעאישן פאָדעם, הויבן אָן צו אויפשטיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך. דאָס האָט אויך געבילדעט דעם אידעאישן פונדאַמענט צו גרינדן אין טאָלמיטש די אָרגאַניזאַציע „תקות־ציון" אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, קומט קיין ארץ־ישראל אַ ייד פון טאָלמיטש יחיאל־פישל, בן יעקב קאַסטעלמאַן. אָבער בלויז אין יאָר 1908 רעאַליזירט די אידיי פון אומקערן זיך אין יידישן פאָטערלאַנד, שלום שטרייט, אַ שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער און איינער פון די גרונטלייגער פון כפר מל״ל אין דעם דרומדיקן טייל פון שומרון.

דער סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דאָס פאַרנאַנדערשפּרייטן זיך די אידיי פון אינדיווידועלער פאַרווירקלעכונג און אינדיווידועלן ביישפיל, האָט גורם געווען דערצו, אַז פון טאָלמיטש פאָרט אַרויס אַ גרויסע גרופּע פון דעם שומרישן אַקטיוו, מיטן ציל צו באַזעצן זיך אין די ניי אַנטשטאַנענע קיבוצים אין ארץ־ישראל. די באַגייס־טערטע מענטשן פאָרן אַרויס מיטן געדאַנק און שטאַרקן ווילן צו העלפן מיט די אייגענע הענט אויפבויען דאָס לאַנד, נישט קוקנדיק אויף די שווערע און פרימיטיווע באַדינגונגען, וועלכע האָבן דאַן געהערשט אין ארץ־ישראל, אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט.

אַ טייל פון די עולים האָבן שפּעטער אָנגעהויבן אַרבעטן אין פאַרשיידענע פונקטן פון לאַנד און אויך אין די שטעט. צו דער גרופּע האָבן געהערט: גאָפער (בערנאַרד שוועפּעלגייסט), ווידער, פישער, דירענגער, קרום, אבני (שטיין), וואונדערמאַן, די שוועסטער בלומענשטיין, די האָבערמאַנס, זייפער, שפּירער, אברהם קאָרנבערג, וועלכער האָט זיך שפּעטער צוריקגעקערט, און אַנדערע. נאָך זייער אַרויספאָר, אָרגאַניזירט זיך אַ צווייטע גרופּע חלוצים און זענען עולה קיין ארץ־ישראל. גוטשטיין און מאוטנער. פון „החלוץ המזרחי״ פאָרן אַרויס קיין ארץ־ישראל: וויטמאַן, ווינער, ביקל, שמואל הירש, שפּירער, שרה באַראַן, בעניע האַרץ און אַנדערע. פון „השומר־הצעיר״ פאָרן אַרויס: יצחק לעפּאָלד, לאַנעק וואורמאַן, גאָטליב שמואל. אין די יאָרן פון דער 4־טער עליה, פאָרן אַרויס קיין ארץ־ישראל די משפחות פון הרצל אינזליכט און שפּעטער יואל רעדנער. פון די ציוניסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס: „בית״ר״, „גורדוניה״, „השומר־הצעיר״, פליסט די עליה מיט אַ שמאָלן שטראָם, היות ווי וועגן דער עליה דעצידירן די באַקומענע צאָל סערטיפיקאַטן. אויף גאַנץ מזרח קליין־פוילן, איז פונדעסטוועגן באַשטימט געוואָרן 50—60 סערטיפיקאַטן, אויף דעם אַזוי גערופענעם „שדיול״ — האַלב יאָר. חוץ די אויבן אויסגערעכנטע פערזאָנען, זענען אַרויסגעפאָרן אין די יאָרן 1925—1939 די פאַמיליע ווייסמאַן — 4 פערזאָן, פון „גורדוניה״ — צילאַ שפּיגעל, פון „השומר־הצעיר״ — געניאַ ראָזענטאַל, פון „בית״ר״ — פרידקאַ האָבער, גוטמאַן, פעפקא גוטשטיין, שרה ווייסמאַן, מאַטילדאַ שעכטער, שמואל מויטנער, אָשע האָבער, הינדאַ הענוך און אַנדערע.

אין די ראַמען פון דער עליה סדקוב ((לאַנדווירטשאַפטלעכע עליה), זענען אַרויס־געפאָרן איינציקע משפחות, צווישן זיי דער וויין־ברענער פון ביאַלע מאַרגולעס, יחיאל קניפּל און שפּיגעל מרדכי (איצט אַרבעט ער אין דעם יקב פון ראשון־לציון).

די איינגעאָרדנטע אין ארץ־ישראל מכבי׳אָדע, האָט אויך געגעבן אַ מעגלעכקייט איניקע צו פאַרבלייבן אין לאַנד, נאָכן פאַרענדיקן די ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. אַזוי איז דאַן געבליבן אין לאַנד איזיו לעאָפּאָלד פון טאָלמיטש.

הונדערטער יוגנטלעכע האָבן געשטרעבט צו אַרויספאָרן, אָבער בלויז אַ קלענער טייל פון זיי האָט דאָס געקענט פאַרווירקלעכן.

ווען אין די יאָרן 1937—1939 הויבט זיך אָן אַן אומלעגאַלע עליה, געפינען זיך אויך קאַנדידאַטן פון טאָלמיטש. פון דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, איז דאָס געווען דער לעצטער פּרוּוו צו ראַטעווען אַ גרויסן טייל פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום פון אומקום אין די שפּעטערדיקע מלחמה־יאָרן. דאָס איז נישט געווען דער ערשטער פּרוּוו צו אַריינבאַקומען זיך אויף אַן אומלעגאַלן אופן קיין ארץ־ישראל, אָבער דאָס מאָל האָט זי אָנגעהויבן אַ מאַסן־כאַראַקטער. ס׳איז נישט געווען קיין איין שטאָט און שטעטל אין גאַנץ פּוילן, ווו ס׳האָבן זיך נישט אָרגאַניזירט גרופּן פאַר דער אומלעגאַלער עליה. אין טאָלמיטש האָט אַזאַ גרופּע אָרגאַניזירט יוסף זומער, אָבער די דאָזיקע גרופּע האָט שוין נישט באַוויזן צו אַרויספאָרן. ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, קיין טאָלמיטש זענען אַריינגעקומען די סאָוויעטישע טאַנקן (אַזוי ווי אין גאַנץ מערב־ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע, אין הסכם פון מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך), און מיטן אויסברוך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה, האָבן די היטלעריסטישע האָרדעס, אַ סוף געמאַכט פון גאַנצן יידנטום אין די אָקופּירטע דורך זיי טעריטאָריעס, אין הסכם מיט דער ראַסיסטישער טעאָריע פון דעם „הערן־פאָלק״.

ס׳איז ווינשנסווערט צו דערמאָנען אויף דעם פּלאַץ נאָך אַ טיפּ פון אַן עליה. דאָס איז געווען די עליה פון אַ טייל סטודענטן, וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט צו פאָרזעצן זייערע לימודים אויפן ירושלימער אוניווערסיטעט. אויף אַזאַ אופן זענען אַרויסגעפאָרן פון טאָלמיטש קיין ארץ־ישראל בלומקאַ רעדנער, — די פרוי פון ד״ר שטרייפעלד (דער אָנפירער פון איינער פון די אָפּטיילונגען אין איכילאָוו־שפּיטאָל אין תל־אביב). יצחק כ״ץ ז״ל (הוס), איינער פון די אָנפירער פון דער פראַנצויזישער גימ־נאַזיע „אַליאַנס״ אין תל־אביב.

דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט גורם געווען דאָס פאַרמאַכן די גרענעצן פון ארץ־ישראל, אָבער דער ועד־העליה אין רומעניע גיט זיך נישט אונטער. שוין גלייך נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, שווימען אָפּ פון די פּאָרטן פון רומעניע איניקע שיפלעך מיט אומלעגאַלע עולים, צווישן אָט די אומלעגאַלע שיפלעך געפינט זיך „מקדוניה״, די שפּעטער אָנגערופענע „סטרומאַ״. דאָס איז געווען אַ טייך־שיפל, וועלכע האָט געשווומען צום דונאַי, און איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר לאַנגע און שווערע טראַסעס איבערן שוואַרצן ים. אָבער דער ווילן צו אַרויסקריגן זיך פון אייראָפּע פאַר יעדן פּרייז, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אויפן שיפל האָבן זיך געפונען 769

פאַסאַזשירן. זיי האָבן געשווומען מיט דעם שיפל אין משך פון אייניקע וואָכן אויף די וואַסערן, וועלכע זענען מינירט געוואָרן דורך די קעמפנדע אַרמייען, און צום סוף, זענען זיי אָפּגעטריבן געוואָרן פון דעם טערקישן ברעג און דאָס שיפל איז טאָרפּעדירט געוואָרן; פון דער אויבן אויסגערעכנטער צאָל פּאַסאַזשירן, איז געלונגען זיך צו ראַטעווען בלויז איין ייד. צווישן די קרבנות פון „סטרומאַ" האָט זיך אויך געפונען דער טאָלמיטשער ייד, יהושע העניגסבערג מיט זיינע צוויי טעכטער (אַ ברודער פון בן־עמי העניגסבערג אין ישראל).

ס׳זענען אויך געווען פאַלן פון עליה אין דער צייט פון דער מלחמה. אין דער צייט איז אָנגעקומען אין לאַנד דזיונא האַליטשער, איצט פּראָפעסאָר לויטוס, דער אָנפירער פון אַן אָפּטיילונג אין ביילינסאָן־שפּיטאָל, ווען ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפן פון ווין, און דורך יוגאָסלאַוויע איז אים געלונגען צו דערגרייכן די ברעגן פון ארץ־ישראל.

פאַרשידן זענען געווען די וועגן פון עליה פון דער שארית־הפליטה, אויף פאַרשידענע וועגן, געראַטעוועטע פון אומקום, האָבן זיי אין דער גרעסטער טייל מצליח געווען צו אָנקומען קיין ישראל, כדי צו אָנהויבן דאָ זייער נייעם לעבן.

אין יאָר 1946 האָט דער פּאַלעסטינע־אַמט באַקומען 5 סערטיפיקאַטן פאַר ציוניסטישע עסקנים פון פּוילן, וועלכע זענען פאַרבליבן ביים לעבן. אויף איינעם אַזאַ סערטיפיקאַט, קומט אָן אין לאַנד די פרוי פון מוניו ווורמאַן, גוסטאַ, פון שטוב ווייץ, און ער אַליין האָט באַקומען אַ סערטיפיקאַט פון דער ענגלישער מאַנדאַטאָרישער מאַכט, אויף דער בקשה פון זיין פרוי, (אין די ראַמען פון דאָס רעכט צו פאַראייניקן משפחות).

אין די יאָרן 1945—1948, איז אויך געווען אַן אומלעגאַלע עליה פון ציוניסטישע עסקנים, אָרגאַניזירט פון דער „הגנה". מיט דער דאָזיקער עליה קומט די משפחה פון טאָלמיטש, ד״ר אַלעקסאַנדער שוואַרצבאַרד מיט זיין פרוי יולקאַ, פון שטוב ווינטערפעלד. ד״ר שוואַרצבאַרד איז מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און צוזאַמען מיט דער אַרמיי איז ער אַנטלאָפן קיין רומעניע, וווּ ער האָט געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל. אויף אַזאַ אופן איז אים געלונגען צו איבערלעבן דעם חורבן, וואָס האָט געטראָפן דעם אייראָפּעאישן יידנטום. ד״ר שוואַרצ־באַרד, וועלכער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער ציוניסטישער אידיי, האָט נישט אויפגעהערט זיין אַקטיוו אויך אין די ציוניסטישע קרייזן אין רומעניע. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין „עליית־הנוער" אַלס איינער פון די אָנפירער פון אַ „גליל". אַ דאַנק זיין אומדערמידלעכער אַרבעט און איניציאַטיוו, איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אַ טייל יידן, וועלכע האָבן געדינט אין דער סאָוועטישער אַרמיי. דאַקעגן די פרוי פון ד״ר שוואַרצבאַרד יולקאַ שוואַרצבאַרד, וועלכע איז פאַר דעם סאָוועטישן פעריאָד אַרויס־געפירט געוואָרן דורך דער נ.ק.וו.ד. קיין סיביר, אַלס פרוי פון אַ פּוילישן אָפיציר,

איז נאָכן אַדורכמאַכן דעם גיהנום פון די סאָוועטישע לאַגערן, מצליח געווען צו אומקערן זיך קיין פוילן, קראָקע, פון וואַנען זי האָט געפונען אַ וועג קיין רומעניע, כדי זי זאָל זיך שפּעטער קענען פאַראייניקן מיט איר מאַן. פון רומעניע, איז אַ דאַנק דער אומלעגאַלער עליה פון די עסקנים, אָנגעקומען ד״ר שוואַרצבאַרד מיט זיין פרוי אין לאַנד, ערב דעם סוף פון דעם מאַנדאַט און פּראָקלאַמירונג פון מדינת־ישראל.

מיט דער פּראָקלאַמירונג פון בן־גוריון וועגן סוף פון ענגלישן מאַנדאַט און פּראָקלאַמירונג פון אַ זעלבסטשטענדיקער מדינת־ישראל, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין לאַנד שיפן מיט עולים פון דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, קאַפריסין. מיט דער עליה קומען אָן אויך די רעשטלעך פון דער פאַרשניטענער טאַלמיטשער קהילה: משפּ׳ הירש דראַפּער, ש. צופּפער, מעכל סאַלאמאָן, משפּ׳ בלאַנד, מאיר נויסבוים, יידל פייער, האַבער, סוניע קערנער, משפּ׳ יונג־קוץ, אפרים שרייער, און פיל אַנדערע. מיט דער יוגנט־עליה עטקע און משה אינזליכט. דאָס איז די שארית־הפליטה פון טאַלמיטש, וועלכע האָט אויף אַ פאַרשיידנאַרטיקן אופן אַדורכגעלעבט די היטלעריסטישע אָקופּאַציע אין פאַרשיידענע ערטער און אויך אַ טייל יידן, וועלכע האָבן זיך אין די מלחמה־יאָרן געפונען אין ראַטן־פאַרבאַנד. אַ דאַנק דער רעפּאַטריאַציע פון די געוו. פּוילישע יידן פון רוסלאַנד קיין פּוילן, אָפּזיינענדיק דאָרט אַ געוויסע צייט, האָבן זיי געפונען דעם וועג קיין ארץ־ישראל.

צוזאַמען מיטן אַנטשטיין פון מדינת־ישראל, קומען אָן פון פאַרשיידענע לענדער אין לאַנד אַ געוויסע צאָל מיליטעריש־אויסגעשולטע מענטשן, וועלכע האָבן געאיילט צו אָנשליסן זיך אין דעם אָקאָרשט אָרגאַניזירטער יידישער אַרמיי, צ.ה.ל. און העלפן בויען זיין מיליטערישן פּאָטענציאַל. צווישן זיי האָט זיך געפונען אַן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי פון פאָלקס־פּוילן, אַן אָפּשטאַמיקער פון טאָלמיטש, מאַקס האַרטנשטיין, וועלכער האָט אַדאָפּטירט דעם פּוילישן פאַמיליע־נאָמען קאַראָל זאַוואַדסקי, איצט זאַוואַדי. אים איז געלונגען אַדורכלעבן די היטלעריסטישע אָקופּאַציע אויף פּוילישע פּאַפּירן. ער איז געווען אַ קאַמפּס־פּילאָט און נאָך דער מלחמה, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס מיליטערישער אַטטאַשע אין דער ישראלדיקער אַמבאַסאַדע אין איטאַליע, און שפּעטער אין יוגאָסלאַוויע. איצט איז ער אַ הויכער אָנגעשטעלטער אין איינע פון די מלוכה־אַמטן אין לאַנד.

ס׳איז נויטיק צו אונטערשטרייכן, אַז אין די יאָרן 1944—1947, איז געווען טעטיק אין פּוילן די „בריחה״, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויסשיקן די גרעסטעוועטע יידן קיין איטאַליע, עסטרייך, דייטשלאַנד (מערב־דייטשלאַנד). די טעטיקייט פון דער „בריחה״ האָט פאַר זיך געשטעלט 2 צילן: אַרויסשיקן וואָס אַ גרעסערע צאָל יידן פון די מדינות פון דעם מזרח־בלאָק אויף מערב, כדי דאָרט צו קאָנצענטרירן אַ גרעסערע צאָל יידן, וועלכע וועלן זיין גרייט עולה זיין קיין ארץ־ישראל. דער צווייטער ציל איז געווען צו אַרויסשיקן וואָס פריער ספּעציעלע שליחים קיין רוסלאַנד, אָנבינדן דאָרט מיט די יידן

אַ קאָנטאַקט, כדי זיי זאָלן זיך וואָס גיכער אַריבערפּעקלען קיין פּוילן און פון דאָרט זיי איבערוואַרפן אין די מערבדיקע לענדער, פון וואַנען זיי האָבן באַדאַרפט זיך דער־קלייבן קיין ארץ־ישראל.

די טעטיקייט פון די ספּעציעלע שליחים אין רוסלאַנד איז געווען זייער אַ ריזי־קאַלישע, און האָט איינגעשלונגען נישט ווייניק קרבנות.

אַ מיטגליד אין דער צענטראַלע פון דער „בריחה" אין פּוילן איז געווען מוניו וורמאַן. אַ דאַנק דער טעטיקייט פון דער „בריחה", איז געלונגען צו אַרויסשיקן אַ געוויסע צאָל יידישע אָפיצירן פון דער פּוילישער און סאָוועטישער אַרמיי אויף מערב.

חוץ דער „בריחה", איז אויך געווען טעטיק אין פּוילן אַ גרופּע יידן, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט אָפּגעפינען יידישע קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פּוילישע קלויסטערס און מאָנאַסטירן, אָדער אין פּוילישע יתומים־הייזער. אָפּגעפינען יידישע קינדער און אַרויסרייסן זיי פון די קריסטלעכע הענט און אומקערן זיי צוריק צום יידישן גלויבן, איז געווען איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן.

דאָס איז געווען אַ הייליקע שליחות, וועלכע איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ריזיקע. ס׳האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסער מסירת־נפש פון די טוער, בכדי צו אויספאָרשן, אין וועלכע הענט, אין וועלכע פלעצער ס׳געפינען זיך יידישע קינדער. אַרויסנעמען זיי אויף אַ לעגאַלן און אומלעגאַלן אופן פון זייערע קריסטלעכע אַפּוטרופּסים און אומקערן זיי צום יידנטום. נישט זעלטן האָבן זיך די דאָזיקע טוער געפונען אונטער טעראָר דראָונגען און אויך אין קאָנפליקט מיט דער געזעצגעבונג פון דער פּוילישער רעפּובליק און פון ראַטנפאַרבאַנד.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איינע פון אַזעלכע קינדער, האָט זיך אָפּגעפונען אין אַ מלוכהשן קינדערהיים, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין טאָלמיטש. די אויפגאַבע צו אַרויסקריגן דאָס קינד פון דעם קינדערהיים איז אָנפאַרטרויט געוואָרן לייזער בוכוואַלדן, אַן אָפּשטאַמיקער פון ניזשניוו. ער איז אַוועק צופוס פון סטאַניסלאַוו קיין טאָלמיטש און האָט די אַרויפגעלייגטע אויף אים אויפגאַבע אויסגעפילט. איצט איז דאָס אַרויסגעראַטעוועטע קינד פון פּוילישן יתומים־הויז אַ דערוואַקסענער מענטש. דאָס איז הרב דוד האַלפּערין, דער אָנפירער פון דער ישיבה „תפארת ציון" אין בני־ברק.

# פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס

אפרים שרייער

## „צעירי־ציון"

גלייך נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָט זיך געלאָזט מערקן אַן אָנהויב פון אַ תקופה פון סאָציאַלע און נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישן־באַפרייערישן אויפגאַנג ביי דער יידישער יוגנט אין שטאָט און שטעטלעך פון פוילן, גאַליציע. דער עמאָציאָנעלער רענעסאַנס האָט אַרומגעכאַפּט די שענסטע טיילן פון דער נאָך־מלחמהדיקער יוגנט.



„צעירי־ציון" בטלומץ'

פיל האָפענונגען און דערוואַרטונגען האָט יענע צייט אָנגעזאָגט די תקופה פון רעוואָלוציאָנערן באַפרייערישן „אַני־מאַמין״, אַ ווילן צו מאַכן אַ סוף צום סטאַטוס פון מלחמה־אומזין. צו יענער צייט, איז אויך ביי אונדז — די וועלט פון קליינעם שטעטל — אַנטשטאַנען דער „השומר־הצעיר״ און אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון מיידלעך, די „צעירי־ציון״, צוויי ראָמאַנטישע „שיבת־ציון״ שטרעמונגען.

מיט דער אָרגאַניזאַציע פון „צעירי־ציון״ האָבן דאַן אָנגעפירט לאה׳קע לענץ, באַנדע לענץ, האָדל צוויקער, לאה׳קע קאָרן, רייזל וווכער, וויס, פופע בערגער א. אַנד.

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אָן ספק געווען דער ערשטער פרילינגס־שוואַלב אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער מלחמה.

## לינקע „פועלי־ציון״

די גרינדונג פון „פועלי־ציון״ אין טאָלמיטש דאַטירט זיך פון די פריסטע יאָרן פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, זי האָט געווירקט אין אַלע פאָרמאַציעס פון דער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג. ס׳איז אַפילו נאָטירט, אַז שמואל אינזליכט, — אַ טאָלמיטשער, איז געווען איינער פון די מיטרעדאַקטאָרן פונעם „פועלי־ציון״ אָרגאַן אין ווין „דער יידישער אַרבעטער״.

בעת דער שפּאַלטונגס־קאָנפערענץ אין לעמבערג אויף „רעכטע״ און „לינקע״, האָט די טאָלמיטשער אָרגאַניזאַציע גלייך פון אָנהויב אין איר מערהייט דעפינירט זיך אַלס „לינקע „פועלי־ציון״. צווישן די דעלעגאַטן אויף דער קאָנפערענץ זענען אָנוועזנד געווען: מענדזיע קרום, מענדל רעדנער און אַנדערע.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, זענען אויך אין טאָלמיטש פאָרגעקומען פּאָליצייאישע רעפּרעסיעס און אַרעסטן. צווישן אַנדערע זענען דאַן אַרעסטירט געוואָרן בוניע קאָרן, נפתלי האָבער און אַנדערע.

די אָרגאַניזאַציע האָט נישט פאַרמאָגט קיין לעגאַלן סטאַטוס און האָט עקזיסטירט אונטערן נאָמען „אחוה״ און „באָראָכאָוו־ביבליאָטעק״. די „פועלי־ציון״ האָט פאַרמאָגט אַ היפשע צאָל מיטגלידער און אויך אויסגעווירקט אינעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט, געהאַט אירע פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט און אין דער קהילה. די חברים, ווי אויך די פּאָליטישע פעריפעריע, האָבן זיך רעקרוטירט פון אַרבעטער און קליינבירגער.

די טאָלמיטשער אָרגאַניזאַציע האָט זיך גערעכנט צו די אָנגעזעענסטע אָרגאַניזאַציעס אין מזרח־גאַליציע, סיי לויט איר פּאָליטישן אָנזען און איינפלוס אויף די פאָלקס־שיכטן אין שטאָט און סיי לויט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער לעבהאַפטער טעטיקייט.

דאָס איז אַ דאַנק דעם, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט פאַרמאָגט אַ צאָלרייכן ווירקנדיקן אַקטיוו. ביי יעדער אַלגעמיין־פּאָליטישער קאַמפּאַניע, ווי אויך ביי קאָמונאַלע פראַגן, האָט די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע זייער ווירקזאַם רעאַגירט.

אויפן קולטור־געביט, האָט „פּועלי־ציון" געהאַט צו פאַרצייכענען אַ ריי דער־גרייכונגען, באַזונדערס אויפן געביט פון קולטיווירן די יידישע ליטעראַטור. די „באָראָכאָוו־ביבליאָטעק" — די איינציקע יידישע ליי־ביבליאָטעק אין שטאָט, האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל אַבאָנענטן. ס'פלעגן אויך איינגעאָרדנט ווערן פאַרשידענע אימפּרעזעס, פאָרשטע־לונגען, פאָרלעזונגען מיט אייגענע און אַראָפּגעבראַכטע פרעליגענטן, שרייבער און קינסטלער.

ביי דער אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען אָרגאַניזירט אַ גרופּע יוגנטלעכע א.נ. „יוגנט", מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט מאיר העניגסבערג, ווי אויך אַ ספּאָרט־קרייז „גוויאַזדאַ" („שטערן"). כאַראַקטעריסטיש פאַר דער געזעלשאַפטלעכער ווירקונג, איז כדאי צו דערמאָנען איין וויכטיקן פאַקט: בעת די פאַרוואַלטונג פון ענדעקישן „סאָקאָל"־זאַל האָט אין איין צייט נישט דערלויבט פאַרדינגען דעם זאַל פאַר יידישע אימפּרעזעס,



אַ גרופּע חברים פון לינקע „פּועלי־ציון"

האָט דאָן די פּאַרטיי אָרגאַניזירט אַ באַיקאָט מיט פּיקעטן און באַוואַכט, אַז יידן זאָלן נישט באַזוכן קיין איין פאָרשטעלונג, אָדער פילם, וועלכע ווערן געוויזן אין „סאָקאָל״־זאַל. נאָך איניקע מאָנאַטן איז געלונגען צו ברעכן דעם באַשלוס פון נישט פאַרדינגען דעם זאַל פאַר יידן.

צום אַקטיוו פון דער אָרגאַניזאַציע זאָלן דערמאָנט ווערן אַ ריי נעמען: יוסף האַבער, שמעון באַרון, מענדזיע קרום, עלע רעדנער, מענדל רעדנער, שלמה שפּונד, מאָטיע גראָס, חיים אינזליכט, לייבטשע שפונד, ווייטער די חברים: שמואל מויטנער, ניסן דובעסטער, ה. קאָרן, משה צילער און אפרים שרייער. ס׳באַדאַרף אויך דערמאָנט ווערן מרדכי פייערמאַן, וועלכער איז צוליב זיין קראַנקהייט נישט שטענדיק געווען אַקטיוו, ווי דאָס איז געווען אין די אָנהויב־יאָרן.

עס פלעגן אויך אָפּט קומען פרעליגענטן פון די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער פּאַרטיי. צווישן די הויפּט־רעדנער פון דער פּאַרטיי, וועלכע פלעגן באַזוכן טאָלמיטש, זענען אין דער ערשטער ריי געווען: זרובבל, ערעם, פּעטערזייל, יוסף ראָזן, אינזש. שטיינמעץ, י. מ. מאַרקשייד, י. וואָראַנסקי, משה גרוב און אַנדערע.

## סתם „החלוץ״

געווען אויך אַן אָרגאַניזאַציע פון סתם „החלוץ״, וועלכע האָט עקזיסטירט ווי אַ זעלבסשטענדיקער פאַראיין. ס׳האָבן אויך אין „החלוץ״ געקענט געהערן חברים פון אַנדערע יוגנט אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. די טעטיקייט פון „החלוץ״ האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אַרום די פראַגן פון הכשרה און עליה.

דער לאָקאַל פון „החלוץ״ איז געווען ביי זלמן וויינטרויב אין הויז.

צום אַקטיוו פון החלוץ האָבן געהערט: שמואל מויטנער, ניסן דובעסטער, מאיר גוטשטיין, שיקעלע שאַפּיראָ, וועלוול סאַלאָמאַן און אַנדערע.

דער „החלוץ״ האָט עקזיסטירט און געפירט זיין טעטיקייט ביז אין די צוואַנציקער יאָרן. מיט דער עליה פון אַ טייל חברים פונעם אַקטיוו, האָט דער „החלוץ״ אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט אַלס אָרגאַניזאַציע.

# דער „בונד"

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט איר אויסשליסלעכע השפּעה אויף די בעלי־מלאכה־קרייזן, באַזונדערס פון עלטערן דור. די אָרגאַניזאַציע האָט אויך פאַרמאָגט אַן איינפלוס אויף דער פעריפעריע פון יידישער אָרעמקייט. טראָץ דעם, האָט דער „בונד" נישט מצליח געווען צו אַריינפירן איר פאָרשטייער אינעם שטאָט־ראַט.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, איז אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון שייע יונג אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קינדערהיים, ס'איז אפילו אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַ קוואַלי־פיצירטע לערערין פון ווילנע, דער פּרווו האָט זיך נישט איינגעגעבן. אַ באַדייטנדיקן איינפלוס האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אויך געהאַט אויף דעם האַנטווערקער־פאַראיין „יד־חרוצים". נאָכן ערשטן וועלט־קריג איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ שפּייז־קאָנסום אונטער דער השפּעה פון „בונד".

וועגן דער אַנטשטייאונג פון „בונד" דערציילט שייע יונג ז"ל: „בעת איך האָב זיך באַזעצט אין טאָלמיטש אין 1909, האָב איך זיך דאָרט צווישן אַנדערע באַקאַנט מיט אַ יונגנמאַן, אַ העלפער ביי אייזיק מלמד — סרול — דער בעלפער — האָט מען אים גערופן. פריער האָט ער געוווינט אין סטאַניסלאַוו. ער האָט, זעט אויס, וועגן מיר געהערט אַלס דער וואָס האָט בשעתו אָנגעפירט מיט אַ שטרייק פון די בעלפער מטעם זש.פּ.ס. ער האָט אויך געלייענט מיין קאָרעספּאָנדענץ געשריבן אין „סאָציאַל־דעמאָקראַט" קעגן די „מאַשקעס", וועלכע רופן צו פּאָלאַניזאַציע. סרול, איז געווען אַ פלאַמיקער סאָציאַליסט און אָנגעהויבן פּראָפּאַגירן צווישן דער יוגנט וועגן דער נויטווענדיקייט זיך צו אָרגאַני־



דער „בונד" אין טאָלמיטש

זירן. בשעתו, האָט אויך געווינט אין טאָלמיטש אַ סטודענט מעלצער, ער האָט שטודירט יורי, אויך אַ סטאַניסלאַווער. ער צוזאַמען מיט פיניע „דעם לאַנגן״ (הערש בערגערס זון) האָבן אָנגעהויבן פירן אַ באַשיידענע קולטור־אַרבעט אין יידיש, געשאַפן אַ קליינע לייַ־ביבליאָטעק, אַבאָנירט פרצעס „יום־טוב בלעטער״, אָרגאַניזירט לעקציעס פאַר יידיש שרייבן צווישן דער אַרבעטער־יוגנט א.אַ.וו. דער קולטור־פאַראיין האָט געהאַט אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער (זש.פּ.ס.). די אַרבעטסגעבער האָבן נישט גערן געזען די דאָזיקע פאַראיין־טעטיקייט און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען געפּרוווט שטערן דער אַרבעט״.

אין 1912 האָט די עסטרייכישע אַדמיניסטראַציע געשלאָסן דעם פאַראיין־לאָקאַל. ערשט אין 1917, מיטן אָנהויב פון דעם אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם, און מיטן אָנשטיין פון אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך אויך אָרגאַניזירט די בונדישע גרופּע אין טאָלמיטש.

צום אַקטיוו פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט: שייע יונג, יאַנקל ביברינג, עלע דרוקער, דוד זעליק גלייס, צייכנער און אַנדערע.

מוניו ווורמאַן

## „השומר־הצעיר״

ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געווען דער איינציקער אָרט, ווו חוץ דער העברעאישער שולע און די שולע פון באַראָן הירש, האָט זיך די טאָלמיטשער יוגנט געטראָפן (אויסער דעם חדר) און האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו הערן וועגן דעם ווידערגעבורט פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

די גרינדונג פון דער גימנאַזיום און דער אָנהויב פון דער אַנטוויקלונג פון דער סקויטן־באַוועגונג, האָט אויך סטימולירט דעם געדאַנק צו גרינדן אַזאַ טיפּ אָרגאַניזאַציע אויך ביי דער יידישער יוגנט, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז אין די גרעסערע שטעט, ווי לעמבערג, סטאַניסלאַוו, זענען שוין געווען פּרוּוון צו גרינדן אַ סקויטן־באַוועגונג ביי דער יידישער יוגנט אין יענע שטעט. אין די יאָרן 1910—1913, איז אַנטשטאַנען די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צופים״ אין לעמבערג, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר אפרים וואַשיץ. אין דער זעלבער צייט, האָבן זיך אויך געגרינדעט די אָרגאַניזאַציעס פון „השומר־הצעיר״.

אין „צעירי־ציון״ האָט געצורטעוועט דער געדאַנק און ווילן צו פאַרבייטן די אָרגאַניזאַציע אויף יסודות פון אַ סקויטן־באַוועגונג, דורך לייגן אַ דרוק אויף אַ דער־

ציאונג פון אַ סקויטן־כאַראַקטער. גלייכצייטיק, פּאַראַלעל, נישט אָן דעם איינפלוס אויף די יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, זענען געווען שטראָמען, וועלכע האָבן געגורטעוועט אין דער באַוועגונג פון דער דייטשער יוגנט. ערשט מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פיל פון דער יוגנט, וואָס איז אַנטלאָפן, צוליב די קריגס־אָפּעראַציעס פון דעם ראַיאָן, און האָבן זיך געטראָפן אין ווין, האָט זיך אויך דאָרט אויסקריסטאַ־ליזירט דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן די יוגנט אין ציוניסטישן גייסט און אַדאַפּטירן די סקויטן־פאָרם. ווען די יוגנט האָט זיך ווידער צוריקגעקערט אין זייערע היימען, האָבן אָנגעהויבן אַנטשטיין די קנים פון „השומר־הצעיר״.

אַן ענלעכער פּראָצעס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן דער יידישער יוגנט אין טאָלמיטש. סטודענטן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון ווין, האָבן אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די יידישע יוגנטלעכע אין די אָרגאַניזאַציעס פון „השומר־הצעיר״. צו די גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע אין טאָלמיטש, האָבן געהערט: ברוך שוועפעלגייסט (שפּעטער גאָפער), די האַבערמאַנס, מונצער (פּראָפ׳ דירינגער), ווידער, די פר׳ בלומענ־שטיין, שפּירער, שפּיצבאַך, ווילא שפּירער און אַנדערע.

ס׳איז זיי געלונגען צו אָרגאַניזירן די יוגנט, וועלכע איז געווען מחוץ די ראַמען פון דער שול און די גאַנצע גימנאַזיאַלע יוגנט. די לאָקאַלן האָבן זיך געפונען אין די



הקבוצה הראשונה של „השומר־הצעיר״ בטלומץ׳ — 1918/19
די ערשטע „השומר־הצעיר״ גרופּע אין טאָלמיטש — 1918/19

הינטערשטע בנינים פון דעם פיש׳ס האָטעל. מ׳האָט אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט דעם הויפּט־ראַט אין לעמבערג, איינגעאָרדנט העברעאישע קורסן, פאַרלייגט אַ ביבליאָטעק, ס׳איז אויך אַנטשאַנען אַ ספּעציעלע גרופּע, וועלכע איז געגאַנגען האָקן האָלץ ביי יידן, און די פאַרדינטע געלטער זענען געגאַנגען אויף די באַדערפעונישן פון דער אָרגאַניזאַציע.

די אָנפירונג איז אַרויסגעפאָרן אין יאָר 1920 אויף אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר קיין לעמבערג, ווו זי האָט באַקומען גענויע אָנווייזונגען ווי אַזוי צו אַוועקשטעלן די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַצ־יע אויף נאָרמאַלע יסודות. ס׳האָבן זיך דאַן באַוויזן די ערשטע אוניפאָרמען, שנורן מיט סקויטישע פייפלעך, פּאַסן, אָבער די לאַגע האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די מערהייט פון דעם אַקטיוו האָט באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו דער וועגעטאַציע אין גלות און אָנהויבן צו פאַרווירקלעכן די אידיי פון ציוניזם און עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט, איז אַרויסגעפאָרן די מערהייט פון אַקטיוו. אין טאָלמיטש זענען פאַרבליבן בלויז דער טייל פון די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן ווייטער געמוזט פירן די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט. די לאַגע איז באַשווערט געוואָרן אין רעזולטאַט פונעם אַרויספאָר פון די אָנפירנדע חברים און ס׳האָט געפעלט אַ פּאַסנדער עלעמענט, וועלכער האָט זיי געקענט פאַרבי־טן. חוץ דעם, האָט די דירעקציע פון דער גימנאַזיום פאַרבאָטן די שילער פון גימנאַזיום צו געהערן צו אַ וועלכער עס איז יוגנט־אָרגאַניזאַציע, מיטן אויסנאַם צו דעם פוילישן סקויט. די עליה פון דעם אַקטיוו קיין ארץ־ישראל האָט זיך פּאָזיטיוו אָפּגערופן אויף דער יוגנט צו נאָכטאָן זייערביישפּיל. קיין ארץ־ישראל זענען שפּעטער עולה געווען: שוועפּעלגייסט בערנאַרד, ווידער, מונצער, וונדערמאַן, ספר, פישער, שטיין (אבני), די שוועסטער בלומענשטיין, שפּירער, שפּיצבאַך און האַלער. זייע זענען געווען צווישן די, וועלכע האָבן געפּלאַסטערט שאָסייען, געטריקנט זומפּן. מיט דער צייט, האָבן די מענטשן פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס און זענען געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכקייט אין לאַנד, אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן. די בלוטערע פון זיי זענען געווען: קאָפּפער, אבני, וונדער.

דער שפּעטערדיקער אָנפירער פון קן איז געווען ווילאַ שפערער (שפּעטער געאַרבעט אַלס לערער אין דער העברעאישער גימנאַזיום אין ווילנע). נאָך זיין אַוועק־פאָרן פון טאָלמיטש, האָט די אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע איבערגענומען בראָנעק מאַנדעל. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך איבערגעצויגן אין אַ קליינעם לאָקאַל אין דער וווינונג פון פּיניע בערגער, דאָרט האָט זיך אויך געפונען די ביבליאָטעק פון דער אָרגאַניזאַציע. די ווענט פון לאָקאַל זענען געווען אויסגעקלעפּט מיט פאָטאָגראַפּיעס פון די מנהיגים פון וועלט־ציוניזם און מיט פאָטאָגראַפּיעס פון דעם לעבן פון דער אָרגאַני־זאַציע אין טאָלמיטש. ווי לאַנג ס׳האָט מיט דער אָרגאַניזאַציע אָנגעפירט בראָנעק מאַנדעל, האָט זיך די אָרגאַניזאַציע געהאַלטן און איז געווען טעטיק, (בראָנעק מאַנדעל האָט איבערגעלעבט די חורבן־תקופה אויף „אַרישע" פּאַפּירן און איז געשטאָרבן אין

לאַנד). אין איינעם אַ טאָג האָט זיך אין לאָקאַל פלוצלינג אַריינגעריסן די פּוילישע פּאָליציי און די אָנפירונג איז געווען געצוואונגען פאַרנאַנדערלאָזן די אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1922. מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע איז אין יענעם פּעריאָד געווען חוץ מאַנדלען: הערש קאָרן, יוסף קאָרן, באַליציאַ שטיינבערג, חנה בערגער, מוניו וואָרמאַן, ישראל מונצער, מענדל פישער, יחיאל מונצער, זיגמונט זינרייך, דוד גראָס, בערנאַרד שטרייט און אַנדערע.

אין האַרבסט 1924 איז פאָרגעקומען אַ טרעפונג מיטן אָנטייל פון די חברים יוסף קאָרן, הענקע קאַופמאַן און מוניו וואָרמאַן. צוזאַמען האָבן מיר באַשלאָסן באַנייען די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די יוגנט, איבערהויפּט די יוגנט נישט פון שול־עלטער. ס׳זענען אַנטשטאַנען צוויי גרופּן ייִנגלעך און צוויי גרופּן מיידלעך, און מיר האָבן אָנגעהויבן אַ נאָרמאַלע טעטיקייט. אין דער קולטור־אַרבעט האָט אונדז אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן די ביבליאָטעק, וועלכע איז פאַרבליבן אין פולן קאָמפּלעט נאָך פון די פריערדיקע צייטן. חוץ די שמועסן אויף פאַרשיידענע אַקטועלע טעמעס, האָבן מיר אויך אַדורכגעפירט שומרישע סקויטן־פּעולות און אָפט אַרויסגעגאַנגען אויף אויספלוגן. נישט האָבנדיק קיין אייגענעם לאָקאַל, האָבן מיר גענאָסן פון דעם לאָקאַל „טאַמבי האַללע" שפּעטער האָבן מיר געדונגען אַ לאָקאַל אין דער וווינונג פון די שפּעללעס און צום סוף איז די אָרגאַניזאַציע אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ גרעסערן לאָקאַל, אין אַ געסל לעבן דער באָד, ביי יודע קריגל. אין נאָמען פון דעם הויפּט־ראָט פון לעמבערג האָט דעם קן באַזוכט פּאָלאַנער און מאַציעק אָרנשטיין (דער שפּעטערדיקער פּאָליטישער אַרעסטירטער אין פּראַג אורן). נאָך דעם וויזיט פון אורן, איז העניעק קאופמאַן אַרויסגעטראָטן פון דער אָרגאַניזאַציע, צוויי חברים זענען אַרויסגעפאָרן אין דער קאָלאָניע פון מנהיגים אין זיעלאָנע — אין די קאַרפּאַטן. (פון גימנאַזיום איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פאַר דער אָנגעהעריקייט צו דער אָרגאַניזאַציע יוסף קאָרן, מענדל פישער, לאָנעק וואָרמאַן און קראָוסהאַר. קיין ארץ־ישראל איז עולה געווען יצחק לעפּאָלד. (ער איז שפּעטער טראַגיש אומגעקומען בעת איבונגען מיט געווער, פאַרשטעלנדיק מיט זיין אייגענעם קערפּער אַנדערע חברים בעת דעם אויפרייס פון אַ גראַנאַט). ס׳איז אויך אַרויסגעפאָרן לאָנעק וואָרמאַן, שפּעטער איז ער אַרויסגעטריבן געוואָרן פון לאַנד דורך דער ענגלישער מאַדאַטאָרן־מאַכט. אין דער צייט פון דעם רוסישן פּעריאָד אין מזרח־פּוילן, איז ער אַרויסגערופן געוואָרן קיין קיעוו און פון דאַן זענען פאַרשוווּנדן זיינע שפּורן.

אין יאָר 1926 איז אַרויסגעטראָטן פון דער אָרגאַניזאַציע מוניו וואָרמאַן צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע חברים און האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום „בית״ר". דער „השומר־הצעיר" אין שטאָט האָט פאַרלוירן אַ באַדייטנדע צאָל חברים, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע אין אַ באַדייטנדער מאָס, אָבער זי האָט ווייטער

פאַרגעזעצט איר אַרבעט. אין צווישנצייט זענען אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל אַ ווייטער־דיקע גרופּע חברים פון דעם טאָלמיטשער קן: 4 פּערזאָן פון דער משפחה ווייסמאַן: אסתר ווייסמאַן האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם קיבוץ „מזרע״, געניאַ ראָזענטאַל — אין קיבוץ „המעפּיל״.

דער אַריינמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, האָט איבערגעריסן די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און ס׳איז געקומען דער סוף פון דעם „השומר־הצעיר״ אין טאָלמיטש.

אפרים שרייער

# אַלגעמיינע ציוניסטן

די אָרגאַניזאַציעס פון די „אַלגעמיינע ציוניסטן״ (סתם ציוניסטן) איז מעגלעך נישט געווען געגנוג אָרגאַניזירט אַקטיוו און אויך נישט גרויס אין צאָל לויט די דעקלאַ־רירטע מיטגלידער, זי האָט אָבער פאַרמאָגט אַן איינפלוס אויף דער ווילער פּעריפעריע, באַזונדערס צווישן בירגערטום. ביי אַ וואַל־אַקציע צום סיים, שטאָט־ראַט, אָדער קהילה, האָבן די „אַלגעמיינע״ באַוויזן צו מאָביליזירן אַ גרעסערע צאָל שטימען.

ווי דער רוב פון די מזרח־גאַליצישע ציוניסטן, האָט אויך אונדזער אָרגאַניזאַציע געהערט צו דער גרופּע „עת־לבנות״, די אַזוי גערופענע „רייכיסטן״. זיי האָבן זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אין ק.ק.ל., „קרן־היסוד״ און געהאַט אַ באַדייטנדיקן איינפלוס אויף דער פרויען־אָרגאַניזאַציע ביי אונדז.

צווישן דעם אַקטיוו האָבן זיך געפונען אייניקע פּאָפּולערע בירגער אין שטאָט, ווי ד״ר ראָזענקראַנץ און ד״ר האַלפּערין, אַלס די וויכטיקסטע אָנפירער. ווייטער שייע און יואל רעדנער, באַנדזיאַק לעוו, געצל שפּירער, דער לאַנג־יאָריקער לייטער פון ק.ק.ל., ביניע און איציע עפּשטיין, יאַנקל שטרייט, וועלכער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַן אָנהענגער פון גרינבוימס „על־המשמר״ גרופּע.

די יוגנט אָרגאַניזאַציע „אחוה״ האָט געפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט, געהאַט אַן איינפלוס אין די אַקאַדעמישע קרייזן, מיטגעווירקט ביי די פאַרשידנסטע ציוניסטישע אויפקלערערישע און פּאָליטישע אַקציעס און פאָנדן.

# „מזרחי"

די „מזרחי"־פּאַרטיי האָט ביים אָנהויב נישט פאַרמאָגט קיין געאָרדנטע אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע ראַם. די טעטיקייט איז באַשטאַנען פון חברשאַפט און גרופּן־צוזאַמענטרעפן. אַ גרעסערע אויפלעבונג האָט זיך געפילט ביי קאָנגרעס און קהילה־וואַלן.

ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, מיטן באַזעצן זיך אין טאָלמיטש פון חיים לאַם און מאַשקאָוויטש, צוויי מענטשן מיט אַ באַגאַזש פּאָליטישער רייפקייט, אויטאָריטעט און אָרגאַניזאַציע פעאיקייטן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מער געאָרדנטע פּאַרטייאישע טעטיקייט.

די לאַגע אין „מזרחי" איז ביי אונדז געווען באַזונדערס גינסטיק, ווייל קיין „אגודת־ישראל" אַלס אָרגאַניזאַציע, איז נישט געווען אויסער יחידים. אַזוי אַרום האָט די „מזרחי" מיט דערפאָלג געווירקט צווישן דעם רעליגיעזן טייל פון דער באַפעלקערונג.

דער אַקטיוו פון „מזרחי" איז באַשטאַנען פון אַ ריי חברים ווי חיים לאַם, מאַשקאָוויטש, לייבעלע רובין, פריילעך, ווינער, משולם ביקל, אברהם קאָרנבערג (דער סטאָלער), וועלכער איז אויך אַמאָל געווען אין ארץ־ישראל.

ס׳האָט אויך עקזיסטירט אַ געניג־לעבהאַפטע גרופּע פון „הפועל המזרחי", אַ יוגנט וועלכע האָט אַדורכגעמאַכט הכשרה און אייניקע פון זיי זענען שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל. צווישן זיי בערל ווינער, שרה באַראָן ז״ל, שאַפּירא, שמואל הערש ביקל ז״ל, בעניע האָרן א.א.וו. מיט דער חלוצישער גרופּע האָט אָנגעפירט שיקעלע שאַפּירא.

# „התאחדות"

נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָבן ביי אונדז אין טאָלמיטש עקזיסטירט צוויי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: די „פועלי־ציון" און דער „בונד". מיט דער אַנטשטייונג פון דער פּאַרטיי „התאחדות" אין גאַליציע, האָט אויך ביי אונדז דער טייל יוגנט און עלטערע, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיטן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און מיט דער חלוצישער באַוועגונג פאַרלאָזט די אָרג. ראַם פון דער פריערדיקער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און האָבן אָרגאַניזירט די „התאחדות" און „גורדוניה". דערביי איז נויטיק אונטערצושטרייכן, אַז ביי אונדז אין שטאָט איז קיין רעכטע „פּועלי־ציון" אָרגאַניזאַציע נישט געווען, וואָס איז געווען דער גינסטיקער באָדן וואָס האָט דערמעגלעכט, אַז אַן אַקטיוו פּאָליטיש־רייפע גרופּע זאָל אָרגאַניזירן די „התאחדות". צו דער איניציאַטיוו־גרופּע האָבן געהערט: מאָטל און בונים שפּיגל, אורציע שוואַרצבאַרד, שמואל גאָטליב (היינט אין ישראל), וואָלף שפּונד, דודיע קריינדלער, יאַנקל לעפּאָלד, מאָטל ווייס, פישל גרינדלינגער, גלייס און אַנדערע. שפּעטער איז נאָך צוגעקומען ד״ר שוואַרצבאַרד, איזיאַ קנאָל, פון דער שטודירנדיקער יוגנט.

די אָרגאַניזאַציע האָט געפירט אַן אַקטיווע ציוניסטישע טעטיקייט, באַזונדערס אויפן געביט פון חלוצישער אויפקלערונג, ציוניסטישע פאָנדן פאַרן אַרבעטנדיקן א״י און קאָנגרעס־וואַלן. אין פראַגן פון אָרטיקע קהילהשע, קאָמונאַלע און לאַנד־פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן, האָט די אָרגאַניזאַציע געאַרבעט אין די ראַמען פון אַלגעמיין ציוניסטישן בלאָק.

אין די ראַמען פון דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, זענען פאָרגעקומען סטאַבילע פאַרטייאישע פאַרזאַמלונגען, עפנטלעכע אַרויסטריטן, דיסקוסיע־אָוונטן, פאַר־ווײַלונגען, פאָרשטעלונגען איינגעאָרדנט דורך אַ גרופּע פון דראַמאַטישן קרייז א.א.וו.

עס פלעגן אויך אַראָפּקומען פּרעליגענטן פון מרכז פון לעמבערג, ווי: צבי העלער, קאָפּל שוואַרץ, נתן מעלצער און אַנדערע.

דער פּאַרטיי־לאָקאַל האָט זיך געפונען ביי יאָסיע אינזליכט אין הויז.

אַ ריי חברים האָבן אַפילו דורכגעמאַכט הכשרה. ליידער, אָבער, האָבן זייער ווינציק פון זיי באַוויזן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

צבי דראפּער

# „גורדוניה״

איך וויל פאַרצייכענען אַ וויכטיק באַשטאַנדטייל אינעם יוגנט לעבן פון אונדזער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט אין שטאָט, ווי ס׳איז געווען „גורדוניה״, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר דערציערישער חלוצישער טעטיקייט.

די אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״ איז געגרינדעט געוואָרן ביי אונדז אין 1926 דורך די חברים: מאָטל און בנימין שפּיגל, אורטשע שוואַרצבאַרד, וואָלף שפּונד, שמואל גאָטליב, צו לאַנגע יאָר, און אַנדערע. זיי האָבן פיל פון זייער פרייער צייט געווידמעט דער אָרגאַניזאַציע־טעטיקייט.

דעם וויכטיקסטן טראָפּ האָט „גורדוניה״ געלייגט אויף פּראָדוקטיוויזאַציע פון דער יוגנט: הכשרה און עליה.

דאָס צוזאַמענלעבן, די חברישקייט אין דער הסתדרות איז געווען אַ מוסטערהאַפטע. ס׳האָט אויך נישט געפעלט קיין קעגנזייטיקע הילף. די אָרגאַניזאַציע האָט אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט די קולטור־אַרבעט. לערנען עברית איז געווען די פליכט פון יעדן חבר, אויסער די לעקציעס וועגן דער אַנטשטייאונג פון ציוניזם, יידישע געשיכטע, פּאַלעס־טינאָגראַפיע א.א.וו. אין דער וואַנטצייטונג, וועלכע פלעגט רעגלמעסיק דערשיינען, זענען אויך געבראַכט געוואָרן אינפאָרמאַציעס פונעם לעבן אין ארץ־ישראל.

אַן אַקטיוון אַנטייל האָט די אָרגאַניזאַציע גענומען אין אַלגעמיינע פאַראַנשטאַל־טונגען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווי אין דער ק. ק. ל. אַרבעט, „עזרה" און אַנדערע פאָנדן.

אויף די אַלגעמיינע שבת־פאַרזאַמלונגען, ווי צוזאַמענקונפטן פון די באַזונדערע קבוצות, פלעגט דער עיקר געווידמעט ווערן די פּראָבלעמען פון קאָלעקטיוון לעבן, קיבוץ. יאָר־יערלעך פלעגן פיל פון די חברים אַרויספאָרן אויף זומער־קאָלאָניעס. דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט די חברים זיך צו באַקענען מיט אַנדערע גרופּן אין לאַנד.

אַלט ווערנדיק 18 יאָר זענען די חברים פאַרפליכטעט געווען פאָרן אויף הכשרה. נישט פיל אָבער, האָבן געהאַט די מעגלעכקייט עולה זיין צוליב דער באַגרענעצטער צאָל צוגעטיילטע סערטיפיקאַטן. מיר האָבן אויך פאַרמאָגט אַ דראַמאַטישן קרייז, איינ־געאָרדנט אויפטריטן פאַר חברים, ווי אויך עפנטלעכע אַרויסטריטן אין „סאָקאָל"־זאַל און אין אוקראַינישער „פּראָסוויטאַ", „טאָמבי־האַלע". אין קרייז האָבן זיך באַטייליקט די חברים: ד. שוועכטער, לאָזער טוישער, סאָסיע שטרייט, חנה צילער, מעכל סאָלאָמאָן, אונטער דער רעזשי פון דוד באָדער.

אינעם זכרון טויכן אויף פיל, פיל עפּיזאָדן פון יענע צייטן, איבערלעבונגען, סיטואַציעס. טייערע חברים געווען, יחידים און גרופּן, פון וועלכע בלויז געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט.

מוניו וואָרמאַן

## רעוויזיאָניסטן, מסדה, ברית־החייל

די רעוויזיאָניסטן האָבן אין אָנהויב פון זייער טעטיקייט נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונדערע פּאַרטיי, אָבער זיי זענען געווען אַ טייל פון דער אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. אַזוי זענען אויך געווען די באַציונגען אין טאָלמיטש.

בעת די וואַלן צום 15־טן קאָנגרעס אין באַזעל אין 1927, האָבן די רעוויזיאָניסטן באַקומען 12 שטימען. בעת די וואַלן צום 16־טן קאָנגרעס אין ציריך אין יאָר 1929, האָבן די רעוויזיאָניסטן דערגרייכט אין טאָלמיטש 142 שטימען. אין די וואַלן אויף דעם 17־טן קאָנגרעס אין יאָר 1931, אויך אין ציריך, האָבן זיי שוין באַקומען 232 שטימען, און אין יאָר 1933, אין די וואַלן צום 18־טן קאָנגרעס אין פּראַג, האָבן די רעוויזיאָניסטן באַקומען אין טאָלמיטש 347 שטימען. אין די ווייטערדיקע וואַלן צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, איז די צאָל שטימען געשטיגן און נאָכן אַרויסטרעטן פון דער

ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן די רעוויזיאָניסטן באַקומען בעת די וואַלן אין טאָלמיטש (אין סעפּטעמבער 1935) 592 שטימען.

גאָר אַ וויכטיקע ראָל אין דער ערשטער פאַזע פון דער טעטיקייט פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, האָט געשפּילט יוסף זומער. ער האָט אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיט דער צענטראַלע אין לעמבערג. קיין טאָלמיטש האָבן אָנגעהויבן קומען פאַרשטייער פון דער צענטראַלע פון לעמבערג, פון וואַרשע און אויך פון סטאַניסלאַוואָער קרייז. חוץ די פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי און די עפנטלעכע צוזאַמענ־קומען פון סימפּאַטיקער, האָט זיך צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון בית״ר אויך אַנטוויקלט פּאַראַלעל די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע. אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגן געהאַלטן ווערן רעפעראַטן אויף אַקטועלע און פּאָליטישע טעמעס. ס׳פלעגן פאָרקומען דיסקוסיעס אויף די באַרירטע פּראָבלעמען פון דער לויפנדער פּאָליטיק פון ציוניזם. די אַרטיקלען פון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי אין די צייטונגען „היינט״ און שפּעטער אין מאָמענט״ האָבן צוגעצויגן פאַר דער רעוויזיאָניסטישער אידיי פיל סימפּאַטיקער.

די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי האָט איבערגענומען מגר. אַלעקסאַנדער סאָלאַט. צו דער אָנפירונג האָבן געהערט וורמאַן, מאַנדעל, בילדנער, זומער, זעלצער, העלד, רייטער. אין די וואַלן צום סיים, צום שטאָט־ראַט, אָדער צו דער קהילה, האָבן די רעוויזיאָניסטן אונטערשטיצט די ציוניסטישע קאַנדידאַטן. צוערשט אויך אָנטייל גענומען אין די קאָנפערענצן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, אַלס אַ באַזונדערע פראַקציע. מיט דער צייט, ווען די אידעאָלאָגישע שטרייטן האָבן זיך פאַרטיפט, האָבן די רעוויזיאָניסטן געגרינדעט אַ באַזונדערע פּאַרטיי, מיט אייגענע צוזאַמענפאָרן אין לעמבערג, וואַרשע, סטרי און סטאַניסלאַוו.

אין די אַלע קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן איז שטענדיק טאָלמיטש געווען אַנטשפּרעכנד רעפּרעזענטירט דורך אויסגעקליבענע דעלעגאַטן. פון דער טאָלמיטשער אָרגאַניזאַציע איז אין דעם פּאַרטיי־ראַט אין מזרח קליין־פּוילן געווען פאַרטראָטן מגר. סאָלאַט און א. וורמאַן. אין דעם קרייז־ראַט, האָט טאָלמיטש רעפּרעזענטירט זומער און רייטער. אין דער עקזעקוטיווע פון מזרח קליין־פּוילן איז אין די יאָרן 36—1939 געווען פאַרטראָטן א. וורמאַן.

איין מאָל אין וואָך פלעגט פאָרקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי (איבער 120 אָרגאַניזירטע), ווו מ׳פלעגט באַהאַנדלען פאַרשיידענע אַקטועלע פּראָבלעמען און מ׳פלעגט פאַרטיילן די אַרבעט פאַר דער לויפנדער וואָך. די אָנפירונג האָט אָרגאַניזירט די גאַנצע אַרבעט אין דער פּאַרטיי, און במשך פון די וואַלן האָט זי אָנגעפירט מיט דער גאַנצער וואַל־קאַמפּאַניע.

נאָך זשאַבאָטינסקיס אַרויסטרעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי אין טאָלמיטש אין דער מערהייט זיך אַרויסגעזאָגט

פּאָזיטיוו פאַר זשאַבאָטינסקין און האָבן אונטערשטיצט זיין טאַט. אין טאָלמיטש איז אויך געעפנט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער נייער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

„מסדה" איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך רעקרוטירט פון דער שול־יוגנט. איר גרינדער אין טאָלמיטש איז געווען זומער. זי האָט געציילט אין דער צייט פון איר בליונג מער ווי 30 מיטגלידער און האָט געפירט איר קולטורעלע טעטיקייט אין דעם לאָקל פון בית"ר.

„ברית־החייל" איז אויך געווען אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון זומערן. זי האָט קאָנצענטרירט אין אירע רייען זעלנער־וועטעראַנען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די אָפּטיילונג אין טאָלמיטש האָט אָנטייל גענומען אין דער גרויסער דעפּילאַדע אין סטאַניסלאַוו לכבוד זשאַבאָטינסקיס קומען אין דער שטאָט.

די אַלע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען רעפּרעזענטירט אין די קאָמיטעטן פון „קרן קיימת לישראל", „עזרה" און „קרן תל־חי".

די יודענשטאַאַט־פּאַרטיי איז געווען אַ קליינע גרופּע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי. דעם 26־טן מאַי 1933, איז אין קאַטאָוויץ פאָר־געקומען אַ קאָנפערענץ פון דעם וועלט־ראַט פון דער פּאַרטיי. די אונטערשיידן פון דעם צוגאַנג און קוק אין דער פראַגע פון גרינדן אַ נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, האָט געצויגן נאָך זיך די אַרויסטרעטונג פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי פון איינעם פון די מנהיגים גראָסמאַן צוזאַמען מיט נישט קיין גרויסער גרופּע. זיי האָבן געגרינדעט אַ נייע פּאַרטיי מיטן נאָמען יודענשטאַאַט־פּאַרטיי און גלייך נאָך דער קאָנפערענץ זענען זיי צוגעטרעטן צו גרינדן און עפענען אָפּטיילונגען פון דער גרופּירונג אויף דער פּראָווינץ. קיין טאָלמיטש איז געקומען צופאָרן אַ דעלעגאַט פון לעמבערג, ד"ר דאַנער. נאָך אַ פּילשעהנדיקער דיסקוסיע, איז אים געלונגען צו איבערצייגן אַ גרופּקע רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג פון דער פּאַרטיי אין טאָלמיטש. אין דער שפּיץ פון דער טאָלמיטשער אָפּטיילונג איז געשטאַנען שימעק כ"ץ, און אויך גרשון קאַרגער. אין די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1925, האָט די יודענ־שטאַאַט־פּאַרטיי באַקומען 14 שטימען און אין די שפּעטערדיקע וואַלן שוין דעראָבערט 19 שטימען. די פּאַרטיי האָט נישט מצליח געווען צו אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיקייט אין טאָלמיטש.

גלייכצייטיק האָט שימעק כ"ץ געגרינדעט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון דער יודענ־שטאַאַט־פּאַרטיי אין טאָלמיטש, וואָס האָט זיך אָנגערופן „ברית קנאים" (אַנטשפּרעכנד דעם בית"ר), אָבער די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט אויך נישט מצליח געווען צו אַנטוויקלען אַן אַנטשפּרעכנדע טעטיקייט און איר סוף איז געווען ענלעך צו דעם סוף וואָס האָט געטראָפן אַלע אַנדערע: זי האָט זיך צעפאַלן אין דער צייט, ווען ס'האָבן אַריינמאַרשירט די סאָוויעטישע חיילות אויף דער טעריטאָריע פון געוועזענעם מזרח־פּוילן, און אירע

מיטגלידער זענען שפּעטער אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע יידן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

## בית״ר (ברית־תרומפּלדור)

אין יאָר 1923 איז וולאַדמיר זשאַבאָטינסקי אַרויסגעטראָטן פון דעם באַשטאַנד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, אַלס אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן דער נאָכגיביקייטס־פּאָליטיק מצד ד״ר ווייצמאַן אין באַצוג צו דער מאַנדאַטאָרישער מאַכט אין ארץ־ישראל.

אין איינער אַ דעצעמבער־נאַכט, פון דעם זעלבן יאָר, האָט זיך זשאַבאָטינסקי געטראָפן אויף איינער פון די זייטיקע גאַסן אין ריגע — דער הויפּט־שטאָט פון לעטלאַנד, מיט אַ גרופּע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געטרוימט צו אויפשטעלן אַ יידישע מדינה. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פון דער יידישער אָרגאַניזאַציע „ברית־תרומפּלדור״ בית״ר.

אין יאָר 1925, האָט יוסף זומער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין טאָלמיטש די יוגנט אין דער סקויטן־באַוועגונג און נאָך אַ קורצער צייט שפּעטער, האָט שוין די אָרגאַניזאַציע געבילדעט דעם קערן פון דעם אָרטיקן בית״ר.

אין יאָר 1927, האָט דער דעמאָלטיקער קאָמענדאַנט פון דער לאַנד־אָנפירונג פון בית״ר מגר. אַדאַם ביברינג זיך באַגעגנט מיט מוניו וורמאַן און ער איז צוזאַמען מיט



דער „ביתר״ אין 1932

אַ גרופּע יוגנטלעכע אַריבער אין בית״ר און האָט באַלד איבערגענומען די אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע. אין משך פון אַ גאַר קורצער צייט, האָט שוין די אָרגאַניזאַציע געבילדעט אַ באַדייטנדן כוח און איז געווען איינע פון די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציעס נישט נאָר אין שטאָט, נייערט אין דער גאַנצער געגנט. אין דער אָרגאַניזאַציע איז אַריינגעטראָטן אַ גרופּע סטודענטן, וואָס האָט אין אַ באַדייטנדער מאָס אויפגעהויבן דעם ניוואָ און די דערציערישע פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע. אין בית״ר זענען געווען אַקטיוו אייניקע סטודענטן פון אוניווערסיטעטן: הענעק קאופמאַן, יולעק פישער, יולעק מאַנדעל, פּאַוועק רייטער, סאַלקאַ שטיינווורצעל, לאָנקאַ ווייץ —ביידע זענען געווען אַבסאָלווענטנס פון לערער־סעמינאַר, די ברידער משה און יצחק כ״ץ — ביידע קענער פון יודאיסטישע וויסנשאַפטן. דער קן פון בית״ר איז אייניקע מאָל וויזיטירט געוואָרן דורך די מיטגלידער פון קאָמענדע פון מזרח קליין־פוילן און די אָנפירונג האָט באַקומען אייניקע מאָל אויסצייכענונגען פאַר דער מוסטערהאַפטער אַרבעט אַלס אויסגעצייכנטער קן. די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די קרייז־צוזאַמענפאָרן, ווי אויך אין די לאַנד־צוזאַמענפאָרן און די אָנפירער האָבן גענומען אַן אַנטשפּרעכנדע שטעלונג אין פאַרשיידענע פראַגן פון דער אָרגאַניזאַציע. יעדעס מאָל, ווען זשאַבאָטינסקי איז געקומען קיין סטאַניסלאַוו, איז אַהין אַרויסגעפאָרן אַ דרוזשינע פון דעם טאָלמיטשער קן.

חוץ דער קולטורעלער טעטיקייט און די סקויטן־פעולות, האָבן מיר יעדע וואָך איינגעאָרדנט אויספלוגן אין די די נאָענטערע און ווייטערע ערטער פון דער סביבה. אַ דאַנק די אומדערמידלעכע באַמיאונגען, איז געלונגען צו גרינדן אַן אָפּטיילונג פון מיליטערישער צוגרייטונג אונטער דער אָנפירונג פון יולעק מאַנדעל און ספּעציעלע מיליטערישע אינסטרוקטאָרן פון דער פּוילישער אַרמיי.

צוערשט האָבן זיך די בית״רים צונויפגעקליבן אויפן הויף און אין די בנינים פון זאַמערן, שפּעטער, אַ דאַנק דער אונטערשטיצונג פון ראש־הקהל, האָט דער בית״ר באַקומען אַ גרויסן אומזיסטן לאָקאַל פון דער קהילה, לעבן דעם סקלאַד פון שוועכטערן. אין יאָר 1932, איז דער קאָמענדאַנט פון קן נאָמינירט געוואָרן אַלס דער אָנפירער פון גאַנצן „מחוז" פון סטאַניסלאַווער קרייז. אין מערץ 1933 איז אין טאָלמיטש פאָרגעקומען אַ קרייז־צוזאַמענפאָר, מיטן אָנטייל פון די פאָלגנדע קנים: טאָלמיטש, סטאַניסלאַוו, האַליטש, קאָלאָמיי, באָרטשין, זאַבלאָטאָוו, סניאַטין, קוטי, גוואָזשדזעץ, ראַסולנאַ, סטאַרוניאַ, נאַדוורנאַ, אוסציע זיעלאָנאַ, קאַלוש, ליסיעץ, באָהאָראָדטשאַני.

די קאָמענדע פון קרייז, האָט אַרויסגעשיקט אָנווייזונגען ווי אַזוי צו פירן די אַרבעט אין קן און האָט אויך וויזיטירט די קרובה'דיקע קנים. די צייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעברייטערט אירע ראַמען און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די קנים פון קרייז. אַ גרופּע בית״רים פון טאָלמיטש האָט אויך אָנטיילגענומען אין דעם

פירטאָגיקן קורס פון מיליטערישער צוגרייטונג אין טאַטאַרוווו, מיט וועלכן ס׳האָבן אָנגעפירט פולישע אָפיצירן. פון דעם קן זענען אויך אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה אייניקע חברים פון נאַדוורנאַ. די ערשטע חברה פון קן, וואָס איז אַרויסגעפאָרן פון טאָלמיטש קיין ארץ־ישראל, איז געווען פרידקאַ האַבער, וועלכע לעבט איצט אין איינעם פון די מושבים אין דרום פון לאַנד.

טראָץ דער קליינער צאָל סערטיפיקאַטן, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן אונדזער קן, זענען אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל זושע גוטמאַן און פעסיע גוטשטיין.

חוץ דער רייכער קולטורעלער טעטיקייט און דאָס פירן ספּעציעלע קורסן צו לערנען די געשיכטע און די ליטעראַטור פון יידישן פאָלק, האָט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט רעדאַקטירט אַ צייטונג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך הענעק קאופמאַן, די ברידער כ״ץ און זאָממער. מיט דער צייט איז די וואַנט־צייטונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דעם גאַנצן קרייז, אַ דאַנק דער מיטאַרבעט פון דעם מערהייט פון די קנים.

נאָכן אַוועקפאָרן פון מוניו וווּרמאַן קיין לעמבערג צו אָנטיילנעמען אין דער אַרבעט פון דער קאָמענדע פון מזרח קליין־פוילן, האָט די אָנפירונג מיטן קן איבער־גענומען פאַבעק רייטער, וועלכער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמענדע פון „מחוז", וואָס איז איבערגעפירט געוואָרן קיין סטאַניסלאַוו. נאָכן אָפּפאָרן פון רייטערן, האָט די אָנפירונג פון קן לויט דער ריי, איבערגענומען זאָממער.

ווען אין די יאָרן 1938—1939 האָט זשאַבאָטינסקיס זון עריק צוזאַמען מיט סטאַווסקין אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע עליה, האָט זיך אויך אין טאָלמיטש אָרגאַניזירט אַזאַ גרופּע מיט זאָממערן אין דער שפּיץ. אין דער גרופּע זענען אויך געווען אייניקע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהערט צום בית״ר.

דער אַריינמאַרש פון די סאָוועטישע מיליטער־טיילן אין סעפּטעמבער 1939 האָט איבערגעריסן די טעטיקייט פון קן און מיט דעם אויך די רעאַליזירונג פון די אָנגעצייכנטע פּלענער. אין דעם סאָוויעטישן פּעריאָד, איז געווען פּרווון צו אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַל קעמערל פון דער אָרגאַניזאַציע, לויט דער איניציאַטיוו פון יולעק פישער, אָבער די שרעק פאַר אַ פּראָוואָקאַציע פון די יידישע לינקע טוער, און אויך אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרעסט פון 40 בית״ריסטן אין סטאַניסלאַוו דורך דער נ.ק.וו.ד. בעת אַ טרויער־אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם אָנדענק פון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, האָט מען רעזיגנירט פון די פּרווון צו אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע טעטיקייט פון דער יוגנט פון בית״ר.

די רעשט איבערגעבליבענע יוגנטלעכע פון בית״ר האָבן די דייטשן אויסגע־מאָרדעט, צוזאַמען מיט די לעצטע יידן פון טאָלמיטש. בלויז אייניקע פון זיי איז געלונגען מיט פאַרשיידענע וועגן צו אָנקומען קיין בוטשאַטש און דאָרט האָבן זיי

צוזאַמען מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע פון בוטשאַטש פאָרגעזעצט די טעטיקייט צו אָרגאַ־ניזירן אַ ווידערשטאַנד און אַ זעלבסטשוץ.




חותמת „בית״ר״
דער זיגל פון „בית״ר״

אפרים שרייער

# יידישע קאָמוניסטן

די גרופּע יידישע קאָמוניסטן, האָבן בדרך־כלל קיין סעפּעראַטע יידישע אַרבעט נישט געפירט, נאָר געווען צוגעהעריק צו דער „ק.פ.ז.ו.״ ערשט אין די דרייסיקער יאָרן האָט די „יעווסעקציע״ אין משך פון אַ קורצן פעריאָד געפירט איר טעטיקייט אַלס א.י.א.פ. (אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער פּאַרטיי).

צו דער אומלעגאַלער גרופּע האָבן געהערט: שמעון ווייס, רחל, יאָסל און יאַנקל לעפּאָלד, ברכה לעפּאָלד (די „חברטע ברכה״), זלמן דוד משה׳ס, לוזער טוישער, א. יופּיטער און רחל מאַרק (מענדעלע מלמד׳ס טאָכטער), וועלכע איז געווען פּאָפּולער אין ברייטערע קרייזן פון דער פּאַרטיי און איז זייער אָפט און אויף לענגערע טערמינען געווען פאַר־אורטיילט צו אַרעסט. אין די דרייסיקער יאָרן האָט זי אויך אָרגאַניזירט אַ יוגנט־גרופּע, וועלכע איז צוליב פּראָוואָקאַציעס אַנטדעקט געוואָרן דורך דער זיכערקייטס־מאַכט און געווען אויך אַ ריי אַרעסטן. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה זענען אויך צוגעקומען אַ ריי חברים, וועלכע האָבן פריער געהערט צו די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי העסי׳ע כ״ץ, (היינט צו טאָג אין סטאַניסלאַוו) און לאַנעק וואָרמאַן, פריער געהערט צום „השומר הצעיר״, עולה געווען קיין ישראל, שפּעטער צוליב פּאָליטישער טעטיקייט דעפּאָרטירט געוואָרן דורך דער מאַנדאַטאָרישער מאַכט קיין פּוילן.

קיין בשותפותדיקע טעטיקייט מיט די עקזיסטירנדיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין טאָלמיטש האָט די גרופּע יידישע קאָמוניסטן נישט געפירט.

ווי מען גיט איבער, איז אין סטאַניסלאַוו (איוואַנאָ־פראַנקאָווסק) איז פאַראַן אַן אָפּטיילונג אין מוזעאום אויפן נאָמען פון רחל מארק, די לאַנג יאָריקע אַקטיוויסטקע פון דער פּאַרטיי (געוו. מיטגלידערין אין וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין סטאַניסלאַוו).



יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי אין טאָלמיטש — 1915/16

מוניו ווורמאַן

# „קדימה", „אמונה", „אחוה"

אין דעם קאַפּיטל: שול־וועזן האָב איך אָנגעגעבן אַ סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל אַבסאָלווענטן פון דער טאָלמיטשער גימנאַזיום. די סטאַטיסטיק גיט אַ בילד וויפל יידישע יוגנטלעכע האָבן באַקומען מיטל־בילדונג און וויפל פון די דאָזיקע אַבסאָלווענטן האָבן באַזוכט אוניווערסיטעטן, צי דאָס איז געווען אין פּוילן, אָדער אין אויסלאַנד. אַ באַדייטנדע צאָל סטודענטן האָבן שטודירט אויף דעם יורידישן פאַקולטעט. די מערהייט פון די סטודענטן האָבן געהאַט אַ ציוניסטישע איינשטעלונג.

בראָנעק מאַנדעל, דער געוועזענער אָנפירער פון „השומר־הצעיר" אין די יאָרן 1922—1923 און איינער פון די גרונטלייגער פון דער אַקאַדעמישער קאָרפּאָראַציע „אמונה" אין קראָקע, האָט איניצירט צו גרינדן אַן אַקאַדעמישן פאַרבאַנד אין טאָלמיטש, געפינענדיק זיך אויף זומער וואַקאַציעס אין דער היים. ער איז שוין דאַן געווען אַ לערער אין אַן אוקראַינישן גימנאַזיום אין ראָהאַטין.

אויף דער צוזאַמענגערופענער פאַרזאַמלונג פון די אַקאַדעמיקער אין טאָלמיטש, האָבן זיך צונויפגעקליבן מער ווי 30 אַקאַדעמיקער און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַן אַקאַדעמישן פאַרבאַנד „קדימה". צו דעם פאַרבאַנד האָבן געהערט אַלגעמיינע ציוניסטן און רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן אין דעם פעריאָד נאָך געהערט צו דער בשותפותדיקער לאַנד־אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

אַלס פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע איז אויסגעקליבן געוואָרן מגר. געצעלט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט בערנאַרד שטרייטן און סאַלאָטן געבילדעט אַ סעניאָראַט פון דער אָנפירונג פון „קדימה". אייניקע מיטגלידער פון „קדימה" זענען געווען טעטיק אין די אָרגאַניזאַציעס פון די אַלגעמיינע ציוניסטן: שטרייט איז געווען אין דער אָנפירונג פון דער פאַרטיי פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן „אחוה". סאַלאָט און ווורמאַן זענען געווען טעטיק אין דער רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי און אין בית"ר. די מערהייט פון די מיטגלידער האָבן זיך פאַרנומען מיט די ענינים פון ציוניסטישן כאַראַקטער אַ דאַנק דער אַנטשטייונג פון דער אַקאַדעמישער אָרגאַניזאַציע. רעפעראַטן פלעגן געהאַלטן ווערן דורך די אָנפירער פון „קדימה" ד"ר ראָזענקראַנץ, אַדוו. האַלפּערין און אויך דורך די מיטגלידער מאַנדעל,

קאופמאַן, סאַלאַט, געצעלט. זיי האָבן אין אַ באַדייטנדער מאָס אויסגעברייטערט און פאַרטיפט דעם וויסן און דעם אידעאָלאָגישן פאַרשטאַנד פון די מיטגלידער פון „קדימה״. זיי האָבן אויך מיטגעאַרבעט מיט די פאָלקס־פאָנדן און האָבן אויך געהאָלפן אין ספּאָרט־פאַרבאַנד. ווינטער, אָנהויב 1928 יאָר, איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון די אַקאַדעמיקער פאַרבאַנדן אין מזרח קליין־פוילן. אין דעם צוזאַמענפאָר וואָס איז פאָרגעקומען אין סטאַניסלאַוו, האָבן אָנטייל גענומען פאָלגנדע פאַרבאַנדן: „אמונה״ — לעמבערג, „חשמונאים״ — לעמבערג, „מכבי״, „התחיה״, „העתיד״, „בר־כוכבא״, „השכלה״ און „קדימה״ — טאָלמיטש.

אויף דעם צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס׳זענען געווען רעפּרעזענטירט די אַקאַדעמישע פאַרבאַנדן פון די שטעט: לעמבערג, פּשעמישל, סטאַניסלאַוו, סטרי, טאַרנאָפּאָל, קאָלאָמיי, טאָלמיטש, האָבן זיך אויסגעטיילט דריי פראַקציעס: די פראַקציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע האָט אָנטשפּראָכן די לאַנד־פּאָליטיק פון ד״ר לעאָן רייך, אָבער זיי זענען געווען אַ מינדערהייט אויף דעם צוזאַמענפאָר. די צווייטע פראַקציע האָבן געבילדעט די אָנהענגער פון גרינבוים־אינסלער (ראַדיקאַלע ציוניסטן), און די דריטע פראַקציע, די רעוויזיאָניסטישע, וועלכע איז אין יענער צייט באַשטאַנען בלויז פון 8 מיטגלידער, אונטער דער אָנפירונג פון בראָנעק מאַנדעל פון טאָלמיטש. חוץ דעם, האָבן אויפן צוזאַמענפאָר אָנטיילגענומען ווורמאַן און האָפמאַן (אויך פון דער רעוויזיאָניסטישער פראַקציע).

צוויי יאָר שפּעטער, נאָך דער אַנטשטייונג פון „קדימה״ און ווידער לויט דער איניציאַטיוו פון בראָנעק מאַנדעל איז אַנטשטאַנען אַן אַקאַדעמישע קאָרפּאָראַציע „אמונה״, וועלכע האָט געציילט ביי 30 מיטגלידער. „אמונה״ איז געווען אַ ריין רעוויזיאָניסטישע און אַלע אירע מיטגלידער האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, און אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אַלס ראש פון דער „אמונה״ איז אויסגעקליבן געוואָרן, לוסיאַ צאַנק און ער צוזאַמען מיט יולעק מאַנדעל און מאַהלער האָבן געבילדעט די עקזעקוטיווע פון דער אָנפירונג פון „אמונה״.

די אַנטשטייונג פון דעם פאַרבאַנד האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג, היות ווי אויף אַזאַ אופן זענען פילע אַביטוריענטן פון דער גימנאַזיום, וועלכע זענען נישט געווען אָרגאַניזירט, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, און די טעטיקייט פון די מענטשן האָט געהאַט איר איינפלוס אויף דער איבעריקער נישט־אָרגאַניזירטער יוגנט.

חוץ דער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי און פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון די רעוויזיאָניסטן, אויף פאַרשיידענע געביטן פלעגן איינגעאָרדנט ווערן פאַרזאַמלונגען און קורסן צו לערנען די געשיכטע פון ציוניזם און פּאַלעסטינאָגראַפיע. מ׳האָט זיך באַקאַנט

מיט די אַקטועלע פּראָבלעמען און צילן פון דער פּאָליטיק פון ציוניזם. די חברים האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די וואַלן, און אויך אין נאַציאָנאַלע פאָנדן.

דאָס אַנטשטיין פון פאַרשיידענע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער פּאַרטיי פון די אַלגעמיינע ציוניסטן מיט פעלן פון אַ יוגנט־רעזערוו. דאָס איז געווען איינע פון די סיבות צו גרינדן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן „אחוה". די דאָזיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען אין טאָלמיטש גאַנץ פרי. ווייל אין יאָר 1927, האָט זי שוין באַקומען די אונטערשטיצונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטישע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן געזען אין דער אָרגאַניזאַציע אַן אונטערוואַקסנדיקן כוח, און האָבן געהאָפט צו זיין אין דער צוקונפט אַ וואַגיקער פאַקטאָר אויף דער יידישער גאַס.

די אָנפירונג פון „אחוה" האָט איבערגענומען פּרץ שפּרעכמאַן, וועלכער איז אין משך פון די אַלע יאָרן געווען דער לעבעדיקער גייסט פון דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געזאָרגט פאַר איר וווקס און אַנטוויקלונג. „אחוה" האָט באַוויזן צעמענטירן אין אירע רייען אַרום 70—60 יונגע מענטשן. איין מאָל אין וואָך איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'זענען פאָרגעלייענט געוואָרן פאַרלעזונגען און רעפעראַטן. ס'זענען אויך פאָרגעקומען קורסן פון לערנען די העברעאישע שפּראַך און מ'האָט אָרגאַניזירט פאַרשיידענע שפּילן און פאַרוויילונגען. די פאָרשטייער פון „אחוה" זענען געווען אַקטיוו אין די קאָמיטעטן פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן: „קרן־קיימת" און „קרן־היסוד". „אחוה" האָט אויך אַרויסגעשיקט איניקע חברים אויף הכשרה. איינער פון די חברים קערנער, איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכן וועגן דער טעטיקייט פון „אחוה". זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז די פּאַרטיי פון די אַלגעמיינע ציוניסטן האָט גענאָסן פון דער טעטיקייט פון „אחוה" און פון איר אַקטיוויטעט ביי פאַרשיידענע אַקציעס, ווי צ. ב. ביי די וואַלן צום סיים, ציוניסטישע קאָנגרעסן, וואַלן צום שטאָט־ראַט, קהילה. פון דער צענטראַלע פון „אחוה" האָבן באַזוכט דעם אָרטיקן סניף אין טאָלמיטש, די פירער ד"ר סטופּ און האַגער.

צו די טיכטיקע פּערזאָנען אין „אחוה" דאַרף מען אויסרעכענען דעם שוין פריער דערמאָנטן פּרץ שפּרעכמאַן, קערנער, שטרייט, פּייער, גאָטעסמאַן, ש. שטרייט, בערל שטרייט, ד"ר געצעלט און אַנדערע.

דער אַריינמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי אין טאָלמיטש און שפּעטער פון דער היטלעריסטישער אַרמיי, האָט אויך אַ סוף געמאַכט צו דער געבענטשטער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. זיי האָט געטראָפן דער זעלבער גורל ווי אַלע יידן.

פּרץ שפּרעכמאַן האָט מצליח געווען צו אַדורכלעבן דעם היטלעריסטישן גיהנום און איז פאַרבליבן ביים לעבן, אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אַז איניקע וואָכן נאָך

דעם ווידער־אַריינמאַרש פון דער סאָוועטישער אַרמיי, איז ער דערמאָרדעט געוואָרן אויפן וועג פון טאָלמיטש קיין סטאַניסלאַוו דורך אַ באַנדעראָוויעץ און צוזאַמען מיט אים איז אויך דערמאָרדעט געוואָרן אינזליכט חיים. לייזער בוכוואַלד פון ניזשניוו איז געלונגען דאַן צו אַנטלויפן.

## צבי דראַפּער

# „יד־חרוצים״

„יד־חרוצים״ איז געווען באַקאַנט אַלס דאַך־פאַרבאַנד פון אַלע פאַראיינען פון די קינסטלער און בעלי־מלאכות. ס׳האָבן צו אים אָנגעהערט בעסער־און מיטל־סיטואירטע, ווי אויך דער אָרעמסטער טייל צווישן די האַנטווערקער, וועלכע האָבן קוים מפרנס געווען זייערע משפחות. דער ציל פון פאַראיין איז דעריבער געווען קעגנזייטיקע הילף, סאָציאַלע טעטיקייט, העלפן די נויטבאַדערפטיקע.

אויסער מאַטעריעלע הילף האָט דער פאַראיין געזאָרגט פאַר העלפן קראַנקע דורך באַזאָרגן זיי מיט דער נויטיקער מעדיצינישער הילף, ווי אויך נעכטיקן ביי איינזאַמע קראַנקע. דער פאַראיין האָט אויך באַזאָרגט די מיטגלידער מיט אַלע מעדי־קאַמענטן.

נישט איינמאָל איז „יד־חרוצים״ געשטאַנען פאַר פינאַנסיעלע שוועריקייטן, נישט האָבנדיק קיין פאָנדן אויף צו דעקן די אויסגאַבן. דער פאַראיין פלעגט דעריבער איינאָרדענען אַ ריי אונטערנעמונגען, אימפּרעזעס, בעלער, געלט־זאַמלונגען, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, פעסט־פאַרוויילונגען א.אַ.וו.

אַ געוויסע שטיצע האָט דער פאַראיין אויך באַקומען פון די שטאָטישע, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט אין די צוויי אַמעריקעס.

זאָל אויך צום לויב דערמאָנט ווערן פרוי ד״ר אַדאַ פויערמאַן, וועלכע האָט פון פאַראיין באַקומען אַ סימבאָלישן אָפּצאָל און דערפאַר מיט זעלטענער איבערגעגעבנקייט געבראַכט הילף די קראַנקע מיטגלידער און נישט זעלטן צוגעגעבן אומזיסט די נויטיקע רפואות.

צו די גרינדער פון פאַראיין האָבן געהערט די חברים: י. ביברינג, זלמן שפּונד, מאיר צייכנער, דוד זעליק גליים, י.י. דראַפּער, שייע יונג און אַנדערע.

אין די דרייסיקער יאָרן איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישער האַנט־ווערקער־פאַראיין „העובד״, מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט מאָטל גוטשטיין.

אפרים שרייער

# דראַמאַטישע קרייזן

נאָך אין די יאָרן פון פאַרן ערשטן וועלט קריג איז געווען ביי אונדז טעטיק אַ דראַמע־קרייז, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט איציע עפשטיין, צווישן אַנדערע אויסגעפירט „שולמית", די ניגונים פלעגן יידישע מיידלעך זינגען אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן. איציע עפשטיין איז געווען פון די ערשטע ציוניסטן, אַ משכיל און צוזאַמען מיט זיין ברודער ביניע, האָט ער זיין פרייע צייט געווידמעט דער קולטור־אַרבעט.

נאָכן ערשטן וועלט קריג האָט זיך אין טאָלמיטש, ווי אין אַנדערע שטעטלעך אין גאַליציע, געמערקט אַ באַדייטנדיקער אויפשטייג און דראַנג צו געזעלשאַפטלעכע־קולטור אַרבעט. ס'זענען געשאַפן געוואָרן ביבליאָטעקן, זעלבסט־בילדונג קרייזן, כאָרן און דראַמאַטישע קרייזן.

אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער דראַמע־קרייז, וועלכער האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך פיל פון צווישן דער שטודירנדיקער און פאָלקס־יוגנט. אַ דאַנק די אַמביציעס און איבערגעגעבנקייט פון אַ גרופּע אָרגאַניזאַטאָרן האָט בשעתו דער קרייז פיל דערגרייכט.

די אויפפירונגען פלעגן פאָרקומען אין זאַל פון דער „טאָמביי־האַלע". צו די ערשטע אויפפירונגען האָבן געהערט: „דער דיבוק", „קרייצער סאָנאטע", „תקיעת־כף", „גאָט, מענטש און טייוול", „דער דאָרפס־יונג" און אַנדערע. די פאָרשטעלונגען, זענען געווען זייער פּאָפּולער. מיט דער צייט ווען אײן טייל יוגנט האָט זיך געווידמעט זייערע לימודים און אַנדערע באַשעפטיקונגען, איז די טעטיקייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ביזן פולשטענדיקן אויפלייזן פון קרייז.

ס'האָבן זיך אין קרייז באַטייליקט: בוניע קאָרן, הערש קאָרן, בעלא האָבער, האַבערמאַן, באָנדיאַק לעוו, מאָטל זייפער, לייבעלע שטיין, מאַקס ווידער, די באַדערס, יאַנקל ריזל, יחיאל מינצער און אַנדערע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען ווידער געמאַכט געוואָרן פּרוּוון דורך יחידים און אָרגאַניזאַציעס. אויפדאָסניי זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דראַמאַטישע קרייזן צווישן אַנדערע טעאַטער־ליבהאָבער. ס'דאַרף דערמאַנט ווערן אויך בערנאַרד דיקער, דודיע קריידלער. דיקער האָט אויפגעפירט א. ווייטערס „דער שטומער" ווו ס'האָבן זי באַטייליקט: הערש קאָנטרעגער, הערש קאָרן, גיטל וווּכער, לייזער

בילדנער, דיקער, א. שרייער און אַנדערע. די אויפפירונג האָט מען געשפּילט אין „סאָקאָל״־זאַל. אויך דודקע באַדער, האָט אָרגאַניזירט קרייזן אין דער „גורדוניה״, וועלכע האָבן אויפגעפירט אַ ריי פאָרשטעלונגען.

געוועזן אַ צייט ווען דער „יד־חרוצים״ האָט אָרגאַניזירט צווישן זייערע חברים אַ דראַמע־קרייז, מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט י. ביברינג.

אין די סאָוויעטישע צייטן 1940—1941 איז ביים קרייז־בילדונגס דעפּאַרטאַמענט געגרינדעט געוואָרן אַ נעץ פון דראַמאַטישע קרייזן, צווישן אַנדערע אויך אין דער יידישער שפּראַך. ס׳האָבן זיך אין קרייז באַטייליקט: לוזער טוישער, קלאַראַ העלד, י. ביברינג און אַנדערע. א. שרייער האָט דאַן אויפגעפירט „כאַסיע די יתומה״.

טאָלמיטש האָט ליב געהאַט טעאַטער. האָבן יידן נישט באַזוכט די פאָרשטעלונגען, זענען די זאַלן געווען האַלב ליידיק. אויסער יידיש טעאַטער האָט דאָס יידישע פּובליקום ליב געהאַט דאָס אוקראַיִניש טעאַטער, די וואַנדער טרופּן פון סטאַדניוקן, קאַהוטיאַקן, וועלכע פלעגן אויפפירן פאָרשטעלונגען אויך אויף יידישער טעמאַטיק. פיל ווינציקער האָבן יידן ביי אונדז באַזוכט פּוילישע אויפפירונגען, סיי אָרטיקע ווי אויך דאָס סטאַ־ניסלאַווער וואָיעוואָדישע פּוילישע „מאַניושקאַ״־טעאַטער, אונטער דער לייטונג פון לאָזשינסקאַ.

זייער אָפט האָט גאַסטראָלירט דער סטאַניסלאַווער „גאָלדפאַדען״ טעאַטער. צווישן אַנדערע האָבן זיי אויפגעפירט מיט דערפאָלג „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, „דער גולם״ אין דער הויפּט־ראָל מיט האָראַצי סאַפּרין (דער שרייבער און איבערזעצער). אויך דאָס „אַנסקי״ טעאַטער פלעגט צו אונדז קומען.

אויסער דעם פלעגן אַראָפּקומען אַ ריי פּראָפעסיאָנעלע יידישע טעאַטערן ווי יאָנאַס טורקאָוו, דיאַנאַ בלומענפעלד, אידאַ קאַמינסקאַ, מעלמאַן, די דאַמבס, באַזשיק מיט זיין אַנסאַמבל, זאַסלאַווסקי, אַלעקס שטיין און אַנדערע. נישט זעלטן פלעגן יידישע יינגלעך, וועלכע האָבן באַגערט זען גוט טעאַטער, געגאַנגען צו פוס — צוליב „ספּאָרט״ (מאַנגל אין געלט) — קיין סטאַניסלאַוו אין טעאַטער, אויב נאָר מען האָט זיך דערוווּסט וועגן אַ וויכטיקן אויפטריט.

## דער ספּאָרט־קלוב „חשמונאים״

דער ספּאָרט־קלוב „חשמונאים״ האָט זיך געגרינדעט אין די אָנהויב־יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג. דער קלוב האָט זיך רעקרוטירט פון די באַדייטנדיקסטע טיילן פון דער יוגנט אין שטאָט און אַרומגענומען אַלע אָן אויסנאָם שיכטן און קרייזן פון אַרבעטער, ביז דער אַקאַדעמישער יוגנט. דער קלוב האָט אויך געפירט אַ לעבהאַפטע פאַרויילונגס־

טעטיקייט. די יוגנט האָט פאַרבראַכט אין די אָוונטן ביי שאַך־שפּיל, דאָמינאָ און פּינג־פּאָנג.

דער קלוב האָט פאַרמאָגט אַ ריי סעקציעס: באָקס, שווימען, גימנאַסטיק א.אַ.וו. אָבער צו די בולטסטע האָט געהערט די פוטבאָל־סעקציע, וועלכע האָט פאַרמאָגט אייניקע מאַנשאַפטן מיט אַ ריי גוט־אויסגעשולטע פוטבאָליסטן. זייער אָפט פלעגן פאָרקומען איבונגען, און פריינדשאַפט־שפּילן, ווי אויך פאַרמעסטונגען מיט אַנדערע קלובן, פּוילישע, אוקראַינישע, סיי אינערהאַלב דער שטאָט, ווי אויך פאַרמעסטונגען מיט מאַנשאַפטן פון אַנדערע שטעט ווי: סטאַניסלאַוו, מאַניסטרישטש, טיסמעניץ, אָטיניע א.א.וו.

דער סטאַבילער לאָקאַל פון קלוב איז געווען די „טאָמביי־האַלע”, דער ספּאָרט־פּלאַץ פאַר שפּילן האָבן געדינט די „סטאַווישטשעס”.

צום קלוב האָבן געהערט יוגנט פון יעדן עלטער, דערוואַקסענע און שול־יוגנט. ס'האָבן אַהינצו געהערט אויסשליסלעך מענער, קיין פרויען סעקציע איז נישט געווען.

צו די וויכטיקסטע גרינדער און אַקטיוויסטן האָבן זיך גערעכנט: מענדעלע פּייער, בוזיע גאָטעסמאַן, אַ באַרימטער פילאַטעליסט (היינט אין אַמעריקע) הערש קאָרנטרעגער, שלמה און בערל שטרייט, שלמה ריצער, איזיע לעפּאַלד, הערש צילער, מעכל דריילינגער, מוניע קאָרנטרעגער. מענדעלע פּייער, וועלכער איז געווען ריכטער אויף אַלע לאָקאַלע פאַרמעסטונגען. בשעתו איז אויך פּראָפ' א. פויערמאַן געווען דער סעקרעטאַר פון קלוב.

# פּאַרטיי־טוער

## ד״ר מאַוריצי ראָזענקראַנץ

ד״ר מאוריצי ראָזענקראַנץ, אַן אַדוואָקאַט פון באַרוף, איז געווען משולם שטערנס איידעם. אייניקע יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָט ער געווױנט אין דייטשלאַנד (מיינץ), שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין טאָלמיטש. פון זיינע יונגסטע יאָרן, איז ד״ר ראָזענקראַנץ געווען אַקטיוו אין די סטודענטיש־ציוניסטישע קרייזן, אַפילו אַנטייל גענומען אַלס דעלעגאַט אויף אייניקע ציוניסטישע קאָנגרעסן.

ד״ר ראָזענקראַנץ האָט פאַרמאָגט פּראָפעסיאָנעלן און אַלגעמיינעם וויסן און מיט גרויס איבערגעגעבנקייט האָט ער זיך באַטייליקט אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט אַלס פאָרשטייער פון די „אַלגעמיינע ציוניסטן”. ער איז אויך געווען אַ לאַנגיאָריקער פאָרשטייער אין שטאָט־ראָט און קהילה.

## ד״ר מאַקס האַלפערן

אין קעגנזאַץ צו זיין באַרוף־קאָלעגע ד״ר ראָזענקראַנץ, איז ד״ר האַלפערן געווען אַ מער אימפולסיווע נאַטור, אַ זייער קלוגער מענטש און זייט יאָרן אויסגעבונדן מיט פּאָליטיש־אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייטן. האַלפערן האָט פאַרמאָגט אַ שנעלע אָריענטאַציע און אַ שלאָג־פערטיקע רעאַקציע־פעיקייט, דערביי אַ גלענצנדער רעדנער, הגם ער איז געווען פיל אויבערפלעכלעכער פון ד״ר ראָזענקראַנץ.

אויך ד״ר האַלפערן, איז געווען אַקטיוו אין די קרייזן פון דער אַקאַדעמישער יוגנט, נאָך אין סטאַניסלאַוו, פון וואַנען ער האָט געשטאַמט.

ד״ר האַלפערן צוזאַמען מיט ד״ר ראָזענקראַנץ, זענען געווען די לעגיטימע אָנפירער פון די „אַלגעמיינע ציוניסטן" אין שטאָט.

די לעצטע יאָרן האָט ד״ר האַלפערן זיך אַריבערגעצויגן קיין אַטיניע און דאָרט זיך פאַרנומען מיט זיין באַרוף.

## חיים לאַם און מאָשקאָוויטש

חיים לאַם איז נישט געווען קיין טאָלמיטשער. ער מיט זיין פאָטער דער רבי ר׳ מלך לאַם, האָבן פריער געוווינט אין יאַראָסלאַוו. ס׳האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און חיים לאַם האָט זיך אַקטיוויזירט אין „מזרחי" און איז געוואָרן איינער פון אירע אָנפירער. ער איז געווען אַ דורכאויס פאַרגעשריטענער מענטש און פלעגט זיך באַמיען קאָאָרדינירן זיין טעטיקייט מיט אַלע איבעריקע ציוניסטישע ריכטונגען. זיין טאָלעראַנץ צו וועלטלעכקייט האָט אים אויך פערזענלעך דערלויבט צו זיין באַפריינדעט מיט מענטשן פון אַלע ריכטונגען, אפילו פון עקסטרעם לינקן לאַגער.

אין איין צייט און צוזאַמען מיט חיים לאַם, האָט אויך געווירקט אין דער „מזרחי" אָרגאַניזאַציע מאָשקאָוויטש, אויך אַ „צוגעקומענער", וועלכן אַלע האָבן געשעצט, זיין בכבודיקע נאָבעלע האַלטונג. אין אַ צייט אַרום איז מאָשקאָוויטש קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן.

חיים לאַם, וועלכער האָט פאַרמאָגט אָרגאַניזאַטאָרישע און אָראַטאָרישע פעיקייטן, האָט אין די לעצטע יאָרן געאַרבעט אין מרכז פון זיין פּאַרטיי אין לעמבערג. ערשט אין די צייטן, ווען די סאָוויעטן זענען אַריינגעקומען — האָט לאַם זיך צוריקגעקערט קיין טאָלמיטש.

## וואָלף שפּונד

בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן די פּאַרטיי „התאחדות", איז צוזאַמען מיט אַנדערע אַקטיוויסטן אַרויפגעשווומען אויף דער געזעלשאַפטלעכער אויבערפלאַך וואָלף שפּונד, אַ פאָלקס־מענטש, און אַן אייגנטימער פון אַ אייזן־געוועלב.

אַ קלוגער און פאַרשטענדלעכער מענטש איז ער געווען. ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט אַ בייסיק־אַנגרייפערישן הומאָר און זייער אָפט נישט געצוימט זיינע אימפּולסן. פיל קוריאָזן און געשיכטעס זענען פאַרבונדן מיט וואָלף שפּונדס שפּאַסיקע המצאות.

וואָלף שפּונד, איז אפשר געווען מער דער אויסערלעכער רעפּרעזענטאַנט פון דער אָרגאַניזאַציע, ווי דער פּאַקטישער טאָג־טעגלעכער טוער. ער האָט יאָרנלאַנג פאַרנומען דעם פּאָסטן אַלס פּאַרזיצער פון דער „התאחדות" אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. בעת דער היטלער אָקופּאַציע איז ער געווען אויסבאַהאַלטן. ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט אַז מען זוכט יידן זאַקלאַדניקעס, האָט וואָלף שפּונד זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

## יאָסיע זאַמער

צו די נישט געקרוינטע גרינדער פון דער „רעוויזיאָניסטישער" פּאַרטיי אין שטאָט, האָט געהערט יאָסיע זאַמער. אפשר טאַקע נישט דער ערשטער און געוויס נישט דער איינציקער, אָבער דער פּאָפּולערסטער.

יאָסיע זאַמער איז געווען אייגנאַרטיק אין זיין ערלעכקייט. אַלס אידעישער מענטש האָט ער מיט התלהבות און איבערגעגעבנקייט געווידמעט זיין צייט דער אָרגאַניזאַציע.

געשטאַמט האָט ער פון אַ פּאַראָרעמטער מיטלשטאַנד־משפחה. אַלע זיינע יאָרן געשטרעבט דורך זעלבסטבילדונג דערגיין צו עפּעס. אַזוי האָט ער טאַקע שפּעטער געענדיקט אַ טעכנישע שול דורך קאָרעספּאָנדענץ אין דייטשלאַנד (דיסלדאָרף).

זיין פּערזענלעכע וועלט איז געווען די אָרגאַניזאַציע און דאָרט האָט ער געפונען זיין אויסלעבן זיך.

נישט רעפּרעזענטאַטיוו איז זאַמער געווען, נישט קיין אָראַטאָר, ער האָט אָבער מיזאַם געשלעפּט דעם עול פון זיין פּאַרטיי.

## שייע יונג

דער נאָמען שייע יונג איז אומצעטיילבאַר פון דער שטאָטישער אָרגאַניזאַציע, „בונד", וועמענס אָנפירער ער איז געווען.

יונג האָט געשטאַמט פון זאַבלאָטאָוו, פון באַרוף אַ בלעכער, אַן אמתער טיפּ פון אַ פאָלקס־מענטש און אַרבעטס־מענטש. געווען אַזעלכע ביי אונדז, וועלכע האָבן נאָך געדענקט שייע יונג גיין צום דאַווענען אין אַ שטריימל. נאָך פאַר דער גרינדונג פון „בונד״ האָט יונג געהערט צו די זש.פּ.ס. (זשידאָווסקאַ פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ).

אַן אַרבעטער־טוער מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ און מיט אַ חוש פאַר סאָציאַלע פּראָבלעמען, אַן איבערצייגטער אין זיין אידייע און באַוועגונג, און אַלס גלענצנדיקער מאַסן־רעדנער און פּראָפּאַגאַנדיסט, האָט ער פאַרשטאַנען ווי אַנצופירן מיט דער פּראַקטישער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט.

אין דער צייט פון דער מלחמה האָט ער זיך מיט זיין משפחה עוואַקואירט קיין ראַטנפאַרבאַנד. שפּעטער צוריקגעקערט קיין פוילן און פון דאָרט קיין ישראל. געשטאָרבן אין עלטער פון 89 יאָר.

## עליע רעדנער און מענדזיע קרום

ווען מען רעדט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון לינקע „פּועלי־ציון״ מוז מען דערמאָנען די צוויי נעמען: עליע רעדנער און מנחם קרום. ביידע האָבן זיי אין איין צייט אַקטיוו זיך באַטייליקט סיי אין אַלגעמיינעם און סיי אין פּאַרטייאישן לעבן.

ביידע, עליע און מענדזיע, האָבן געשטאַמט פון פאַרמעגלעכע היימען, גוט פּראָס־פּערירנדיקע געשעפטן, ביידע האָבן פאַרמאָגט אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן, אויסגעצייכנט זיך מיט פּאָליטישער רייפקייט און געווען גוטע רעדנער. מענדזיע קרום איז געווען אַ מער געלאַסענער, און וואָגיקערער אין זיינע האַנדלונגען, אפשר אויך גרינטלעכער אין זיין וויסן. דאַקעגן עליע רעדנער, איז געווען אַן ענטוזיאַסט־פּאַטעטיקער, אַ שאַרפער פּאָלע־מיקער און אַנגרייפער, אַ דורכאויס עמאָציאָנעלע נאַטור מיט אַ ברויזנדיק רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט. געווען נאָענט באַפריינדעט מיט די חברים, די מאַסן־מענטשן.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז עליע רעדנער עולה געווען קיין ארץ־ישראל און נאָך איניקע יאָרן זיך צוריקגעקערט אַ היים. מענדזיע איז איין צייט געווען מיטגליד פון הויפּט־ראַט פון דער „פּועלי־ציון״ באַוועגונג אין פוילן. ביידע זענען זיי געווען די לעגיטימע פירער פון דער פּאַרטיי.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז צווישן אַנדערע אויך עליע רעדנער באַשטימט געוואָרן אַלס פאָרשטייער פון „יידישער געזעלשאַפט״. אָבער ווען מען האָט ביי אים און ביי משה מענדל בילדנער, געפאָדערט צושטעלן מענטשן צו דער אויסזידלונג, האָט עליע רעדנער און די אַנדערע מיט אים געענטפערט: אַז אויב צושטעלן, זענען זיי גרייט אויסשליסלעך נאָר זיך אַליין, — און אַזוי איז טאַקע געשען.

# יאָסל קאָרן און מוניו ווורמאַן

די פאַרשידנסטע סיבות און גורמים האָבן משפיע געווען אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן און פערסאָנעלן פונאַנדערפאַל פון דער ערשטער גרופע „השומר הצעיר", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן.

די פּאָפּולערסטע צווישן די, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער ווידעראויפלעבונג פון „השומר הצעיר" אין די עטלעכע און צוואַנציקער יאָרן, האָט געהערט יאָסל קאָרן און מוניו ווורמאַן, צו לאַנגע יאָר.

ביידע סטודענטן און קאָלעגן, ביידע זענען באַזייטיקט געוואָרן פון גימנאַזיע צוליב דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע, ביידע נעמען, זענען אויך ענג פאַרבונדן מיט דער דערציערישער טעטיקייט אין טאָלמיטשער קן.

יאָסל קאָרן, אַ יוגנטלעכער, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַלע נויטיקע אייגנשאַפטן, גוטן ווילן און אינטעליגענץ אָנצופירן מיט דער זעלבסטשטענדיקער יוגנט אָרגאַניזאַציע, „השומר הצעיר". ער איז באַלעזן, באַהאַוונט אין ליטעראַטור, פאַרמאָגט אַ דערציערישן חוש און השפּעה אויף דער יוגנט. לויט זיין מענטאַליטעט — אַ פילאָזאָפירנדיקער ראָמאַנטיקער.

מוניו ווורמאַן אין קעגנזאַץ צו יאָסל קאָרן, האָט פאַרמאָגט מער אָרגאַניזאַציאָנעלע אייגנשאַפטן און האָט געווידמעט זייער אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער פיזישער דערציונג, סקויטינג־אויסבילדונג און אָרג. אויספלוגן. שוין אין „השומר־הצעיר", האָט מען ווורמאַנען גערופן דער „זשאַבאָטינסקיק". שפּעטער איז ער ווירקלעך אַוועק צום „בית"ר" און איז געוואָרן איינער פון זייערע אָנפירער. אין אונטערשיד צו יאָסל קאָרן האָט מוניו ווורמאַן, פאַרמאָגט אַ פיל טיפערן און רייפערן פּאָליטישן האָריזאָנט און אַ פּראַקטישן חוש פאַר קענען איינשפּאַנען זיך אין טאָג־טעגלעכער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט.

מוניו ווורמאַן איז שפּעטער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער הנהגה הראשית פון „בית"ר" אין גאַליציע.

# שמואל מויטנער

פון די ייִנגסטע יאָרן איז שמואל מויטנער געווען פאַרבונדן מיט דער חלוצישער אידיי, אַ דורכאויס דענקנדער מענטש געווען, מיט אַ געהעריקן באַגאַזש פון זעלבסט־בילדונג־וויסן. זיין צוגעהעריקייט צו אַ ריי יוגנט־אָרגאַניזאַציעס — געהערט צו זיין אידעישער מעטאַמאָרפאָזע: פון אָנהויב „החלוץ", „השומר הצעיר" און שפּעטער „לינקע פּועלי־ציון".

שמואל האָט געשטאַמט פון אַ זייער אָרעמער היים. דער פאָטער איז אים פרי געשטאָרבן און די מוטער האָט מפרנס געווען די משפחה. די מויטנערס שטאַמען פון דאָרף קאָלינעץ.

נאָך דער הכשרה האָט שמואל געלערנט סטאָלעריי. אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן איז ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל און אַ גאַנצע צייט האָט ער זיך געפונען אין קיבוץ „מזרע", ווו ער איז געשטאָרבן אין יונגן עלטער. עס זענען נאָך אים פאַר־בליבן צוויי טעכטער.

## מאיר זייפער

מאיר זייפער איז מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע פון טאָלמיטש עולה געווען קיין ארץ־ישראל נאָך אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן.

מיט אים איז אויך געפאָרן פריידע קאַנצלפּאָלד, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זיין פרוי.

מ. זייפער שטאַמט פון אַ ציוניסטישער משכילישער משפחה. זיין פאָטער אבא זייפער האָט געהערט צו די מיטגרינדער פון די ערשטע ציוניסטישע קרייזן אין טאָלמיטש.

אין ארץ־ישראל האָט מאיר אַקטיוו זיך באַטייליקט אין אַלע ראַנגלענישן פאַר כיבוש העבודה. מאיר האָט געהערט צו די ערשטע באַן־מאַשיניסטן אין ישוב, און ער האָט אַ סך מיטגעווירקט אינעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף פון די באַן־אַרבעטער. היינט־צו־טאָג געפינט זיך מאיר אין ישראל.

אפרים שרייער

# מרדכי פייערמאַן

מרדכי פייערמאַן איז געווען פון די ראשונים פון דער „פועלי־ציון״־באַוועגונג אין מזרח־גאַליציע, וואָס האָט פון אָנהייב געווירקט צווישן דער שול־יוגנט, דערנאָך צווישן אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, און שפּעטער צווישן דער אַקאַדעמישער יוגנט אין לעמבערג. דאָס איז געווען דער מאָרגן־פרי פון סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער געדאַנקען־אויסקריס־טאַליזירונג. פייערמאַן איז געבוירן אין 1882 אין קאָלאָמיי, אַלס קינד פאַריתומט געוואָרן, אַדאָפּטירט און דערצויגן געוואָרן ביי אַ צווייטער פאַמיליע.

די ערשטע פּאָליטישע השפּעה האָבן אויף אים געהאַט די דעמאָלטיקע קרייזן פון פּוילישע סאָציאַליסטן (פּ. פּ. ס. ד.). שוין אין דריטן קלאַס גימנאַזיע אין סטאַניסלאַוו, האָט ער אָרגאַניזירט צווישן דער שול־יוגנט אַן ערשטע־מאַי־דעמאָנסטראַציע און דערפאַר באַזייטיקט געוואָרן פון שול. שפּעטער אַרבעט פייערמאַן אַלס האַנדל־אָנגעשטעלטער אין אַ יובילער־געשעפט, באַקענט זיך דאָרט מיט ברייטערע קרייזן יידישע אַרבעטער־יוגנט און ווערט אָנגעשטעקט מיט די נאָר וואָס רייפווערנדיקע „פועלי־ציון״ אידייען אין גאַליציע. דאָס באַזייטיקן אים פון גימנאַזיע, האָט אָבער נישט אָפּגענומען ביי אים דעם ווילן צו בילדונג. ער האָט פאָרגעזעצט זיינע לימודים און אַלס עקסטערניסט אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט, ווו ער האָט געענדיקט אַרכיטעקטור.

אין לעמבערג איז פייערמאַן געווען צווישן די ערשטע גרינדער פון „פועלי־ציון״־קרייזן צווישן דער אַקאַדעמישער יוגנט. אין 1905 ווערט ער אויסגעוויילט אַלס סעקרעטאַר פון פאַראיין „אחווה״ אין סטאַניסלאַוו, און פריער מיט אַ יאָר איז ער אויף אַ פאַרזאַמלונג אַרויסגעטראָטן קעגן דעם באַשלוס פון פּ. פּ. ס. ד.־קאָנגרעס אין קראָקע, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט, אַז יידן זענען נישט קיין נאַציע און דעריבער נייטיקן זיי זיך נישט אין קיין באַזונדערער פאַרטיי. באַזונדערס אַקטיוו איז פייערמאַן געווען אין זיינע פריעסטע יאָרן אינעם פּראָפעסיאָנעלן סעקטאָר. אין יאָר 1907 האָט ער אָנגעפירט מיט אַ דער־פאָלגרייכן שטרייק פון וועבער־אַרבעטער אין קאָסוּוו. דעם שטרייק האָט ער אָרגאַניזירט אין נאָמען פונעם יידישן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין עסטרייך, וואָס איז געווען אַ פאַראיין פון די „פועלי־ציון״.

פייערמאַנען געדענק איך פון די צוואַנציקער יאָרן אין דער שטאָט טאָלמיטש.

צוליב זיין שווערער קראַנקהייט איז ער שוין נישט געווען באַזונדערס אָרגאַניזאַציאָנעל טעטיק. זיין פּאָליטישער איינפלוס, ווי זיין פּערזענלעכע אויטאָריטעט, דער אימפּולסיווער געזג נערוו, האָט אויך דאַן אין אים געוואַכט. ער פלעגט אַרום זיך קאָנצענטרירן חברים פון דער פּאַרטיי, ווי אויך פון אַנדערע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, וועלכע האָבן אין אים געזען נישט נאָר דעם מענטש פון מחשבה, נאָר אַ זויבערע פּערזענלעכקייט. ער האָט רעאַגירט אויף יעדער געזעלשאַפטלעכער געשעעניש אינעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד און יידישן בפרט. איז דעריבער נישט קיין ווונדער, אַז בעת די טראַגישע געשעענישן אין ישראל אין 1929, האָט ער זיך אַזוי ווייט איבערגענומען און צום ערשטן מאָל באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק.

פייערמאַן האָט פאַרמאָגט אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע אויסערלעכקייט. זיין הדרת־פּנים האָט זיך טיף פאַרפּיקסירט אין מיין זכרון: שאַרפע קאָנטור־ווינקלען האָבן זיך אויסגעטיילט אויף זיין הויכן שטערן, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צוווייטע פּאַסמעס זילבער־גרויע האָר. זיינע בליקן האָבן אויסגעדריקט אומרו און ערנסט. דער נידעריקער וווּקס האָט ווי צוגעגעבן זיין האַלטונג זעלבסטזיכערקייט און באַהערשטקייט.

אָפט פלעגט מען פייערמאַנען זען אַרומגיין אַליין אַ פאַרטראַכטער. אין באַגעגענישן מיט חברים פלעגט ער אַמאָל געבן אַ רמז וועגן די מחשבות, וועלכע האָבן אים באַשעפטיקט. ער פלעגט זייער אָפט זיך גריבלען אין וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, באַזונדערס אין מאַרקסיסטישער און אין דער פּראָבלעמאַטיק פון דער יידיש־סאָציאַ־ליסטישער געדאַנקען־עוואָלוציע.

אָפט פלעגט מען נאָך אַ געשפּרעך מיט אים האָבן דאָס געפיל, אַז זיין קראַנקהייט האָט אַוועקגערויבט ביי דער באַוועגונג אַ צענטראַלע גייסטיקע פּערזענלעכקייט אין בעסטן זין פון וואָרט. פאַר זיין רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט איז כאַראַקטעריסטיש, ווי חברים האָבן איבערגעגעבן — אַז בעתן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין אונגאַרן, האָט אין אים זיין יוגנט־בלוט נישט גערוט, ער האָט צופוס דורכגעמאַכט דעם וועג איבער די קאַרפּאַטן, קיין אונגאַרן, וועלנדיק מיט אייגענע אויגן זען ווי ס׳פאַרווירקלעכט זיך די אידייע פון אַ סאָציאַליסטישן וועלט־סדר.

פייערמאַן, דעם עטישן מענטש, האָט באַווירקט דער רעוואָלוציאָנערער גייסט, אָבער נישט די פאַרווירקלעכונג, די מעטאָדן פון דער רעוואָלוציע אין ראַטנפאַרבאַנד. גלייך פון סאַמע אָנהייב האָט ער באַמערקט דעם פאַטאַלאַגישן פונאַנדערוווּקס פון טעראָר. ער האָט זיך דעריבער אידעיש דערנענטערט צום אויסטראָ־מאַרקסיזם (קאַוטסקי, באַוער, אַדלער) אין וועלכע ער האָט געזען די אידייען־טרעגער פון סאָציאַליסטישער פאַר־ווירקלעכונג.

ווי אַן איבערצייגטער באָראָכאָוויסט, האָט ער זיך באַזונדערס באַשעפטיקט מיט פּראָבלעמען פון דער אומנאָרמאַלער פּיראַמידע אין דער סטרוקטור פון יידישן לעבן.

פון דאַנען זיין אַקטיוויטעט אויפן שטח פון פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, וועלכע האָט געפירט צו אומשיכטונג.

ביי זיין גאַנצער סימפּאַטיע צו די אויסטראָ־מאַרקסיסטן, פלעגט ער זייער קריטיש זיך באַציען צו זייערע טעאָריעס וועגן יידישן פאָלק.

פייערמאַן האָט געקליבן מאַטעריאַלן, כדי צו שרייבן וועגן דער געשיכטע פון „פועלי־ציון" אין (עסטרייך) גאַליציע. וועגן דעם האָט מיר איבערגעגעבן זיין איינציקער זון, פּראָפ' א. פייערמאַן, וועלכער איז נאָך דער מלחמה געווען אַ מיטרעדאַקטאָר פון „פועלי־ציון"־אָרגאַן אין פּוילן „פשעלאָם". היינט געפינט ער זיך אין ישראל.

פייערמאַן איז יונג געשטאָרבן, קוים 46 יאָר, אין טאָלמיטש, אין יאָר 1930, נישט באַוויזן אַפילו פאַרווירקלעכן אַ טייל פון זיינע אַספּיראַציעס.

פייערמאַן האָט נישט משלים געווען מיט דער שפּאַלטונג פון „פועלי־ציון", וואָס האָט אויך גורם געווען צו זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאַסיווקייט.

דאָס איז געווען אַ מערץ־טאָג, אַ זוניק־פּראָסטיקער טאָג, מען האָט געקענט הערן דאָס סקריפּען פון די טריט איבער די רעשטלעך שניי פון די וואָס האָבן באַגלייט זיין אָרון, איבערגעדעקט מיט דער פּאַרטיי־פאָן.

ס'האָט אים מספּיד געווען זיין יוגנט־פריינד הענדזע האַראָוויץ פון סטאַניסלאַוו.

נישטאָ מער דאָס יידישע שטעטל, חרוב דער בית־עלמין, געבליבן צעשטויבטער געביין און אַ בינטל דערינערונגען נאָך היימישע מענטשן.

מוניו וווּרמאַן

# שול־וועזן אין טאָלמיטש

די אַנטוויקלונג פונעם יידישן ישוב אין טאָלמיטש, האָט גורם געווען צו דער אַנטשטייונג פון יידישע גאַסן און געגנטן. און כאָטש די יידישע גאַס איז נישט געווען אָפּגעגרענעצט פיזיש מיט אַ מויער פון דער דרויסנדיקער וועלט און איז נישט געווען אָפּגעטיילט מיט אַ באַריער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, פּאָליאַקן און אוקראַאינער א. א. האָט זיך דאָך אַנטוויקלט אין שטאָט אַ סעפּעראַט יידיש לעבן מיט אַלע זיינע ספּעציפיש־אייגנאַרטיקע פאָרמען.

אינמיטן דער יידישער געגנט, וועלכע איז אַן צווייפל אָנגערופן געוואָרן „מעקסיקע", איז געווען דער צענטער — דאָס האַרץ פון יידישן לעבן אין שטאָט. דאָ האָבן זיך געפונען די בתי־תפילות: שול, בית־מדרש און קלויז. זיי האָבן נישט נאָר געניצט אַלס בתי־תפילה אַליין, נייערט אויך אַלס שולע פאַר די יידישע קינדער. דאָ — זענען

אַנטשטאַנען חדרים, וועלכע האָבן עקזיסטירט ביז אונדזערע צייטן. דאָ האָבן זיך געלערנט קינדער העברעאיש, געלערנט חומש מיט טייטש, מיט אַ פּירוש פון רש״י, תנ״ך, און די עלטערע יידן האָבן זיך פאַרטיפט אין תלמוד און משניות.

אין די יאָרן פון הערשאַפט פון קעניג יוזעף דעם צווייטן, איז פאָרגעקומען אַן איבערברוך אין פאָרם און סיסטעם פון לערנען יידישע קינדער אין טאָלמיטש. אין מערץ 1785, גיט אַרויס דער קעניג אַ דיסקריפּט צו עפענען יידישע שולן פאַר דער יידישער יוגנט אין גאַליציע. אין יאָר 1788 אַנטשטייט אַזאַ שול אין סטאַניסלאַוו און אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויך אין די מקומות, ווי: באָהאָראַדטשאַן, יאַבלאָנאָוו, קאָלאָמיי, קאָסאָוו, קוטי, מאָנאַסטערזשיסקאַ, מאַרימפּאָל, נאַדווורנאַ, אָבערטין, טאָלמיטש. אין גאַנץ גאַליציע איז געווען טעטיק 162 אַזעלכע יידישע נאָרמאַלע שולן. די לערער אין די שולן זענען געווען יידן. די ספּעציעלע לערער־סעמינאַרן, וועלכע האָבן געגרייט פּעדאַגאָגישע קאַדרען פאַר די שולן, האָבן זיך געפונען אין לעמבערג.

אָבער די יידן האָבן נישט גערן געשיקט זייערע קינדער אין די דאָזיקע שולן, זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די דאָזיקע שולן וועלן אָפּרייסן דעם יונגן דור פון דער יידישער סביבה און צוהעלפן דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע.

אין די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען אויף יידן אין צאַרישן רוסלאַנד, איז צו הילף געקומען דער באַראָן הירש. ער באַשליסט צו אינטערעסירן זיך מיטן גורל פון די יידן אין דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיום. באַראָן הירש, צוזאַמען מיטן הויפּט־רב פון ווין, הרב יעלינעק, האָבן אָנגעהויבן באַאַרבעטן אַ קאָנסטרוקטיוון פּלאַן צו העלפן פּראַקטיש די יידן אין גאַליציע און בוקאָווינע. זיי באַשליסן צו עפענען אַ נעץ פון אַלגעמיינע שולן, ספּאָרט־פּלעצער און פאַרוויילונגס־ערטער פאַר די יידישע קינדער. חוץ די שולן פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, האָבן זיי אויך באַשלאָסן צו עפענען האַנדלס־שולן, לאַנדווירט־שאַפטלעכע און טעכנישע שולן. די שילער זענען געוואָרן באַזאָרגט מיט ביכער, העפטן און אַנדערע נויטיקע לערן־מכשירים און אויך מיט עסן.

אין יאָר 1896, דאָס הייסט, איבער 100 יאָר שפּעטער, ווען דער קעניג יוזעף דער צווייטער האָט אַרויסגעגעבן אַ דיסקריפּט צו איינפירן יידישע שולן, איז אויך אין טאָלמיטש געעפנט געוואָרן אַזאַ שולע, מיט דער הילף און אונטערשטיצונג פון דעם ספּעציעלן פאָנד פון באַראָן הירש. די שולע האָט געטראָגן זיין נאָמען. דער גאַנצער פּעדאַגאָגישער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון יידן.

די קאַטוילישע יוגנט האָט אין דער צייט זיך געלערנט אין די פּאַראַפיע־שולן ביים קלויסטער און די פּראַוואָסלאַוונע קינדער ביים צערקווי. נאָך דער צעטיילונג פון פּוילן אין יאָר 1772, האָט זיך די קריסטלעכע יוגנט געלערנט אין די שטאַטישע שולן.

איינע אַזאַ שול האָט זיך געפונען לעבן קלויסטער אין טאָלמיטש, שפּעטער איז דאָרט געווען די פיליע פון דער גימנאַזיום.

אין די לעצטע יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט, איז צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט און דער פאַרגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג, געוואַקסן אויך די זאָרג פון די דעמאָלטיקע שטאָט־טאַטעס פאַר דער דערציאונג פון דער יוגנט. זיי באַשליסן צו אויסבויען אַן אַלגעמיינע שול (שקאָלאַ פּאָווסעכנאַ). אין יאָר 1904 איז אָפּגעגעבן געוואָרן צום געברויך פון די תלמידים אַ גרויסער בנין פאַר אַ 7־קלאַסיקער שול, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען הויכע, ברייטע, באַקוועמע ליכטיקע קלאַסן מיט ברייטע קאָרידאָרן. די שול האָט געהאַט 2 שטאָק און איז געווען צעטיילט אויף 2 טיילן: פאַר יינגלעך און פאַר מיידלעך. איין פליגל פון דעם בנין, האָבן פאַרנומען די יינגלעך און דעם צווייטן די מיידלעך.

דער בנין האָט פולקאָם אַנטשפּראָכן די באַדערפענישן פון דער דאַמאָלטיקער טאָלמיטשער באַפעלקערונג. אין דער דאָזיקער שול האָבן זיך אויך געלערנט אַ קליינע צאָל יידישע קינדער פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַנדערע יידישע קינדער האָבן זיך געלערנט אין דער שול פון באַראָן הירש. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט זיך געביטן נאָך די מלחמה־יאָרן, היות, ווי שוין גלייך אין די ערשטע נאָך מלחמה־יאָרן, האָט די שול פון באַראָן הירש איבערגעריסן איר טעטיקייט. אין דער פּאָווסעכנאַ־שול האָבן אָנגעהויבן באַזוכן די גאַנצע יוגנט פון דער שטאָט, אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט. די יידישע קינדער האָבן געבילדעט העכער ווי 40% פון דער אַלגעמיינער צאָל שילער און האָט דערגרייכט די צאָל פון קרוב 1000 תלמידים.

די השכלה־באַוועגונג און דער נאַציאָנאַלער גייסט, וועלכער איז אויפגעוואַכט געוואָרן האָט גורם געווען צו דעם, אַז ס'איז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו עפענען אַ העברעאישע שול אין טאָלמיטש. דאָס איז געווען די ערשטע העברעאישע שול אין וועלכער די לימודים האָבן זיך געפירט אין דער העברעאישער שפּראַך. צוערשט זענען דאָס געווען קורסן ביי דער אָרגאַניזאַציע „תקות־ציון", וועלכע זענען געפירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון שטרייט און יעקב אינזליכט. שפּעטער איז אין יאָר 1906 אָרגאַניזירט געוואָרן אין גאַליציע אַ נעץ פון העברעאישע שולן און די טאָלמיטשער שול איז געווען איינע פון די 23 העברעאישע שולן, וועלכע האָבן שוין דאַן עקזיסטירט אין גאַליציע. אין דער טאָלמיטשער שול האָבן זיך געלרנט מער ווי 80 תלמידים. דער ערשטער לערער פון דער שול איז געווען קליימאַן.

די טאָלמיטשער העברעאישע שול איז אָרגאַניזירט געוואָרן און עס האָבן איר אונטערשטיצט מענטשן, וועלכע האָבן געבילדעט דעם קערן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טאָלמיטש. צווישן די בויער און פיאָנערן פון העברעאישן שול־וועזן

זענען געווען די פאָלגנדע פּערזאָנען: משולם שטערן און די ברידער יעקב און שמואל אינזליכט.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געמאַכט אַ סוף צו דער איניציאַטיוו און אָנשטרענגונג צו פירן די פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין פריערדיקן גייסט. צוגלייך מיט דער אַלגעמיינער פאַרערגערונג פון דעם מצב פון די טאָלמיטשער יידן, האָט די שול געמוזט אויפהערן צו עקזיסטירן. פון דעסטוועגן מיטן אומקערן זיך פון די יידן אין טאָלמיטש צוריק פון זייערע צייטווייליקע ווױנערטער, נאָכן פאַרענדיקן די קריגס־אָפּעראַציעס, איז ווידער אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן באַנייען די טעטיקייט פון דער שול. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אין יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אַלעמענס אויגן האָבן זיך געצויגן צו ציון און דער דראַנג צו עולה זיין קיין ארץ־ישראל איז געווען זייער אַ גרויסער. ס׳איז ווידער געוואָרן אַ נויטבאַדערפטיקייט צו באַנייען די העברעאישע קורסן פאַר די קאַנדידאַטן פון עליה. אין יאָר 1919, האָבן זיך ווידער געעפנט די קורסן און אַ קורצע צייט נאָך זייער באַנייונג הויבט אָן ווידער איר נאָרמאַלע טעטיקייט די העברעאישע שול, אַ דאַנק דער אומגעהויערער אָנשטרענגונג און איניציאַטיוו פון דעם קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע בראש מיט ד״ר מאַקס האַלפּערין, שייע רעדנער און יעקב שטרייט.



בית ספר עברי בטלומץ׳ תרפ״ו (1926), המורה משה רוזנטל
די העברעאישע שול מיטן לערער ראָזענטאַל

אַ סך מי האָט אַריינגעלייגט אין דער ווידעראויפלעבונג פון דער העברעאישער שול שייע רעדנער. מיט דער אַקטיווער מיטהילף פון דעם קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכן ס׳זענען אַריין פאַרשטייער פון דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, געלינגט באַדייטנד צו אויסברייטערן די ראַמען פון די אָנפאַנג־קורסן. די העברעאישע שול ציילט שוין דאַן מער ווי 150 שילער און שילערינס. ס׳ווערט אויך אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישער קרייז ביי דער שול און ס׳ווערן געשטעלט איניקע פיעסן אין דער העברעאישער שפראַך. אַ געוויסע צייט עקזיסטירט אַפילו אַ קורס צו לערנען העברעאיש ביי דער מלוכה׳שער גימנאַזיום, וואָס איז אונטערשטיצט געוואָרן פון דעם דעמאָלטיקן דירעקטאָר פון גימנאַזיום, מעדנראַלע, וואָס איז לכל הדעות געווען אַ פאַר־ביסענער אַנטיסעמיט. די לערער פון דער העברעאישער שול נאָך דער מלחמה, זענען געווען: שולמאַן, ראָזענטאַל, סטאָלאַר און גאָלדוואַרג. פאַר זיין צייט, איז איניקע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געלונגען צו אַריבערפירן די שול אין אַן אייגענעם בנין.

ביי דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען איניקע פרוון צו אָרגאַניזירן קורסן צו לערנען די יידישע שפראַך פאַר דער אונטערוואַקסנדער יוגנט.

אַ גרויסן ביישטראַג צו דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער באַפעלקערונג אין שטאָט און באַזונדערס פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט נישט אין אַ קליינער מאָס בייגעשטייערט די גימנאַזיום .אין דעם באַריכט, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אין צו־זאַמענהאַנג מיטן 25־טן יובל פון דער גימנאַזיום, לייענען מיר, אַז דעם 5.9.1910 איז פאָרגעקומען די דערעפענונג פון דעם ערשטן קלאַס פון דער טאָלמיטשער גימנאַזיום.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער פייערונג, איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון לעמבערג דער דירעקטאָר פון דער 4־טער לעמבערגער גימנאַזיום ה׳ וואָיטשעק איינטריט־עקזאַמענס אין דעם ערשטן קלאַס. גזשעגאָזשעוויטש דערמאָנט אין זיין כראָניק, אַז דער בנין, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר דעם געברויך פון דער גימנאַזיע, איז באַשטאַנען פון קליינע, נישט אָפּגעקאַלכטע און שמוציקע הייזער. דער לערן־יאָר האָט זיך אָנגעהויבן מיטן איינציקן לערער ציכאָווסקי און די אַלגעמיינע צאָל תלמידים, האָט נישט איבערגעשטיגן די צאָל פון 85. די גימנאַזיום אין טאָלמיטש איז געעפנט געוואָרן אין רעזולטאַט פון אַ צאַרישער דעציזיע. די פאַקטישע דערעפענונג איז פאָרגעקומען דעם 10.10.1910 און אין דער פייערלעכקייט האָבן אָנטיילגענומען דער יועץ זאַהל אין נאָמען פון דעם שול־ראַט און דער דעפּוטאַט פון עסטרייכישן מלוכה־ראַט דער ה׳ מאָיזאַ ראָסאָכאַצקי, אַ דאַנק וועמענס מי און זאָרג, איז צו פאַרדאַנקען די דערעפענונג פון דער גימנאַזיום. דער נאָרמאַלער לערן־פּראָגראַם האָט זיך אָנגעהויבן מיטן מאָמענט, ווען דער שול־ראַט האָט סוף נאָוועמבער געשיקט אַ דריטן לערער דעם ד״ר בענעדיקט פעלינסקי און אין דעצעמבער פון זעלבן יאָר זענען נאָמינירט געוואָרן קאַטעכעטן פוןביידע רעליגיעס קסיאָנדז לעאָן קאַמינסקי און קסיאָנדז יאַן פלאָוויוק. אַלס רעליגיע־

לערער פאַר יידן איז געווען דער דירעקטאָר פון דער יידישער שול אויפן נאָמען פון באַראָן הירש ה׳ אורמאַן. די אָרטיקע פּעדאַגאָגישע כוחות זענען געווען ה׳ יוזעף האַראַפּקעוויטש און ה׳ ווילהעלם נאָמבערג און זיי האָבן דערגענצט דעם לערער־פּערסאָנאַל.

די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן נישט פאַרצייכנט קיין ספּעציעלע ענדערונגען אין דער טעטיקייט פון דער גימנאַזיום. די זאָרג פון דער דירעקציע איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון טריקענען די פייכטע ווענט פון דעם בנין און פאַרשענערן זיין עסטעטישן אויסזען.

ביז דאַנען דער דין־וחשבון. מיר ווייסן, אַז די ערשטע וועלט־מלחמה האָט דער־פירט צו דעם נעבעכדיקן מצב פון דעם בנין, ביבליאָטעק, קאַבינעטן, געאָגראַפישע זאַמלונגען. דער גאַנצער שול־אינווענטאַר איז רואינירט געוואָרן. ווען ס׳איז פונאַנדער־געפאַלן געוואָרן די האַבסבורגישע מדינה, האָט דעם טייל פון גאַליציע פאַרנומען דאָס אוקראַינישע מיליטער. דער קסיאַנדז פּלאַוויוק האָט ווידער באַנייט דאָס לערנען אין גימנאַזיום, פאַרבייטנדיק איר אָבער אַלס אוקראַינישע גימנאַזיום. ער האָט אַפילו אויפגעעפנט אַ צוגרייטונגס־קלאַס פאַר אָפּגעשטאַנענע תלמידים, כדי זיי זאָלן קענען אָפּגעבן די איינטריטס־עקזאַמענס צום ערשטן קלאַס פון דער גימנאַזיום.

נאָכן פאַרנעמען פון דעם געביט פון דעם פּוילישן מיליטער, האָט די אָנפירונג פון דער גימנאַזיע איבערגענומען ה׳ קרזשיזשאַנאָווסקי און שפּעטער מענדראַלאַ. די דירעקציע פון דער גימנאַזיום האָט פיל געטאָן, כדי צו באַנייען די אויסשטאַטונג פון דעם שול־אינווענטאַר. מ׳האָט ווידער געעפנט די וויסנשאַפטלעכע לאַבאָראַטאָריעס און דערגענצט די אויסשטאַטונג פון די וואַרשטאַטן. צווישן די תלמידים איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געלט־אַקציע, כדי צו איינקויפן די נויטיקע לערנביכער און די ביכער פאַר דער שול־ביבליאָטעק. מ׳האָט אויך געקליבן ביכער צווישן די תלמידים גופא. אין דער אַקציע האָבן זיך אויסגעצייכנט די יידישע שילער.

אין די ערשטע יאָרן פון נאָך דער מלחמה, איז אַ דאַנק די געלט־זאַמלונגען פון אַמעריקע, איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קיך, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן וואַרעמע שפּייז־געריכטן פאַר אַלע שילער אָן אויסנאַם. אין דעם הויפּט בנין, וואָס האָט זיך געפונען ביים אַריינגאַנג אין פּאַרק, איז געווען ווייניק זאַלן און די דירעקציע האָט געמוזט איבערטראָגן 4 קלאַסן אין דעם בנין, וואָס האָט זיך געפונען לעבן קלויסטער, דער אַזויגערופענער פיליאַל פון דער גימנאַזיום. די רעליגיע־לימודים פון דעם גריכיש־קאַטוילישן גלויבן און די יידישע רעליגיע־לימודים, איז צוליב פעלן פון פּאַסיקע קלאַסן, געפירט געוואָרן אין דעם קאָנפערענץ־זאַל און אין די קאַבינעטן פון די שול־זאַמלונגען אַ געוויסע צייט זענען די יידישע רעליגיע־לימודים געפירט געוואָרן אין דעם בנין פון דער שול פון באַראָן הירש.

די יידן האָבן געבילדעט אַ באַדייטנדן פּראָצענט פון דעם לערער־קאָלעקטיוו. אויך צווישן די תלמידים איז דער פּראָצענט פון די יידן געווען אַ גאַנץ הויכער. דער לערן־פּראָגראַם פון דער גימנאַזיום איז געווען פון אַלט־קלאַסישן סטיל: (פון ערשטן קלאַס האָט מען געלערנט לאַטיין און פון דריטן קלאַס — גריכיש). די יידן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין פאַרשיידענע שול־קרייזן, אין אָרקעסטערס, אַרויס־וויינדיק ביי דעם פיל איניציאַטיוו און פלייסיקייט. די יידן זענען אָפט געווען אַביישפּיל פאַר אַנדערע תלמידים.

אין לערער־פּערסאָנאַל זענען געווען פאָלגנדע יידן:

פאַביאַן אורמאַן — לערער פון רעליגיע. ווילהעלם נומבערג — לערער פון מאַטעמאַטיק, ביזן יאָר 1914. מאָריצי ראָזענבאַום — לערער פון דייטש (אַריבער־געפירט געוואָרן אין 1923 קיין סטאַניסלאַוו). ד״ר שמואל איילע — לערער פון געשיכטע און געאָגראַפיע (אין יאָר 1928, אַריבערגעפירט געוואָרן קיין יאַוואָזשנע). ד״ר לעאָן האוזנער — לערער פון דייטש און ענגליש ביזן יאָר 1928. עממאַ שרייבער — לערערין פון געשיכטע און דייטשע שפּראַך. קאַראָל אַרדעל, אַריבערגעפירט געוואָרן קיין טאָלמיטש פון קאַמיאָנקאַ־סטרומילאָווא, אַ משומד. זילבערשלאַג — לערער פון דייטשער שפּראַך פון 1923, אין יאָר 1928 אַריבערגעפירט געוואָרן קיין סטאַניסלאַוו, ווו ער איז געווען אַ לערער אין אַן אוקראַינישער גימנאַזיום. פאַפערמאַן, אָנגעקומען אַרבעטן אין טאָלמיטש אין יאָר 1929.

## יידן אין די שול־קרייזן:

בלאָז־אָרקעסטער: — יוליוש מאַכלער, פאַבעק רייטער.

סטרונען־אָרקעסטער: — ראָטענשטרייך, האַבער, שוואַרצבאַרד, האָליטשער, יעקב שוועפּעלגייסט, י. ווייץ, ווינטערפעלד, קאַראָל קנאָל, ריטצער.

פילאָלאָגישער קרייז: צאַנק, יולעק מאַנדעל.

היסטאָרישער קרייז: לעקטאָרן: אַרטור שטערנפעלד, לעאָן שפּונד.

מיטגלידער פון היסטאָרישן קרייז: — זילבערהערץ, פאַבעק רייטער, יאַמפּאָלער, בילדנער, האָליטשער (איצט פּראָפ׳ לעוויטוס), פר׳ אינזליכט, מאַנדעל, ראָזענקראַנץ.

קרייז פון לאַנדקענטעניש: סעקלער, האָליטשער, עפּשטיין, הירשעל.

לייען־זאַל: ראָטענשטרייך, האַבער, וווּרמאַן, מאַנדעל, צאַנק.

זעלבסט־הילף: האָלטישער, פר׳ איזליכט.

עלטערן־קרייז: פרוי בלאָך, האַרטנשטיין, שעכטער.

די יידישע לערער זענען אויך געווען אָנפירער פון די פאָלגנדע קרייזן:

לאַנדקענטעניש און זאַמלונגען פון געאָגראַפישע עקספּאָנאַטן: — ד״ר ראָזענבאַום.

לערער־ביבליאָטעק: — ד״ר האוזנער.

דייטשע ביבליאָטעק: — ד״ר האוזנער.

היסטאָרישע ביבליאָטעק: — ד״ר איילע און פּר׳ שרייבער עממאַ.

די יידן זענען אויך געווען אַקטיוו אין דער שול־קאַמפּאַניע און האָבן פאַרנומען די ערשטע ערטער אין לויף־פאַרמעסטונגען: צווישן די בעסטע לויפער זענען געווען: יאַמפּאָלער, האַמבורגער, שטערנהעל, זילבערהערץ.

די אונטן אָנגעגעבענע סטאַטיסטישע טאַבעלע ווייזט, וויפל יידן האָבן יעדן יאָר פאַרענדיקט די גימנאַזיום, אָנהויבנדיק פונעם לערניאָר 1917/18, איינשליסנדיק דעם לערניאָר 1938/39. סך־הכל האָבן פאַרענדיקט די גימנאַזיום פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ 156 יידישע שילער און שילערינס, וואָס האָט אויסגעמאַכט 35,6% פון דער אַלגעמיינער צאָל אַבסאָלווענטן.

אויסצוג לויט די יאָרן און צאָל יידישע אַבסאָלווענטן:

די אונטן אָנגעגעבענע סטאַטיסטישע טאַבעלע ווייזט דעם פּראָצענט שילער און שילערינס לויט זייער רעליגיע אין די יאָרן 1918—1939:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1917/18 — 3 | 1918/19 — 3 | 1919/20 — 6 | 1920/21 — 15 |
| 1921/22 — 8 | 1922/23 — 6 | 1923/24 — 7 | 1924/25 — 4 |
| 1925/26 — 7 | 1926/27 — 8 | 1927/28 — 7 | 1928/29 — 10 |
| 1929/30 — 10 | 1930/31 — 15 | 1931/32 — 12 | 1932/33 — 4 |
| 1933/34 — 8 | 1934/35 — 2 | 1935/36 — 1 | 1936/37 — 8 |
| 1937/38 — 6 | 1938/39 — 8 | | |

| רעליג. גלויבן | שילער | שילערינס | צוזאַמען | אין פּראָצענטן |
|---|---|---|---|---|
| רומית־קאתולית | 179 | 37 | 216 | 49.3 |
| יהודית | 129 | 29 | 158 | 35.6 |
| יוונית־קאתולית | 47 | 5 | 52 | 12.1 |
| ארמנים | 10 | 2 | 12 | 2.7 |
| מיאוניטים | 2 | — | 2 | 0.3 |
| סה״כ | 367 | 73 | 440 | 100 |

ס׳איז נויטיק צו אונטערשטרייכן, אַז צווישן דער אַלגעמיינער צאָל יידן וועלכע האָבן געענדיקט די טאָלמיטשער גימנאַזיום אין דעם אויבנדערמאָנטן פּעריאָד, געפינען זיך 23 אַביטוריענטן אָפּשטאַמיקע פון די שטעטלעך: האַליטש, טיסמעניץ, סטאַניסלאַוו, קוטי, קאָלאָמיי, נאַדוורנע, מאָנאַסטערזשיסק, אָשציע, זיעלאָנע.

אין יאָר 1927 זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער גימנאַזיום פאַר דער אָנגע־העריקייט צו דעם „השומר־הצעיר" די תלמידים: יוסף קאָרן, פישער, מאַנדעל, לאָנעק ווורמאַן, קראושאַר, דריי פון זיי האָבן געענדיקט אַ גימנאַזיום חוץ די גרענעצן פון טאָלמיטש. און איינער איז נאָכן ענדיקן דעם הכשרה־פּעריאָד, עולה געווען קיין ארץ־ישראל. חוץ די יידישע תלמידים, וועלכע האָבן געענדיקט די גימנאַזיום, איז געווען אַ געוויסע צאָל תלמידים, וועלכע האָבן צוליב פאַרשיידענע סיבות איבערגעריסן די לימודים, נישט פאַרענדיקנדיק די גימנאַזיום.

די באַציאונגען צווישן די יידישע און קריסטלעכע תלמידים (פּוילישע, אוקראַי־נישע, אַרמיאַנער), זענען געווען גאַנץ קאָרעקטע. בלויז דאָ און דאָרט, זענען געווען פאַלן פון זייען שנאה און אונטערהעצונגען.

פון דעם לערער־פּערסאָנאַל איז געווען באַוווסט דער לערער וואַליגוראַ, אַלס אַנטיסעמיט. ער פלעגט אָפּט אין די קלאַסן, בעת די לעקציעס אָפּלאַכן פון די יידן, פון זייערע מנהגים. ער פלעגט קריטיקירן די יידישע געוווינהייטן, אַרויסרופנדיק מיט זיינע סאַרקאַסטישע אַנטי־יידישע וויצן, אַ געלעכטער ביי די נישט יידישע תלמידים. צו די יידישע תלמידים האָט ער אַרויסגעוויזן אַ קענטיקע גלייכגילטיקייט און אומ־טאָלעראַנץ.

אין משך פון אַ קורצער צייט, איז אַריבערגעפירט געוואָרן קיין בוטשאַטש, דער לערער מיכאַלסקי, וועלכער האָט באַוויזן צו לערנען בלויז איניקע חדשים. אויך ער האָט נישט אויסבאַהאַלטן זיין שנאה און גלייכגילטיקייט צו די יידישע תלמידים.

דער לערער מענדראַלאַ פלעגט אָפּט אין קלאַס אָנווייזן אויף יידישע שילער און האָט געפרעגט די פּאַליאַקן, פאַרוואָס צייכענען זיך אויס די יידישע שילער אין די לימודים? זיין כוונה פאַרשטייט זיך איז געווען צו אַרויסרופן שנאה צו די יידן. ווען ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון דער גימנאַזיום, האָט ער געמאַכט שווערקייטן ביים אָננעמען יידישע שילער. ס'איז באַוווסט זיין פּרווו צו באַזייטיקן דעם שילער שוואַרצבאַרד פון גימנאַזיום, אויפן סמך פון אַן אָנקלאַגע פון אַ קריסטלעכן תלמיד, כאילו שוואַרצבאַרד האָט געשפּיגן אויף דעם בילד פון דער „הייליקער מוטער" אין דער קאַפּעליצע אויף דער קאָליעאָווער גאַס. בלויז אַ דאַנק דער ענערגישער האַלטונג פון שוואַרצבאַרדן, איז מענדראַלאַ געווען געצוווּנגען דעם ענין צו פאַרווישן, נישט אַרויסציענדיק קיין קאָנסעקווענצן. ס'איז אויך באַוווסט דאָס נאָכשפּיאָנירן די יידישע שילער, צי זיי געהערן נישט צו אַ וועלכער ס'איז יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אין רעזולטאַט פון אַזאַ נאָכשפּיאָנירונג זענען באַזייטיקט געוואָרן פון גימנאַזיום 4 שילער, פאַר זייער אָנגעהעריקייט צום „השומר־הצעיר".

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז צוזאַמען מיט די אַנטיסעמיטישע שטראָמען פון מערב, זענען די באַציאונגען צווישן די שילער אין גימנאַזיום געווען פאַרשאַרפטע. די יידישע

שילער אין זייער מערהייט, זענען געווען נאַציאָנאַל געשטימט. די מערהייט פון זיי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. ס׳זענען געווען בלויז איינצלנע פאַלן, ווען אייניקע שילער זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון לינקע שטרעמונגען, הויפּט־זעכלעך פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

יידן, וועלכע האָבן געענדיקט די גימנאַזיום, האָבן זיך באַמיט פאַרזעצן זייער שטודיום אין די הויך־שולן, אָבער די טויערן פון די אוניווערסיטעטן זענען געווען פאַר זיי פאַרשלאָסן. די אַביטוריענטן פון די ערשטע יאָרן איז געווען פיל לייכטער צו שטודירן אויף אַלע פאַקולטעטן, שפּעטער זענען אַ טייל פאַקולטעטן (מעדיצין און פאַליטעכניקום) געווען פאַרמאַכט פאַר די יידישע סטודענטן. לגבי זיי איז געווען אָנגע־ווענדעט דער נומערוס קלאַוזוס, און אַ גרויסער טייל פון די יידישע מאַטוריסטן האָבן געזוכט מעגלעכקייטן צו שטודירן אין אויסלאַנד. די יידישע סטודענטן פון טאָלמיטש האָבן געענדיקט דעם שטודיום אין עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיי, איטאַליע, פראַנקרייך און אויך אין ירושלים. אַנדערע, וועמען די פינאַנסיעלע מיטלען האָבן נישט דערלויבט צו אַרויספאָרן שטודירן אין אויסלאַנד, האָבן בלית־ברירה געמוזט אויסקלייבן דעם יורידישן פאַקולטעט, אָדער דעם פילאָזאָפישן, וועלכע זענען נאָך דאַן געווען אָפן פאַר יידישע סטודענטן אין וואַרשע, קראָקע, לעמבערג. בלויז אייניקע האָבן געענדיקט מעדיצין, אָדער דעם פאַליטעכניקום אין לעמבערג.

אַ טייל סטודענטן, וועלכע האָבן געענדיקט די אויסלענדישע אוניווערסיטעטן, האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן ביים נאָסטריפיצירן זייערע דיפּלאָמען און זיי האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן דאַן, ווען ס׳זענען אַריין שוין די סאָוועטן אין סעפּטעמבער 1939.

חוץ דער מלוכהשער גימנאַזיום אין טאָלמיטש, איז אויך געווען אַ פּוילישער לערער־סעמינאַר וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די מאָנאַכינס (קלויסטער־שוועסטער). בלויז איז אויסנאַם־פאַלן, האָט מען אָנגענומען יידישע מיידלעך אין דעם סעמינאַר. דער בנין פון דעם פרויען־סעמינאַר האָט זיך געפונען אין הויף, ווו פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך געפונען די קאַזאַרמעס. דער סעמינאַר האָט פאַרנומען איין שטאָק פון אַ דריישטאָקיקן בנין. אין רעזולטאַט פון די עקזיסטירנדע באַציאונגען, האָט קיין איין יידישע אַביטוריענטין נישט געקענט באַקומען אַרבעט אַלס לערערין אין אַ שולע און זיי האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערערינס ערשט ווען ס׳איז אַריין די סאָוועטישע אַרמיי אין די געגנטן.

ס׳איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די טאָלמיטשער געזעלשאַפטלעכע עסקנים געלונגען צונויפזאַמלען די נויטיקע סומע געלט, כדי צו אויפבויען אַ שיינע פאַך־שול, וואָס האָט זיך געפונען סוף סלאָוואַצקי גאַס. דאָרט אין דער שול זענען געווען אָפּטיילונגען פון מעכאַניק, סטאָלעריי און בוי־וועזן.

די יידן האָבן אין דער פאַך־שול נישט געשיקט זייערע קינדער, היות ווי אין יענע צייטן, אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט, איז אין די יידישע שטעטלעך דאָס אויסלערנען זיך אַ פאַך און זיין אַ בעל־מלאכה נישט געווען פּאָפּולער ביי יידן. די יידן האָבן זיך באַמיט צו געבן זייערע קינדער מער אינטעליגענטערע פּרנסות. חוץ דעם, האָבן די קריסטלעכע פּאַטראָנען זייער נישט גערן צוגענומען יידישע קינדער אין דער פאַך־שול.

אַ דאַנק די באַמיאונגען און איניציאַטיוו פון אַ גרופּע עסקנים איז געעפנט געוואָרן אַ ווירטשאַפטלעכע שול אויף דער קאָליניצקער גאַס. דאָ האָבן זיך אויך נישט געפונען קיין יידישע קאַנדידאַטינס. די דאָזיקע שולע האָט געהאַט אַ קורצע עקזיסטענץ. זי האָט עקזיסטירט בלויז אַ פּאָר יאָר: 1911—1913. אין דער שולע האָבן זיך געלערנט אויסשליסלעך פּוילישע מיידלעך.

אין טאָלמיטש איז נישט געווען קיין שום ישיבה, אָבער עטלעכע צענדליק טאָלמיטשער בחורים האָבן געענדיקט די ישיבות מחוץ דער שטאָט און נאָכן באַקומען דעם אַנטשפּרעכנדן וויסן אין תלמוד און גמרא, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט קיין טאָלמיטש. צו די בחורים געהערן: שייקע שאַפּיראָ; יידל ברייער; באַראַן קאַפּעל; באַראַן זישע, און שמואל גלאַס, וועלכער איז טראָץ זיין לערנען זיך אין דער ישיבה געוואָרן שפּעטער אַ פאַרברענטער קאָמוניסט.




בית ספר מקצועי בטלומץ'
די פאַך־שול אין טאָלמיטש

ד״ר ישראל צבי כנר

# רעפלעקסן פון דער אַלטער היים

יעדער מענטש און זיין שטעטל. פיל איבערלעבונגען פון מיינע יוגנט־יאָרן, האָבן זיך אויך אויסגעווירקט אין מיין שפּעטערדיקן לעבנס־וועג. כ׳געדענק נישט אַז מען זאָל מיר אַלס קינד האָבן עפּעס געקויפט פון בגדים, אַלץ וואָס כ׳האָב אָנגעטאָן איז געווען אָדער פון מיין עלטערן ברודער, אָדער פון דער שוועסטער.

קיין „קריאת־שמע״ האָט מיך מיין פאָטער נישט געלערנט, נאָר אונדזער גוישע דינסט. זי פלעגט שוין אין זינען האָבן, אַז פאַרן שלאָפן גיין זאָל איך זאָגן „קריאת־שמע״.

אַ מיסטעריעזע השפּעה האָט געהאַט אויף מיר די סליחות־צייט, אַז כ׳האָב דערהערט דריי קלעפּ אין טיר אין מיטן נאַכט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס רופט דער שמש צו „תפילת הבורא״. ווען, אָבער, ס׳האָבן זיך געהערט נאָר צוויי קלעפּ אין טיר, האָט עס באַדייט, אַז עמיצער אין שטעטל איז פון דער וועלט אַוועק און עס פעלט אַ צענטער צום מנין.



מיין מוטער פלעגט ווי אַלע פרויען צינדן ליכט פרייטיק פאַרנאַכט. אַזויפיל ליכט וויפל קינדער אין שטוב. פון מיין מוטער האָב איך באַקומען די ערשטע ציוניסטישע דערציונג. זי פלעגט מיר דערציילן וועגן ארץ־ישראל, איבער הערצלען און ראָטשילדן — „הערצל איז אַ משיח, וואָס וויל שאַפן אַ מדינה פאַר יידן, דער צווייטער, ראָטשילד ווידער, העלפט יעדן יידישן קינד אין אַ נויט״.

אין דער צייט פון היטלערן, בעת מיר איז אויסגעקומען צו זיצן אין איין טורמע־צעלע מיט ראָטשילדן, האָב איך געדענקט מיין מאַמעס דערציילונג און געוואָלט אים מיט עפּעס אָפּדאַנקען פאַר זיין גוטסקייט. איך האָב אים אַמאָל דערלאַנגט אַ שטיקל ברויט, וואָס כ׳האָב פון מויל אָפּגעשפּאָרט. כ׳בין אפשר געווען דער איינציקער ייד, וואָס האָט „דערלאַנגט הילף״ ראָטשילדן.



מיין פאָטער איז געווען אַ סוחר, אַ גאַנצע צייט געזעסן אין זיין געוועלב, וועלכעס האָט זיך געפונען אין מיטן מאַרק. זענען נישט געווען קיין קליענטן, פלעגט ער אַריינקוקן אין דער גמרא. תורה האָט ער געקענט ממש אויף אויסנווייניק, געוויינלעך, פלעגט ער אַ קונה נישט אַוועקלאָזן סתם, ער פלעגט אים מוזן אויפקלערן עפּעס וואָס פון דער הלכה אָדער גלאַט אַ פּאַסירונג דערציילן.

פרייטיק צונאַכט פלעגט דער טאַטע פון שול מיטברענגען אַן אורח. „מען קען קיינמאָל נישט וויסן — פלעגט ער זאָגן — אפשר איז דער אָרעמאַן גראָד אַ למדוואָוניק.

מיין מוטער, איז אפילו געווען אַ זעלטענע באַלעבאָסטע, אָבער צוגרייטן כריין פלעגט איר מיין טאַטע נישט אָנפאַרטרויען. ער פלעגט מיך שיקן מיט אַ סלאָיקל אין האַנט צום פעטער פיניע, וועלכער איז געווען אַ מומחה פון מאַכן שאַרפע כריין.

אַמאָל האָט מיר מיין טאַטע צוגערופן און מיר געוויזן אַן „אוצר": מגילת־יוחסין, וועלכע גרייכט אַזש ביז אהרון־הכהן, צוגעבנדיק דערביי: „קינדערלעך, אונדזער משפחה גרויסט זיך מיט דעם יחות־שטאַם, אַלע באַדאַרפן דעריבער נעמען אַ ביישפּיל פון אהרון־הכהן". דער יחוס־בריוו איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אונדזער שטוב — די היימישע יידישע שטוב.



כ'האָב ליב געהאַט צו גיין אין חדר באַזונדערס אין די ווינטער־נעכט מיטן לאַמטערן אין האַנט. כ'פלעג האָבן פחד פאַרבייצוגיין די גרויסע שול ביינאַכט, ווייל מ'פלעגט זאָגן, אַז די מתים זאַמלען זיך צו תפילה און ווען ס'פעלט זיי אויס איינער צום מניך, כאַפּן זיי יעדן פאַרבייגייער.

ל"ג בעומר פלעגט דער מלמד געבן יעדן תלמיד אַ פיילנבויגן, איינטיילן אַלעמען אין צוויי גרופּן: אין בני־„בר־כוכבא" און אין דער מחנה „רוימער". איך פלעג שטענדיק ווערן צוגעטיילט צו די „רוימער".



טאַלמיטש האָט פאַרמאָגט אַ שטאָט־פערטל, ווו עס האָט געוווינט די אָרעמקייט — די „מעקסיקע". פאַרוואָס „מעקסיקע"? ס'איז אַמאָל איינער אַ שטאָטישער צוריקגעקערט זיך פון אַמעריקע, האָט ער צוגעגנבעט, האָט מען אים געכאַפּט און יענער האָט געקריגן לייטיש געשלאָגן, האָט ער אויסגעשריגן: „דאָס איז דאָך ממש מעקסיקע!"

שבת פלעגן מיר שפּאַצירן אויסער דער שטאָט. נישט ווייט פון איר איז געווען אַ מין מוזיי. שוין אין פאָרהויז, האָט מען אונדז געוויזן אַ שעדל פון אַ טויטן קאָפּ, אַזוי אַרום האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַנאַטאָמיע. ביים מוזעאום איז געווען דער

קרימינאַל, האָט יעדער איינער געקוקט דורך אַ קליין פענצטערל, כדי צו זען די אַרעסטאַנטן.



אין שטאָט פלעגן אָפט קומען ציגיינער מיט זייערע בוידן און אויסבויען פאַר זיך געלטן. פלעגט מיין מוטער מיר דראָען: „ווערסטו נישט זיין אַ פאָלגזאַם קינד, וועל איך דיר פאַרקויפן די ציגיינער, זיי ווידער וועלן דיר פאַרקויפן אין אַ צירק, דאָרט וועט מען מאַכן פון דיר אַ קאַלעקע און דו וועסט ווייזן די צוקוקער". איך האָב געענטפערט, אַז כ׳שרעק זיך נישט, ווייל אין מיטן אַזאַ פאַרשטעלונג אין מאַרק וועל איך אויסשרייען: „יידן ראַטעוועט! איך בין שיע קאַנערס אַ ייִנגל!"

# אַ מאָל אין אַן אָוונט

די תקופה „השומר הצעיר" געהערט צו דער אָמיינסט־ראָמאַנטישער אין אונדזערע יוגנט־יאָרן. אומפאַרגעסלעך זענען יענע צוזאַמענקונפטן, די נאַכט־אויספלוגן אין וועלדל „קאַהאַווע", וואָס איז געלעגן אויפן וועג קיין האַנטשעריוווקע. גרופנווייס און פאָרלעך פלעגן מיר אַהינצו גיין באַזונדערס אין די דופטיק־צעבליטע מאַי־פאַרנאַכטן. מיר האָבן שוין געהאַט אין וועלדל אונדזער סטאַבילע „פּאָלאַנקע" אין מיטן פון דער פּאָלאַנקע אַ ברייטער שטאָם פון אַן אונטערגעשניטענעם בוים. אין שויס פון שטאַם פלעגן מיר אַ פייער צעצינדן — אויסלייגן זיך אַרום.

דער וואַלד האָט פאַרשיכורט מיט די גערוכן פון קאָנוואַליע־בליטן, יאַסמין, ראָמיאַנעק און ליפּע־צוויט. די שפּענער אויפן פייער האָבן געטרעשטשעט, מיר פלעגן שטיל אַרום פייער זינגען, העברעיִשע, פּוילישע, יידישע און אוקראַיִנישע לידער. יוגנט האָט אויסגעזונגען דעם פאַרבאָרגענעם סוד פון געפילן, גלוסטונגען און באַגערן.

ס׳דערמאָנט זיך אַן עפּיזאָד: ס׳איז צו אונדז פון דער „הנהגה־הראשית" פון לעמבערג, געקומען אויף אַ ביקור לאָטקאַ פּאָלאַנער. צו ווינציק צייט געווען צו גיין מיט איר אין „קאַהאַווע", האָבן מיר די „שיחה" מיט איר איינגעאָרדנט אין זאַל פון דער „טאָמבי האַלע". אַ באַזונדערן נייגער האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן דער צוזאַמענטרעף מיט איר. אַלע זענען מיר געקומען אין די גרויע העמדער, בלויע קראַוואַטן, מיט די „ליליקעס" אין לאַץ איינגעשטעקט. אויסגעזעצט זיך אין אַ קרייז, לאָטקאַ אין דער מיט.

אַ שיינע איז זי געווען, באַחנט. אירע קורץ געשניטענע גלאַנציק־שוואַרצע האָר, האָבן איינגעהילט איר אָליוון־גרינלעך אוידל לעבהאַפט געזיכט. צעשמייכלטע פינקענדיקע בליקן, האָבן באַגלייט אירע צאַרט סובטעלע באַוועגונגען.

נאָך דער „פּאָגאַדאַנקע", האָט אונדז לאָטקאָ געלערנט זינגען נגונים ווי „כרמל כרמל"... „ירדן ירדן"... ווייך שטיל איז געווען איר שטימע. מיר האָבן אונטערגעכאַפּט די מעלאָדיע און מיטגעזונגען „כרמל, כרמל", „ירדן, ירדן..." געפילן פון נאָסטאַלגיע, האָט פאַרכאַפּט דאָס געמיט, אַ בענקשאַפט צום כרמל און ירדן, וועלכן מען האָט קיינמאָל נישט געזען.

ביז היינט צו טאָג איז אין מיין זכרון פאַרפיקסירט איר אויסזען, געזיכט און שטימע. אפשר סתם ראָמאַנטישע רעמיניסצענצן. ביז היינט לעבט דער ניגון אין אונדז „כרמל כרמל"... „ירדן ירדן"...

אפרים בן יחזקאל

אפרים שרייער

# די סאָוויעטישע תקופה

מיטן אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי, שפּעטער פון דער סאָוויעטישער ציווילער מאַכט, האָט זיך נישט נאָר געענדערט דער פּאָליטישער קלימאַט, נאָר אין אַ גרויסער מאָס אויך די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן.

יענע טיילן, וועלכע האָבן פיל דערוואַרטעט פון סאָציאַליסטישן סדר, האָבן זיך שווער אַנטוישט און דער טייל, וועלכער האָט געלעבט אין פּחד, דערוואַרטנדיק כסדרדיקע רעפּרעסיעס, האָט זיך אַנטוישט צום גוטן. ביי אַלעמען אָן אויסנאַם האָט דער אַריינמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמײ באַדייט אַ פאַרלײכטערונג דערמיט, וואָס ס'איז געקומען אַ סוף צו דער מלחמה אין די פאַרנומענע געביטן.

מערקווירדיק איז גראָד געווען דער איבערברוך אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַן ענדערונג אין די צווישנבאַציונגען פון יידן, אוקראַינער און פּאָליאַקן, ווי אויך אַן ענדערונג אינערהאַלב דער יידישער סביבה, צווישן די שטאַנד־אונטערשידן און קלאַסן.

די וואַנט, וועלכע האָט פריער פונאַנדערגעטײלט יידן און גויים איז געפאַלן. די איזאָלאַציע, וועלכע האָט געהערשט צווישן דער באַפעלקערונג אין די פּוילישע צייטן, האָט זיך ראַדיקאַל געביטן. עס איז געקומען אַ דערנענטערונג, מען האָט זיך אַפילו „פאַנבראַטעוועט" מיטאַנאַנדער, באַזונדערס מיט די אוקראַײנער. אפשר האָט זיך עס באַגרענעצט נאָר אין אויסערלעכן אַספּעקט. ביידע טיילן; די יידן און די אוקראַינער האָבן געמאַכט אַ פאַלשן חשבון — די יידן האָבן באַטראַכט די אוקראַינער פאַר די נייע באַלעבאַטים, און די אוקראַינער האָבן געקוקט אויף די יידן אין דער ערשטער צייט ווי אויף דעם פּריווילעגירטן טייל — „פּראָטעקציע־קינדער" ביים קאָמוניזם. ווען ביידע

האָבן שוין דערזען דעם טעות, האָט זיי שוין געאייניקט דער צרות־רבים.

די שטאַנד־אונטערשידן צווישן יידן אַליין, האָט זיך געענדערט אין דעם זין, אַז מען האָט אין גאַס געקענט אָנשטויסן זיך אויף דערשיינונגען, ווי פריינדלעכע באַציונגען צווישן קרייזן, וועלכע פלעגן פריער מיט זיך לגמרי גאָר קיין געמיינזאַמס נישט האָבן, מענטשן, וועלכע האָבן אַמאָל קיין צוויי ווערטער צווישן זיך נישט גערעדט, האָבן זיך ממש „פאַרברידערט" ווי אין אחרית־הימים...

מיט דער צייט האָבן די אַזוי פּלוצלינגדיקע געזעלשאַפטלעכע דיפערענץ־אונטער־שיידן און פאַרברידערונג געענדערט דעם כאַראַקטער. אַלץ איז ווידער אַריין אין זיין פריערדיקער נאָרם.

שווער האָט דער סאָוויעטישער רעזשים געטראָפן די געוועזענע קאָמוניסטן, אייניקע פון זיי פלעגן אַפילו לייקענען, אַז ווען עס איז האָבן, זיי געהערט צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי בכלל. עס פלעגט אין שטאָט אומגיין אַ ווערסיע, אַז די בעסטע פאָסטנס ווערן באַזעצט פון געוועזענע רעוויזיאָניסטן, ווייל זיי האָבן זיך נישט אָנטוישט אין קאָמוניזם.

דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן ווערן מאָנאָטאָן און גרוי, סטאַנדאַרט, דאָס מיינט נישט, אַז די באַפעלקערונג איז ענטלאַסטעט געוואָרן פון סאָציאַלע זאָרגן. דער פאָלקס־טימלעכער קאָלאָריט איז פאַרבלאַסט געוואָרן, פאַרלוירן דעם חן, נישט חסידיש נישט נגידיש, נישט טראַדיציע, ס׳איז פאַרלוירן געגאַנגען אינעם יידישן לעבן דער ניגון פון פריידן אוןליידן. דאָס פּאָליטישע לעבן האָט אויסגעהויכט, דער האַנדל טויט, די געוועלבער געשלאָסן. ביים רוב האָט געהערשט די איבערצייגונג, אָדער — „דער ווילן איז געווען דער פאָטער פון געדאַנק" — אַז די סאָוויעטן בלייבן נישט, אַז אַלץ איז צייט־וויליק, אַנדערע, האָבן געהאָפט, אַז ווידער וועט צוריקקומען די פּוילישע הערשאַפט. פיל האָבן געוואָלט אַן ענדערונג, זאָל זיין ערגער, אַבי נאָר אַנדערש. אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען געווען די פּליטים, געקומענע פון קאָנגרעס פּוילן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען סאָוויעטישע פּעסער, זייענדיק גרייט צו טראָגן אַלע קאָנסעקווענצן, וואָס האָט באַדייט — סיביר. האָט מען טאַקע צו יענער צייט אַרויסגעפירט אייניקע משפחות, צווישן זיי הערשל בערגערס זון, חיים קריינדלער (דעם דיינ׳ס זון מיט דער משפחה), האָפּריכטערן און אַנדערע.

געציילטע יחידים זענען צו יענער צייט פאַרשוואונדן, נישט וויסנדיק ווו זייער געבליין איז אומגעקומען. אַזוי למשל יאָסל שמערלער, דער זייגערמאַכער.

פון אָנהויב האָט מען נאָך טאָלערירט די פּריוואַטע אונטערנעמונגען, די געוועלבער האָבן זיך אייגנטלעך „ליקווידירט אַליין". די נייע באַלעבאַטים האָבן נישט ראַבירט, נישט באַפוילן שליסן די געשעפטן, נאָר לעגאַל אויסגעקויפט די אַרטיקלען. אַנדערע האָבן אַפילו אַריינגייענדיק אין אַ געוועלב הינטער זיך אַראָפּגעלאָזט די ראָלן, געהייסן

איינפּאַקן אַלץ, וואָס ס׳איז געווען, באַצאָלט און געזעגנט זיך מיט אַ פּרייטנלעכן „דאָסווי־דאַניאַ״. יידן האָבן געזען ווי עס האַלט, אַ טייל האָבן באַוויזן עפּעס וואָס צו „„פאַרשטעקן״ אַנדערע דאָס אויך נישט. מען האָט אָנגעהויבן זוכן באַשעפטיקונג, שאַפן אַרטעלן, קאָאָפּעראַטיוון, אפילו געזוכט די פאַרשידנסטע אַרבעטן. פיל יידן האָבן טאַקע געאַרבעט אין פאָלאָהיטש, ביי דער באַן־סטאַציע — שווערע אַרבעט.

קיין רעפּרעסיעס האָבן זיך פון אָנהויב נישט געמערקט, נישט ווינציקער האָט אָבער אַלעמען באַהערשט אַ פּחד, נישט וויסנדיק וואָס ס׳קען ברענגען יעדער טאָג, יעדע שעה.

די ערשטע טראַנספּאָרטן קיין טיף־רוסלאַנד, זענען באַשטאַנען פון פּויערים פון די אָרומיקע דערפער, פאַרמעגלעכע ערד־באַזיצער (קולאַקן) און אויך נאַציאָנאַליסטן. מיט מיטלייד און טרערן אין די אויגן, פלעגט די יידישע באַפעלקערונג זיך צוזען ווי שליטנס און וועגענער, איינע נאָך די צווייטע, אָנגעלאָדן מיט פּויערים און זייערע קינדער, האָט מען אין באַגלייטונג פון נ.ק.וו.ד. געפירט צו דער באַן־סטאַציע, זיי איינוואַגאָנירט אין „טעפּלושקעס״ אין וועג קיין טיף־רוסלאַנד. די אַרעסטן זענען פאָרגעקומען אויסשליסלעך פרייטיק צו נאַכטס, די נאַכט פון קבלת־שבת איז געוואָרן אַ שרעק־וואָרט, נישט וויסנדיק צי וועט מען אויפשטיין אויף צו מאָרגנס פונעם אייגענעם געלעגער.

עס האָבן אָנגעהויבן דערגיין קלאַנגען, ידיעות פון סטאַניסלאַוו, אַז מען האָט אָנגעהויבן אַרויסשיקן אויך סוחרים פאַר „ספּעקולאַציע״. אַ גרופּע באַוווסטע סוחרים, זענען פאַראורטיילט געוואָרן צו 10 יאָר. אויך פּיניע דולבערג, האָט בשעתו באַקומען 10 יאָר פאַרשיקונג.

שפּעטער איז געקומען די ריי אויף אַ צווייטער קאַטעגאָריע „פאַרברעכער״, געוועזענע אָפיצירן און זייערע משפחות. האָט מען דאַן אין אַ געוויסער נאַכט אַרויסגעפירט יולקע ווינטערפעלד, ווייל איר מאַן ד״ר סענדער שוואַרצבאַרד, איז אַלס מאָביליזירטער אין דער פוילישער אַרמיי, צוזאַמען מיט זיי אַוועק קיין רומעניע. אויך אַ ריי פוילישע פאַמיליעס האָט מען אַרויסגעפירט: די פרוי פון בירגערמייסטער זיידלער, ראַמציע סטופּניצקי (דעם האַלבן אידיאָט) די טוזינקעוויטשעס, סקאָוראָנסקא, קאַטשעראָווסקא, א.אַ.וו. צוזאַמען 33 אין איין וואַגאָן.

קיין פּאָליטישע פּראָצעסן, האָט מען צו יענער צייט נאָך נישט געמאַכט. די מאַכט־אָרגאַנען, די נ.ק.וו.ד. האָבן ערשט אָנגעהויבן נישטערן, פאָרשן, אויסשפּירן יעדן איינעמס פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט, קלאַסן צוגעהעריקייט, האָט ווער עמעצן אין אויסלאַנד פון זיין משפחה א.אַ.וו.

די רשימות זענען געווען גרייט, אַלץ איז פּלאַנירט געוואָרן לויט אַ באַשטימטן סדר: פּאָליטישע, „לינקע״ און „רעכטע״ נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט און אַנדערע קאַטעגאָריעס, האָבן באַשטימט דעם גורל און די ריי פון די קאַנדידאַטן אַרויסגעפירט צו ווערן.

ווער איז דען בכוח צו שילדערן, באַשרייבן, וואָס יעדער פון אונדז האָט צו יענער צייט איבערגעלעבט, געפילט, וויסנדיק אָדער מיינענדיק, אַז ער איז דער קרבן פון נעכסטן פרייטיק צו נאַכט. די היפּערפּאָרזיכטיקייט מיט אַ צווייטן נישט צו רעדן אַ וואָרט, דאָס סטאַבילע קאָנטראָלירן זיך אַליין ווי אויפפירן זיך, מיט וועמען צו באַגעגענען, וואָס פאַראַ געזיכט־אויסדריק צו מאַכן, בכדי נישט פאַרדעכטיקט צו ווערן ביי דער נ.ק.וו.ד. — האָט ממש פּאַראַליזירט דעם אייגענעם געדאַנק. דער צושטאַנד האָט דערפירט מענטשן צו אַ נערוון־צוזאַמענברוך, צו אַ צושטאַנד פון פּאַטאָלאָגישן פחד. און דאָך האָט מען נישט געקענט צוימען די אינערלעכע ספּאָנטאַנע רעאַקציעס, צווישן זיך אין אַן ענגערן קרייז פון פריינד פלעגט מען רעדן, וויצלען זיך און אויסדערציילן קוריאָזן אויפן חשבון פון די מאַכט־האָבער, אָפּשפּעטן זייער אָפּגעשטאַנענקייט, פּרימיטיוויקייט פון די קאָלכאָזנע שליחים, לערער און פּאַרטיי־לייט, וועלכע פלעגן קומען לערנען די אָרטיקע באַפעלקערונג „גוטע זיטן", „קולטורנאָ" זיך אויפפירן.

די האָפענונג אויף ענדערונגען, זענען וואָס ווייטער אַלס אויסזיכטלאָזער געוואָרן. געווען אפילו קורצזיכטיקע אויך צווישן יידן, וועלכע פלעגן אין דער שטיל איינע די צווייטע אַ סוד איינרוימען, אַז „גאָט וועט געבן", וועט בקרוב דער דייטש דערלאַנגען „פּאָניען אַ דעצידירנדיקן קלאַפּ איבערן קאָפּ".

די ביטערע שעה איז ליידער געקומען, די קאַטאַסטראָפע האָט קיינעם נישט אויסגעמיטן. אויך פאַרן יידישן טאָלמיטש. נאָכן פאַרלאָזן פון די סאָוויעטן די שטאָט, איז געקומען דער אָנהויב פון גיהנום — דער סוף פון קאַפּיטל.

# אומקום־תקופה



די טאַלמיטשער לערנען אַ פּרק משניות ביים אַנטהילן פון דער מצבה
אויפן הר־ציון אין ירושלים

# פראָטאָקאָל

## אויפגענומען ביי יידל פייער אין בוקאַרעשט דעם 14־טן אַפּריל 1945

דעם 7־טן יולי 1941 איז טאָלמיטש פאַרנומען געוואָרן דורך די אונגאַרישע איינזאַץ־טרופּן. די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן האָבן איבערגענומען די מאַכט. אין שפּיץ זענען געשטאַנען דער קאָמענדאַנט פון אוקראַינישן גאַרניזאָן ברעמסקי פון דאָלענע, דער ראַיאָן־קאָמיסאַר קאָמאַרטשוק, דער פּראָקוראָר זאַוואַדאָווסקי און דער אויספאָרשונג־ריכטער יורטשאַק פון טאָלמיטש. נאָכן ריקצוק פון די רוסן, זענען איבערהויפּט קיין דייטשן אין שטאָט נישט געווען. אין 1941, האָט מען אין שטאָט פונאַנדערגעקלעפּט פּלאַקאַטן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט אַ טויט די יידן, פּאָלאַקן און אונגאַרן. נאָכן אַריינמאַרש פון די אונגאַרן, האָט מען די פּלאַקאַטן באַזייטיקט.

מיטן איבערנעמען די מאַכט דורך די אוקראַינער, זענען אַרעסטירט געוואָרן אַ פּאָר צענדליק יידן. נאָך איינציקע טעג זיצן, האָט מען זיי צוריקגעשיקט אַהיים מיט צעבראָכענע הענט און פיס, פולשטענדיק אויסגעשעפּט פון די פייניקונגען. אין די פראַגן האָבן די אונגאַרן לגמרי זיך נישט געמישט.

אָנהויב אויגוסט 1941, זענען יידישע פליכטלינגע פון אונגאַרן אין צאָל פון 1.200 ביז 1.500 מענטשן געקומען קיין טאָלמיטש. די יידן פון טאָלמיטש, וועלכע האָבן געוואָלט דערלאַנגען די אומגליקלעך געטריבענע אַ שטיקל ברויט, זענען גלייך איינגעגלידערט געוואָרן אין דער דאָזיקער קאָלאָנע, וועלכע איז געטריבן געוואָרן אין דער ריכטונג פון האָראָדענקאָ. וועגן גורל פון דער מחנה אונגאַרישע יידן, זענען מיר שפּעטער געוויר געוואָרן: מען האָט זיי גרופּנווייס אין שטעכיקן דראָט געבונדן און אַריינגעשליידערט אין דניסטער, נישט ווייט פון אוסציעשקאָ (געמיינדע טלוסטע). לענג אויס דעם דניעסטער האָבן באַוואַכט אוקראַינישע פּאָסטנס. די וועלכע עס איז געלונגען אַנטלויפן, האָט מען פונדאָסניי געכאַפּט און אין וואַסער געוואָרפן.

צו דער זעלבער צייט ווען מען האָט די אונגאַרישע יידן געטריבן קיין האָראָדענקאָ האָט מען פון טאָלמיטש געטריבן די יידן אין דער ריכטונג פון כוצעמער. קומענדיק אַהינצו האָט אונדז באַגעגנט דער קאָמאַנדאַנט פון אונגאַרישן פּאָסטן, וועמענס נאָמען איך דערמאָן זיך נישט און ער האָט געפרעגט ביי די אוקראַינער צוליב וועלכע סיבות האָט מען די יידן אַהערצו געבראַכט. דער ענטפער איז געווען: אַז דאָס זענען באָלשעוויקעס. דער אָפיציר האָט אַלעמען גוט באַטראַכט, זעענדיק פאַר זיך זקנים און קינדער, האָט ער

געפרעגט צי דאָס זענען זיי די באָלשעוויקעס ? אין לויף פון געשפרעך האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז די אוקראַינער האָבן קיין אויפטראָג נישט געהאַט און אויף אייגענער איניציאַטיוו די יידן אַרויסגעטריבן. די אונגאַרן האָבן גלייך אַנטוואָפנט די אוקראַינער זיי בלוטיק צעשלאָגן און אויף צו מאָרגנס אַרויסגעשיקט. ביז די אויספאָרשונג האָט זיך געפירט האָט מען די יידן אייניקע טעג פאַרהאַלטן און שפּעטער צוריקגעשיקט אַ היים.

צוריקקומענדיק האָבן מיר געטראָפן אַלס צערויבט און צעפלינדערט. די אונגאַרן האָבן אַ טייל פון די צערויבטע זאַכן ביי די אוקראַינער צוריקגענומען און דורך דער פאַרמיטלונג פון יודנראַט צוריקגעגעבן. קורץ נאָך דער געשיכטע איז דער „אוקראַינישער שטאַט" געוואָרן אויפגעלייזט און די אונגאַרן האָבן אין סטאַניסלאַווער קרייז די מאַכט איבערגענומען. די אוקראַינישע אָנפירונג ווי אויך די מיליץ, זענען פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן און אַנדערע אפילו אַרעסטירט. שפּעטער בעת די דייטשן האָבן די מאַכט אין זייערע הענט גענומען, האָט מען זיי אַלעמען ווידער באַפרייט. דאָס איז געווען ענדע אויגוסט. עס זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז דער געשטאַפּאָ־שעף פון סטאַניס־

Жидівський Комітет в Товмачі.

Ч. 309

Карта реєстрацийна

Гр. ................................

уроджений в року.......... замешкалий при вул. ..........

реєструвався яко сталий мешканець міста Товмача.

В тім діти до 16 літ.

1. ................................
2. ................................
3. ................................

Товмач, дня.......... вересня 1941.

За жид. Ком. (РЕДНЕР).

אַ רעגיסטריר־קאַרטע אויסגעשטעלט דורכן יידישן קאָמיטעט, 1941
(אונטערגעשריבן פון עלע רעדנער)

לאווער־קרייז קריגער, האָט צו זיך איינגעלאַדן פאָרשטייער פון די יידישע קהילות ווי אויך די אינטעליגענץ. אַזאַ דעלעגאַציע איז ווירקלעך געקומען, פייערלעך געקליידעט. דאָרט האָט מען זיי אויסגעטאָן, אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן און אוממענטשלעך געפייניקט. דעם צווייטן טאָג האָט מען אַלעמען, מענער און פרויען אין דער בלויזער אונטער־וועש אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט און אויסגעשאָסן. וועגן דעם האָט אונדז איבערגעגעבן ד״ר הויזמאַן פון סטאַניסלאַוו, דער איינציקער, וועלכן עס איז געלונגען צו אַנטלויפן.

אַן ענלעכער פאַל איז פאָרגעקומען אין טאָלמיטש. עס זענען געקומען צוויי ס.ס. מענער פון סטאַניסלאַוו מיט אַ ליסטע פון אַכט יידן (סוחרים און אינטעליגענץ) געפאָדערט זיי אַרויסגעבן. דער עלטעסטער פון יודנראַט, איז דעמאָלט געווען עלע רעדנער, זיין פאָרטרעטער משה־מענדל בילדנער. בילדנער און רעדנער האָבן גלייך צו וויסן געגעבן די אַכט מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן. די דייטשן האָבן געדראָאט די פאָרשטייער, אַז אויב זיי וועלן נישט אַרויסגעבן די אַכט יידן, וועט מען זיי שיסן. זיי האָבן קיינעם נישט אַרויסגעגעבן און דערשאָסן געוואָרן. נאָך זייער דערשיסן האָט מען צוויי פון די געזוכטע געפונען, דריי זענען בכלל אין טאָלמיטש נישט געווען, זיי זענען עוואַקואירט צוזאַמען מיט דער סאָוויעטישער אַרמיי, דריי זענען נאָך געוואָרן אויסבאַהאַלטן: אַדוואָקאַט





תעודות גרמניות בשביל יהודי טלומץ׳

דאָקומענטן פאַר יידן, אויסגעשטעלט דורך די דייטשן אין טאָלמיטש

לייבציג שפונד, אדוו. דזונעק גאָטעסמאַן און וואָלף שפונד. די געשטאַפּאָ האָט געמאָלדן, אַז אויב מען וועט זיי נישט געפינען וועט מען אויף זייער אָרט אויסשיסן 300 יידן. ווי נאָך די דריי אויסבאַהאַלטענע, האָבן זיך דערפון דערוווּסט האָבן זיי זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון דער זאָנדער־דינסט (פּאָסטן פון דער אוקראַיִנישער פּאָליציי אין טאָלמיטש). פון די דערמאָנטע דריי, האָט מען גאָרנישט מער געהערט.

אין די טעג צווישן יום־כיפור און סוכות, איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז אין אָטיניע איז פאָרגעקומען אַ פאַרניכטונגס־אַקציע. די יידן פון אָטיניע אַנטלאָפענע, האָבן דערציילט, אַז 1.800 יידן, זענען מיט לאַסט־אויטאָס אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. לויט דעם אופן ווי מען האָט זיי איינוואַגאָנירט, איינע אויף די צווייטע, איז געווען צו פאַרשטיין, אַז דאָס האָט געמיינט שיקן אויף פאַרניכטונג. אין אייניקע מאָנאַטן שפּעטער, האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז אין אַ וואַלד, פינף קילאָמעטער פון אָטיניע, האָט מען זיי אַלעמען דערשאָסן. אין טאָג פון הושענה־רבה 1941, זענען געקומען יידן פון סטאַניסלאַוו קיין טאָלמיטש און דערציילט די פאָלגנדיקע געשיכטע:

מיט איין טאָג פריער איז אין סטאַניסלאַוו פאָרגעקומען אַן אַקציע, מען האָט צונויפגעטריבן 20.000 יידן אויפן מאַרק־פּלאַץ און אונטער דער באַוואַכונג פון 100 געשטאַפּאָ־לייט און אוקראַיִנער, האָט מען די יידן געפירט אויפן דאָרטיקן בית־הקברות, ווו מען האָט זיי גרופּנווייס (צו 10) אויסגעטאָן נאַקעט און דערמאָרדעט און אין פון פריער צוגעגרייטע גריבער, אַריינגעוואָרפן. די אַקציע האָט געקאָסט 13.000 קרבנות. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין באַגלייטונג פון אַ דייטשן אָרקעסטער. די דייטשן האָבן געטרונקען, געזויפט און געלאָזט זיך ווילגיין. דער געשטאַפּאָ־שעף קריגער האָט פּערזענלעך אין דער אַקציע אָנטייל גענומען. די קינדער האָט ער אַליין מיט איין קנאַק אין קאָפּ טויט־געשלאָגן.

די געבליבענע 7.000 יידן, האָט מען אַהיימגעשיקט און פון יודנראַט געפאָדערט אַ סומע פון 10.000 זלאָטעס „עקזעקוציאָנס־קאָסטן" זיי באַצאָלן. די סומע איז געוואָרן געשאַפן.

אין אָקטאָבער 1941 האָט מען אין טאָלמיטש פאַראָרדנט צושטעלן גאָלד, זילבער, דעוויזן, פרעמדע וואַלוטע, פעלצן און זייף. פאַרן געפינען ביי עמעצן אַ שטיקל זייף, האָט מען פאַראָרדנט טויט־שטראָף. מיר האָבן אויך געמוזט מעבלירן און מיט געשיר פאַרזאָרגן 32 צימערן פאַר די דייטשן. טאָלמיטש איז געווען אין דער „גליקלעכער" לאַגע וואָס די אַקציעס זענען פאָרגעקומען צום סוף.

דעם 3־טן אַפּריל 1942, זענען פון האָראָדענקע צו אונדז אַראָפּגעקומען דער קרייז־הויפּטמאַן דאָפּלער, זיין פאַרטרעטער שעפּער און דער לאַנדווירטשאַפט־קאָמיסאַר מיץ. דאָפּלער האָט פאַראָרדנט, אַז דעם 5־טן און 6־טן באַדאַרפן זיך אַלע יידן מעלדן אין דער געביידע פון דער פוילישער פאָלקס־שול מיטן צוועק איבערזידלען די יידן אין

אַ צוויטער געגנט. מיר האָבן אָבער געהאַט דאָס פּאַרגעפיל אַז אונדז וואַרט דער זעלבער גורל ווי פון אַלע יענע יידן פון אַנדערע שטעט. ווייל מען האָט יעדן דערלויבט מיט־נעמען צו 20 ק״ג. האָט געשאַפן דעם איינדרוק, אַז עס האַנדלט זיך ווירקלעך וועגן איבערזידלען.

דער יודנראַט און די יידישע אָרדענונגס־דינסט, זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז טרייבן די יידן פון די שטובן זיך מעלדן. נאָך דריי טעג זיין אין שול, זענען אַלע איבערגעפירט געוואָרן קיין סטאַניסלאַוו אין רודאָלפס מיל און דערמאָרדעט געוואָרן.

דאָס לעבן אין יידישן פערטל, הגם קיין געטאָ איז דאַן נאָך נישט געווען — איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, ממש אַ גיהנום, הונגער און עלנט. נאָר צוויי מאָל אין וואָך איז דערלויבט געווען, אין די שעהן צווישן 14—13 גיין אין מאַרק איינקויפן פּראָדוקטן. אין דער צייט זענען די פּויערים זיך פונאַנדערגעפאָרן. דער מאַרק איז געווען ליידיק.

די געשטאַפּאָ־לייט פלעגן קומען אין יידישן פערטל מיט אויסדרעסירטע הינט, אָנרייצן זיי אויף די פאַרבייגייענדיקע. ערשט ווען די הינט האָבן דעם קרבן בלוטיק צעביסן — אַן אויער, אַ נאָז אָפּגעביסן — ערשט דאַן האָבן זיי די הינט צוריקגערופן. איינמאָל האָב איך בייגעוווינט אַ פאַל: צוויי געשטאַפּאָ־לייט זענען געגאַנגען און געשפּילט מאַנדאָלין, פאַר זיי זענען געגאַנגען צוויי יידן אָנגעטאָן אין די אָרעמבענד אָפּצייכנס, וואָס האָט באַדייט, אַז זיי איז דערלויבט זיך צו באַוועגן. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן מיטאַמאָל אויפגעהערט שפּילן, אַרויסגעצויגן זייערע רעוואָלווערן און געשאָסן אין די צוויי יידן. ווען די צוויי יידן זענען געפאַלן טויט, האָבן זיי פאָרגעזעצט שפּילן ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט.

דעם ערשטן מאַי 1942 האָט די באַפעלקערונג און פון טאָלמיטשער געטאָ צוזאַמען מיט די יידן פון אַרומיקער געגנט געציילט 3.500 מענטשן. דעם 18־טן מאַי איז געווען דער טאָג פון דער ערשטער פאַרניכטונגס־אַקציע. מיט דער אַקציע האָבן אָנגעפירט אוקראַיניש און פּויליש־רעדנדיקע געשטאַפּאָ־לייט. עס זענען דאַן דערמאָרדעט געוואָרן 180 יידן און 350 זענען פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער קיין ווינקי און זבאַראַוו. במשך איין חודש, זענען אַלע פאַרשיקטע געשטאָרבן.

צוריקקומענדיק אַ היים, האָב איך פון מיין פאַמיליע געטראָפן נישט מער ווי בלוט־שפּורן. דער יודנראַט האָט שוין באַוויזן די קרבנות מקבר צו זיין. דעמאָלט האָב איך פאַרלוירן מיין פאָטער, די שוועסטער און פרוי מיט די דריי קינדער. וועגן אַלע איינצלהייטן האָב איך זיך דערוווּסט פון די שכנים. עס זענען געקומען צו אונדז צוויי ס. ס. מענער אין דער באַגלייטונג פון אַדוואָקאַט הערצל שפּירער.

די ס. ס. מענער האָבן געוואָלט אונטערצינדן מיין פאָטערס באָרד. ווי נאָר ער האָט פּרובירט דאָס פייער־צייג פון זייערע הענט אַרויסציען — זיך אויף זיי געוואָרפן — דאַן

האָבן די ס.ס. לייט מיין פאָטער דערשאָסן. דערנאָך האָבן זיי דערשאָסן דאָס קלענסטע קינד און די שוועסטער.

יענע יידן וועלכע האָבן זיך אין די וועלדער אויסבאַהאַלטן, זענען געכאַפּט געוואָרן פון דער אוקראַינישער מיליץ און מיט שטריק אויף די העלזער צו דער געשטאַפּאָ געפירט.

צוויי וואָכן שפּעטער נאָך דער צווייטער אַקציע, האָט מען ווידער געפאָדערט פון יודנראַט צושטעלן אַ קאָנטיגענט פון 70 יידן.

ווידער זענען אויסגעליפערט געוואָרן צום טויט 70 פּערזאָן, אויסגעשעפּטע און רעזיגנירטע. די געשטאַפּאָ האָט זיי דערשאָסן אויפן יידישן בית־הקברות און איבערגעלאָזט, דעם אוקראַינישן פּאָסטן באַפוילן, אַז אויב עמעצער איז נאָך צופּעליק ביים לעבן געבליבן, זיי דערשיסן. דער אוקראַינישער וואַכמאַן האָט ווירקלעך באַמערקט, אַז צוויי קינדער און צוויי דערוואַקסענע מענער, זענען לעבן געבליבן צווישן דער גרויסער מענגע דערשאָסענע, האָט ער זיי געהייסן אַהיימגיין צוגעבנדיק: „איך וויל נישט טונקען מיינע פינגער אין אומשולדיק בלוט”. דאָס האָבן איבערגעגעבן די פיר לעבנגעבליבענע עדות.



תעודת זיהוי שהוצאה בשנת 1939 ע״י עירית טלומץ׳







גירוש יהודי טלומץ׳ בשנים 1941 — 1942

די אויסזידלונגען 1941 — 1942

דער לאַנד־קאָמיסאַר שעפּער האָט באַאויפטראַגט דריי פּוילישע קרימינאַל־פּאָליציי באַאַמטע איבערצונעמען די פאַרוואַלטונג איבערן יידישן קוואַרטאַל: באַנדוראַווסקי, פאָלקס־שול לערער אין סטאַניסלאַוו, זאַוואַדאַווסקי, שול־לערער פון באַריסלאַוו און סיטניאַק, פאָלקס־שול לערער (דער זון פון שול־לייטער אין קאַראַפּיעץ). אויף דער פאַר־אָרדענונג פון שעפּערן, האָבן די יידן געדאַרפט צושטעלן אַ לאַזאַרעט פאַר פיר קראַנקע. אין לאַזאַרעט האָבן זיך געמאָלדן, טיפוס־קראַנקע און געשוואָלענע פון הונגער מיט דער האָפענונג דאָרט צו באַקומען אַ מינימום פון פלעגע. ווי נאָר אינעם לאַזאַרעט האָבן זיך אָנגעזאַמלט 60 קראַנקע, האָבן די דריי אויבנדערמאַנטע פאַרוואַלטער זיי אייגנהענטיק דערשאָסן. דער שפּעטערדיקער געדאַנק פון דער געשטאַפּאָ איינצואָרדענען אַ יידישע קינדערהיים, האָט אַלעמען שוין אָפּגעשראָקן, יעדער האָט פאַרשטאַנען, וועלכע עס זענען זייערע טייוולאַנישע כוונות. די עלטערן האָבן זיך קעגן דעם געווערט. אַזוי אַרום האָבן זיך אין געטאָ באַוויזן די דריי פּאָליאַקן, וועלכע דערזעענדיק אַ יידיש קינד, האָבן זיי עס דערשאָסן.

נישט פאַרביי דער טאָג אַז אַ 10 קינדער זאָלן נישט האָבן דערמאָרדעט געוואָרן. די פאַרבליבענע צאָל פון 2000 יידן אין געטאָ איז פון טאָג צו טאָג קלענער געוואָרן. שווער געווען צו באַקומען וועלכע עס איז לעבנסמיטל, איינציק די אָרדענונגס־מענער האָבן געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דער נישט יידישער טייל־שטאָט.

מען האָט געלעבט פון די רעשטלעך וואָס זענען פאַרבליבן פון די אויספאַרקויפטע זאַכן. פאַר אַן איבערבעט אָדער גוטן אָנצוג האָט מען געקענט באַקומען פינף קילאָ מעל, אָדער אַ באָן. מען האָט געקענט זען זיך אַרומדרייען פאַרלאָזטע הונגעריקע קינדער, וועלכע האָבן ביי די אַקציעס פאַרלוירן זייערע עלטערן, נישטערן אין די מיסט־קאַסטנס, זוכן אַ שטיקל אָפּפאַל צו עסן.

די 3—4 יעריקע קינדער, האָבן שוין געוווּסט זייער גורל. בעת די דריי פּאָליאַקן האָבן זיך באַוויזן אין געטאָ און פאַרשטאַנען זיך אויסצובאַהאַלטן. אויסערן געטאָ האָט מען געקענט קויפן פּרוכטן האַלב אומזיסט.

פון די מענטשן, וועלכע דער יודנראַט האָט געשיקט צו פאַרשידענע אַרבעטן אויסערן געטאָ איז צוריקגעקומען אַלס ווינציקער און ווינציקער. צו יענער צייט האָבן די דייטשן קיין דירעקטן אָנטייל אין דער ליקווידאַציע נישט גענומען. די גאַנצע מאַכט איז געווען אין די הענט פון די דריי פּאָליאַקן. סוף זומער זענען נאָך אין געטאָ פאַרבליבן 1.200 יידן. זעענדיק די לאַגע פאַר אויסזיכטלאָז, האָבן יידן אָנגעהויבן ביי יעדער מעגלעכקייט אַנטלויפן, זיך אויסצובאַהאַלטן. לגבי די לעצטע פאַרבליבענע 300 יידן אין געטאָ האָט די דייטשע פאַרוואַלטונג אָנגעווענדעט לגמרי נייע מעטאָדן. מען האָט אויפגעהערט צו דערשיסן, צוגעשטעלט לעבנסמיטלען און דערלויבט אפילו אויף צוויי שעה פאַרלאָזן דעם געטאָ. די יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויסערן געטאָ, האָט עס

אַזוי אַרום פאַרנאַרט און זענען צוביסלעך צוריקגעקומען וווינען אין געטאָ.

נאָך 8 טעג, האָט די געשטאַפּאָ און די אוקראַינישע מיליץ דאָס געטאָ אַרומגערינגלט, אייניקע האָט מען אויפן אָרט אין געטאָ דערשאָסן, די איבעריקע האָט מען געפירט קיין סטאַניסלאַוו, ווו מען האָט זיי אומגעבראַכט אויפן דאָרטיקן בית־הקברות.

עס זענען נאָך געבליבן אין געטאָ 80 יידן, באַזונדערס פאַך־לייט. אויך זיי זענען אין שפּעטערדיקע דריי טעג ביי דער אַרבעט דערשאָסן געוואָרן. די ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן באַדאַרפט אויספאַרטיקן אַרבעט פאַר די דייטשן, האָט מען באַוואַכט און נאָכן ענדיקן די אַרבעט דערמאָרדעט.

איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן ביי באַקאַנטע פּויערים אין דער אַרומיקער געגנט ווי אויך אין די וועלדער. די געפאַר האָט געלויערט אויף יעדן שריט. אויך די פּויערים האָט געדראָט טויט בעת מען האָט ביי זיי געפונען אַן אויסבאַהאַלטענעם ייד.

צוליב פּחד, האָבן אָפט די פּויערים אַליין די אויסבאַהאַלטענע דערמאָרדעט, אָדער זיי אויסגעליפערט אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ. אין אַזעלכע אומשטענדן האָב איך פאַרבראַכט דעם ווינטער 1942/43. אַ דאַנק מיינע גוטע באַציִונגען מיט אַ טייל פּויערים נאָך פון די פריערדיקע יאָרן, האָבן זיי מיר דערלאַנגט הילף.

נאָך דער ליקווידאַציע פון טאָלמיטשער געטאָ אין 1942, האָב איך געפונען הילף אין בודזין, ביים פּויער דמיטרי קראָפּעצקי. דאָרטן בין איך געווען באַהאַלטן זעקס וואָכן צייט און שפּעטער געצוווּנגען געווען דאָס אָרט צו פאַרלאָזן און אַוועק אין די וועלדער, ביים דניעסטער. אין די נעכט פלעג איך וואַנדערן צו באַקאַנטע פּויערים, ווו יעדער פון זיי האָט עפּעס געגעבן. פרילינג צייט האָט זיך די לאַגע פאַרשאַרפט, ווייל אויך אין די פעלדער האָבן זיך אָנגעהויבן פאַנגס־אַקציעס. מיט מיר איז בשעתו אויך געווען אַ יונגע פרוי, וועלכע כ׳האָב געטראָפן אין וואַלד. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. קראָפּעצקי האָט מיר געהאָלפן, געפינען פאַר מיר אַ באַהעלטעניש אין דער צווייטער זייט פון דניעסטער.

דאָס איז געווען אַ קינסטלעכע הייל אין אַ שטיינברוך האַרט ביי די ברעגעס פון טייך. דער אַריינגאַנג פון דער הייל איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ גרויסן שטיין. אַנטקעגנאיבער אין דער צווייטער זייט פון ברעג האָט געוווינט קראָפּעצקי. אין טייך פאַרן ברעג איז געשטאַנען אַ לאָדקע איבערצופירן מענטשן. מיר האָבן זיך מיטן פּויער אָפּגערעדט, אַז בעת ער דערלאַנגט איין קלאַפּ אין דער לאָדקע מיינט עס, אַז קיין געפאַר איז נישט פאַראַן, צוויי קלעפּ, פאַרזיכטיק, דריי קלעפּ — געפאַר. אין יוני 1943 האָב איך געהערט איין קלאַפּ און בין אַרויס פון דער באַהעלטעניש. דער פּויער איז געקומען מיר פאָרלייגן, נאָך דריי יידישע פרויען אויסצובאַהאַלטן ביי מיר. פון אָנהויב האָב איך נישט גערן זיך באַצויגן צום פאָרשלאַג, וויסנדיק, אַז ס׳וועט זיין שלעכט מיט דער באַשפּייזונג. דער פּויער האָט מיר איבערגעצייגט און נאָך מיטאָג, זענען די פרויען צו אונדז געקומען.

דאָס זענען געווען פרוי העניע שעכטער מיט איר טאָכטער מרים און פרוי אָסטריגער, אַלע פון קאָראָפּיעץ. אים איז זייער שווער געווען צו פאַרזאָרגן פאַר אַלע לעבנסמיטלען, אָבער אַזוי האָבן מיר צוזאַמען געלעבט אַ חודש צייט. אין יולי 1943 האָב איך ווידער אין דער געגנט געטראָפן אַ יידישע פרוי, כ׳האָב איר אַריינגענומען צו אונדז, זי איז געווען שוואַנגער, דאָס האָט מיר אָפּגעשראָקן. די פרוי האָט אָבער אין פאַרצווייפלונג געדראָט, אַז אויב מיר וועלן איר נישט נעמען שפּרינגט זי אין טייך אַריין. אין אַ וואָך שפּעטער איז אויך צוגעקומען איר מאַן, דאָס איז געווען קיל פון האָראָדענקאָ, אַ שניידער. זענען מיר שוין געווען אַ גרופּע פון זיבן פּערזאָן. נאָך דריי וואָכן האָט די פרוי געבוירן. איינהאַלטנדיק זיך מיט אַלע כוחות נישט אַ געשריי צו טאָן. אין פּחד אַז דאָס קינד וועט וויינען און דערמיט דערמעגלעכן אַנטדעקן אונדזער באַהעלטעניש, האָט דער פאָטער מיט די אייגענע הענט געפּרוווט דאָס קינד דערשטיקן, אָבער אָן דערפאָלג. ערשט — ווי טראַגיש דאָס זאָל נישט האָבן געווען — האָט ער מיט אַ שטיין איבערן קעפּל פון קינד אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן. אין דריי וואָכן שפּעטער האָט מען זעט אויס וועגן אונדז זיך דערוווּסט און מען האָט אָנגעהויבן נישטערן און זוכן אין וואַלד, מען האָט געהערט שיסן. מיינע מיטוווינער האָבן זיך דערשראָקן און געוואָלט פאַרלאָזן די הייל. איך האָב זיך אָבער האַרט קעגנגעשטעלט. מיר האָבן איבערגעהאַלטן. ביי נאַכט האָבן מיר זיך באַרואיקט, די געפאַר איז פאַרביי. אַרויסגייענדיק זוכן פּראָדוקטן האָב איך באַמערקט פון וויטן פאַרביילויפן אַ פרוי, כ׳האָב איר פאַרהאַלטן, גערעדט צו איר יידיש און דאָס איז געווען קלאַרע דעמבלינעק פון קאָראָפּיעץ. אויך זי האָב איך צו אונדז מיטגענומען.

אַלע פון אונדז האָבן געהאַט באַשעפּטיקונג, אייניקע האָבן גענייט זאַכן פאַרן פּויער, די צווייטע געשטריקט סוועדערס. ס׳האָט זיך דערנענטערט דער האַרבסט, ס׳איז געוואָרן קיל. מיר האָבן נאָך פאַרטיפט די הייל, געשאַפן באַדינגונגען צו קענען דאָרט איבערווינטערן.

אָקטאָבער בין איך אַרויס אין דער געגנט זוכן עסן. כ׳בין דאָן פּלוצים געכאַפּט געוואָרן פון פיר אוקראַינער פאָליציי־לייט, וועלכע האָבן מיך איבערגעפירט קיין אָלעש. צו מיין איבעררעשונג, האָט מען מיך גאָר פריינדלעך אויפגענומען. מען האָט מיר געגעבן גוט אָפּצועסן. זיי האָבן מיר דערציילט נייעסן און צווישן אַנדערע, אַז היטלער איז גרייט די פּוילישע יידן איבערצושיקן קיין אַמעריקע, אָבער נאָר גאַנצע גרופּן. זיי האָבן געפרעגט ביי מיר, צו ווייס איך נישט ווו עס געפינען זיך אין דער געגנט גרעסערע גרופּן יידן. כ׳האָב זיך געכאַפּט אויפן שפּיצל און דערקלערט, אַז מיר איז עס נישט באַקאַנט. דעם צווייטן טאָג ווען זיי האָבן געזען, אַז פון מיר קענען זיי גאָרנישט געוווּיר ווערן, האָט מען מיך אָנגעהויבן פייניקן און שלאָגן. ווען איך בין שוין אין חלשות געפאַלן, האָבן זיי שוין אָנגעפרעגט די טאָלמיטשער קריפּאָ, וואָס זיי זאָלן מיט מיר טאָן. האָט מען זיי פון דאָרט געהייסן איבערפירן מיך צו זיי.

איך בין געגאַנגען אין באַוואַכונג פון צוויי פּאָליציאַנטן פון זיי איינער מיינער אַ באַקאַנטער. זיי האָבן באַפוילן לויפן און נאָכגעשאָסן, אָבער איך נישט צו טרעפן. זיי האָבן מיר דערמעגלעכט צו אַנטלויפן.

דער ווינטער 1943—44 איז פאַר אונדז געווען דער שווערסטער. דריי פרויען פון אונדזער גרופּע זענען פאַרפרוירן געוואָרן און זייערע קערפּערס האָבן מיר אין וואַסער געוואָרפן.

די שנאה פון די אוקראַינער האָט געגרייכט אַזוי ווייט, אַז דערוויסנדיק זיך אַז איך בין אויסבאַהאַלטן, גייענדיק אויף די שפּורן פון מיין באַהעלטעניש, האָבן זיי אָהינצו געוואָלט גיין מיך זוכן. זייער פּלאַן האָבן אָבער די פּויערים פון די פיש־פאַנג שיפלעך צונישט געמאַכט.

עס האָבן זיך דערנענטערט די טעג פון גרויסער שפּאַנונג און דערוואַרטונג. די אַרומיקע איינוווינער האָבן דערשפּירט, אַז דער פראָנט פון די רוסן דערנענטערט זיך. אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר דערזען ביי די וואַסער־ברעגעס אונגאַרישע טרופּן, שאַנסן גרובן. פון איין זייט האָט עס אונדז געפרייט, אַז דער אָנגריף אויף די דייטשן דערנענטערט זיך, פון דער צווייטער זייט האָט אונדז געשראָקן, אַז טאָמער וועט מען אונדז ביי דער געלעגנהייט אַנטדעקן.

ס׳האָט געדראָט אַ געפאַר אַז די פּויערים אַליין זאָלן אונדז אויסגעבן. אין ביידע פאַלן האָט אונדז געדראָט דער טויט. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז די קאַמפן ביים דניעסטער קענען לאַנג אָנהאַלטן, האָב איך באַשלאָסן אַליין די זאַך אויספאָרשן.

די פּויערים פון יענער זייט דניעסטער האָבן דערציילט, אַז ס׳געפינען זיך שוין רוסישע פאָרפּאָסטן אין קאָראָפּיעץ. די ידיעה האָט מיך איבערראַשט, ענדלעך איז געקומען

# Ukraiński hitlerowiec

## referentem starostwa w Starogardzie

Koszalin. (PAP) Prokuratura Sądu Specjalnego w Koszalinie sporządziła akt oskarżenia przeciwko Romanowi Twerdochlibowi, narodowości ukraińskiej, ukrywającemu się dotychczas na Pomorzu Zachodnim pod fałszywym imieniem i nazwiskiem Romualda Stynawskiego. Twerdochlib, który w czasie okupacji zajmował z ramienia władz niemieckich stanowisko burmistrza miasta Tłumacza w okolicach Lwowa brał osobiście udział w łapankach i likwidacji miejscowego getta, później należał on również do ukraińskiej dywizji SS „Galizien".

Przed zdemaskowaniem Twerdochlib zajmował stanowisko kierownika kilku referatów starostwa powiatowego w Starogardzie.

מודעה בעתון בפולין על השיפתו של רומן טוורדוכליב מטלומץ׳ שהשתתף באקציות בגיטו טלומץ׳
אַ מעלדונג אין אַ פּוילישער צייטונג וועגן דעמאַסקירן ראָמאַן טווערדאָכליב,
וועלכער האָט אָנטיילגענומען אין די אַקציעס אין טאָלמיטשער געטאָ

דער אַזוי לאַנג דערוואַרטעטער מאָמענט פון באַפרייאונג. כ׳האָב באַשלאָסן צוזאַמען צווויסן געבן אונדזער גרופּע אין זייער באַהעלטעניש. מיט גרויס מי איז אונדז געלונגען אויף אַן אַלט פישער־שיפל איינציקווייז איבערפאָרן אין דער צווייטער זייט. איך האָב אַלע איבערגעפירט אין אַ נישט־באַוווינגט אַלט פויערישן הויז און באַזאָרגט מיט שפּייז.

גייענדיק איבער די הייזער זוכן לעבנסמיטלען, האָב איך באַמערקט, אַז געוויסע מענטשן זוכן אין די שטיבער אויב דאָרט איז נישט באַהאַלטן קיין געווער און וואָפן — זיי האָבן צווישן זיך גערעדט רוסיש, זיי האָבן פאַרזיכערט די פויערים, אַז זיי וועלן קיינעם פון זיי קיין שלעכטס נישט טאָן.

כ׳האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען סאָלדאַטן פון דער סאָוויעטישער אַרמיי און גלייך אַרויס פון באַהעלטעניש. ווען כ׳האָב איינעם פון זיי דערציילט אַז איך בין אַ ייד, האָט מיך אַ סאָוויעטישער מאַיאָר מיט טרערן אין די אויגן אַרומגעכאַפּט, באַגריסט מיך און געזאָגט, אַז פון זינט דעם סטאַלינגראַדער פראָנט ביז איצט, האָט ער קיין ייד נישט געטראָפן. מיט זייער הילף בין איך געקומען צום הויז, ווו אַלע איבעריקע זענען געווען באַהאַלטן און זיי געבראַכט די ידיעה וועגן דער באַפרייאונג.

משה גוטשטיין־לעסקי

# ג י ר ו ש

ווי נאָר עס זענען צו אונדז דערגאַנגען די ערשטע ידיעות וועגן סאָוויעטיש־דייטשן צוזאַמענשטויס, זענען אין יידישע שטיבער פאָרגעקומען לייזנשאַפטלעכע מיינונגס־אויסטוישן: בלייבן, אָדער אַנטלויפן מיט די רוסן? די אַלע, וועלכע האָבן אין די סאָוויעטישע צייטן פאַרנומען וועלכן עס איז פּאָסטן, אַקטיוו מיטגעאַרבעט, אין דער יוגנט „קאָמסאָמאָל״, יענע איז געווען לייכטער אננעמען אַ דעציזיע. אויך די אַקטיוויסטן, איז געווען שווער זיך צו שיידן מיט זייערע משפחות.

אין צווישנצייט, איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די דייטשן האָבן אָנפגעשניטן דעם הויפּט־טראַקט לעמבערג—טאַרנאָפּאָל און ס׳איז קוים געלונגען די מיליטער־טרופּן זיך דורכצורייסן.

אַ סוף זוניקער יוני טאָג 1941, איז געווען דער לעצטער פון די פרייע טעג, ווייל אין דער נאַכט האָבן שוין די רעשטלעך פון דער סאָוויעטישער אַרמיי און אַדמיניסטראַציע פאַרלאָזט די שטאָט. אין פחד האָבן מיר אָפּגעוואַרט די נייע מאַכט, — די דייטשן. אין האָריזאָנט, האָבן זיך אויפגעהויבן שוואַרצע קנוילן רויך, די סאָוויעטן האָבן פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט אונטערגעצונדן די בענזין־רעזערוון ביי דער פּאַלאַהיטשער באַן־סטאַציע.

אין יענער נאַכט האָט קיינער זיך נישט געלייגט שלאָפן. שכנים האָבן זיך צוזאַמענגענומען, געמיינזאַם זיך באַראַטן, אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ זאָרג פאַר יענע יידן, וועלכע ווינען אויף די זייטן־גאַסן צווישן גויים, ווי די קאַלינייצער איליצע א.אַ.וו.

אויפצומאָרגנס, זענען די גאַסן געווען אויסגעליידיקט. נאָר גרופן פויערים מיט זעק האָט מען געקענט זען, זיי זענען געקומען אָפּרויבן דאָס וואָס די רוסן האָבן נאָך איבערגעלאָזט. די גוישע באַפעלקערונג אין די אַרומיקע דערפער, ווי אין אלעש, האָבן זיך שוין געגרייט מיט קאָסעס און העק מאַרשירן אויף טאָלמיטש, אָבער זיי האָט אָפּגעהאַלטן דער גלח סטריסקי פון אָלעש, וועלכער האָט זיי ממש אומגעקערט פון וועג, און האָט צונישט געמאַכט זייער פּלאַן.

צו יענער צייט איז פון נעזווישטש געקומען צולויפן אַ יידיש מיידל און איבער־געגעבן, אַז ביי זיי אין דאָרף האָבן די פויערים באַוויזן אַריינצוואַרפן די אָרטיקע יידישע משפחות אין דניעסטער. נאָך אַ באַראַטונג, האָט די אוקראַינישע אינטעליגענץ אָנגענומען אַ באַשלוס שאַפן אַן אוקראַינישע מיליץ.

מען האָט געכאַפּט אַ געוועזענעם יידישן מיליציאָנער, וועלכער האָט געאַרבעט ביי די סאָוויעטן און אים מערדערלעך צעשלאָגן. אַלע איבעריקע יידן געטריבן צו צוואַנגס־אַרבעט. אַזוי טאָג איין, טאָג אויס, האָבן זיך געהערט קלאַפּן אין טיר „אַרויס צו דער אַרבעט, שנעלער אַרויס!" די קלויסטער־גלאָקן האָבן אויסגעקלונגען דעם „גרויס־דער־וואַרטעטן טאָג" פון דער „סאַמאָסטינאַ אוּקראַיִנאַ".

ווי דערמאָנט איז אין דער ערשטער צייט האָבן נישט די דייטשן, נאָר די אונגאַרישע אַדמיניסטראַציע געוועלטיקט אין דער סטאַניסלאָווער וואָיעוואָדשאַפט. רויב און פייני־קונגען, האָבן נישט געפעלט, אָבער פון מאַסן־מאָרדן האָט מען נאָך נישט געהערט און אויך נישט פאָרגעשטעלט זיך, אַז דאָס וועט געשען.

אין יענע טעג האָבן זיך באַוויזן גרעסערע גרופן יידישע פליכטלינגע פון אונגאַרן. קלענערע טיילן, וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טראַנספּאָרט האָבן געפונען הילף ביי די אָרטיקע יידן.

די אוקראַינער האָבן געגרופן אַ באַראַטונג בראש מיטן גלח האַלאָוואַטי און באַשלאָסן נאָכטאָן דעם ביישפּיל און אויך די יידן פון טאָלמיטש אַרויסטרייבן. וווהין, אָבער טרייבן? האָבן זיי געפינען אַן אויסוועג. טאָן דאָס זעלבע וואָס די פויערים אין הרינאָוויץ — אויף דער עצה פון ד״ר קלאָדניצקי — דערטרינקען אַלע אין דניעסטער.

דאָרט האָבן צום גליק די אונגאַרישע מאַכט־אָרגאַנען די מחנה פאַרהאַלטן און אַלעמען געהייסן צוריקקערן זיך אַ היים. די היימען האָט מען שוין געטראָפן צעשטערט און אויסגעפּליגדערט.

שפּעטער צו, אין אָסיען, ווען עס איז געקומען דער גרויסער אויסגוס פון דניעסטער,

וועלכן די פויערים האָבן שוין זייט צענדליקער יאָרן נישט געדענקט, האָבן אַ טייל פון זיי געזאָגט אַז „דאָס איז די שטראָף פון גאָט פאַר די אָנגעטאָענע צרות די יידן".

# אין די טעג פון פיין און אומקום

זעקס אָפּטיילונגען, אַמטלעכע רעסאָרטן, האָבן רעפּרעזענטירט די דייטשע מאַכט אין טאָלמיטש אין די יאָרן 42—1941:

1) דער לאַנדס־קאָמיסאַר שעפער, וועלכער האָט אַמטירט אין דער געביידע פון אַמאָליקן אַמט פון סטאַראָסטווע; 2) די דייטשע געסטאַ־זשאַנדאַרמעריע מיטן קאָמענדאַנט טעסלאַ בראש (דער זון פון קאַראַליוועקער גלח); 3) מיט באַזונדערן אַכזריות האָט זיך אויסגעצייכנט אַ געוויסער וולאַסלאָווסקי (אַ געוועזענער געזעלן־יינגל ביי אַ יידישן שניידער); 4) די קרימינאַל־פּאָליציי, צו וועלכער ס'האָבן געהערט אוקראַינער און פּאָליאַקן אין שפּיץ מיטן באַרימטן מערדער באַנדראָווסקי. זייער אַמט איז געווען אויף סלאָוואַצקי־גאַס; 5) דער שטאָט־ראָט־אַמט מיטן בירגערמייסטער טווערדאָכליב; 6) דער יודנראַט, וועלכער האָט אייגנטלעך אויסגעפּילט די באַפעלן און פאַראָרדענונגען פון די אויבנדערמאָנטע פאַקטאָרן.

דער אויבער־שעף, וועלכן די אַלע אַמטן האָבן זיך אונטערגעאָרדנט, איז געווען קריגער, מטעם דער געשטאַפּאָ אין סטאַניסלאַוו, וועלכער האָט געהאַט דעם רעסאָרט פון ליקווידירן די יידן.

זייער פונקציע און אויפגאַבן, זענען געווען אַרויפצווינגען שטייערן, קאָנטריבוציעס, קאָנפיסקירן די פאַרמעגנס, צורויבן דאָס צירינג, גאָלד און פוטערוואַרג, קליידונג פאַר די דייטשע סאָלדאַטן אויף די מזרח־פראָנטן. אַלץ איז געוואָרן אַדורכגעפירט דורך דער פאַרמיטלונג פון יודנראַט.

אויסער צושטעלן זאַכן פאַר אַמטלעכן געברויך האָט מען אויך געמוזט נאָכקומען און שטילן זייערע „פּריוואַטע" פאָדערונגען, ווי צושטעלן מעבל און אינערלעכע איינריכטונגען פאַר זייערע וווינונגען. אַלץ איבערגעבליבענע אין די געוועלבער, שפּייז, געטראַנקען און קאָסמעטיק, האָט מען געמוזט צושטעלן. אויסער דעם האָט מען פאַר אַלע דערמאָנטע רעסאָרט־לייטער, געמוזט צושטעלן „פּרעזענטן" מתנות פאַר זייערע פרויען און געליבטע, וואָס האָט באַדייט אָפּקויפן, פאַרלייכטערן, שטילן דעם צאָרן פון די הערשער איבערן לעבן און טויט.

דאָס אַלץ האָט אפילו נישט אָפּגעשטופּט די טערמינען פון די „אַקציעס". פאַר גאַראַנטירן דאָס צושטעלן די פאָדערונגען, האָט מען אויך גענומען „זאַקלאַדניקעס". פאַר זיין נישט פּינקטלעך האָט איינמאָל דער עלטסטער פון יודנראַט ד"ר שטיינבערג,

געקריגן געשלאָגן פון די דייטשן. נאָך איניקע מאָנאַטן פון דייטשן טעראָר, האָט מען שוין געשפּירט דעם אָנהויב פון ליקווידאַציע.

די דייטשן האָבן באַפוילן זיך זאַמלען אין דער פּוילישער פאָלקס־שול. אַלטע, קראַנקע און „אומפּראָדוקטיווע״. פון דאָרט האָט מען טויזנט מענטשן אַוועקגעפירט קיין סטאַניסלאַוו. אויפן בית־הקברות, האָבן זיי געפונען דעם סוף. אַלעמען האָט מען אויס־געשאָסן.

נאָך דעם האָט מען אָפיציעל אָרגאַניזירט דאָס געטאָ אין שטאָט. אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך ווי ניזשניוו און אָטיניאַ, האָט מען די יידן אַהינצו געבראַכט.

עס האָבן זיך באַוויזן די פאַראָרדענונגען: נאָך 7 אָוונט טאָרן נישט די יידן זיך באַווייזן אין גאַס. טאָרן נישט גיין אָן אַן אָרעם־באַנד; טאָרן נישט פאַרלאָזן די שטאָט; טאָרן נישט גיין אויפן טראָטואַר. יידן טאָרן נישט האָבן קיין ראַדיאָ, קיין גאָלד און זילבער, פוטערוואַרג און אַנדערע ווערט־זאַכן. יידן מעגן אַרבעטן נאָר פיזיש ביי אוקראַי־נער, פוילישע פאָלקס־דייטשן — אַרבעטן אָן אַרבעטס־לוין.

פונדעסטוועגן, האָט מען די אַרבעט באַטראַכט פאַר אַ באַשטימטער פּריווילעגיע, און אזוי אַרום געהאַט די אילוזיע אָפּשטופן די געפאַר. בעלי־מלאכות, דאָקטוירים, דענטיסטן, האָבן אפילו אַ געוויסע צייט געמעגט אַרבעטן ביי זייערע פאַכן. דער יודנראַט האָט צוגעשטעלט די קאָנטינגענטן. נישט געווען דער טאָג וואָס זאָל זיך ענדיקן אָן צעשלאָ־גענע, פאַרפייניקטע, באַליידיקטע און געשאָסענע יידן, אָן אַ פאַרוואָס. מען האָט געאַרבעט אין מאַגיסטראַט, ברוקירט מיט מצבות די גאַסן, געאַרבעט אין פּריוואַטע הייזער פון די באַצווינגער, ווי אויך אויף דער באַן־ליניע און אין די פּריצישע הייף אין דער נאָענטער געגנט.

„בלעכלעך״ האָבן געהייסן יידן, וועלכע האָבן געטראָגן אין קלאַפּ פון רעקל אַ בלעכל פון אַ דייטשער פירמע ווו זיי האָבן געאַרבעט, האָבן געהאַט רעכט צו זיין אויסערן געטאָ, דאָרט צוזאַמענקלויבן אַלט אייזן, מעטאַל־אָפּפאַל פאַר די דייטשן. געווען אַ קליינע גרופּע פּריווילעגירטע, וועלכע האָבן געמעגט האָבן קאָנטאַקט מיט די דערפער. דאָרט אויספאַרקויפן די רעשטלעך זאַכן און איינהאַנדלען אַ ביסל קאַרטאָפל, ברויט אָדער פאַסאָלעס.

יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע איבעראַשונגען.

באַנדראַווסקי האָט אַרומגעשפּאַנט אין געטאָ מיטן רעוואָלווער אין האַנט און געשאָסן אין יעדן אַלטן, קראַנקן און אין די „נישט נויטיקע״ מענטשן. אַזוי האָט ער דאַן דערשאָסן די פרוי פון בוכוואַלדן, פרידל האַבער, דערפאַר, ווייל ער האָט באַקומען פון אַ פאַליאַק אַ פלעשל מילך.

רעגלמעסיק, צו דער באַשטימטער צייט, זענען פאָרגעקומען די אַקציעס. אין שפּיץ זענען געשטאַנען דער געשטאַפּאָ־שעף קריגער פון סטאַניסלאַוו און זיינע מיט־

העלפער — די שטאָטישע באַהערדן. די רציחות און מאָרדן האָבן געדויערט פון פרי ביז אָוונט. אויף צו מאָרגנס ווי עס וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען. די לעבנגעבליבענע, זענען געגאַנגען צו זייערע אַרבעטן. די דייטשן האָבן זיך באַמיט נאָך יעדער אַקציע אַלעמען באַרואיקן, שאַפן די אילוזיע, אַז פון איצט וועט אַלעס זיך „סטאַביליזירן", ווייל אַלע „אומנויטיקע" האָט מען שוין ליקווידירט.

די איינציקע טרייסט איז געווען, אַז דער רוסישער פראָנט זאָל זיך דערנענטערן, אַזוי אַרום אפשר איבערהאַלטן. ביי אַלע אומשטענדן איז דער ווילן צו לעבן געווען ביי אַלעמען שטאַרק. בכדי צו שטאַרקן די אילוזיע פון סטאַביליזירן דעם מצב, האָבן די דייטשן געהייסן איינאָרדענען „געזונטהייטס־פונקטן" און אַנדערע הילפס־אַנשטאַלטן, דערלויבט דאָרט אַרבעטן דער אינטעליגענץ, אַלץ האָבן זיי געטאָן, כדי איינשלעפערן די פחד־אינסטינקטן פון די אומגליקלעכע. מיט די אינסטיטוציעס האָט פאַרוואַלטעט דער יודנראַט.

דער מאָראַלישער צושטאַנד, דער גלויבן אין דער דייטשער מפלה, איז ביי אַלעמען געוואָרן אַלץ צווייפלהאַפטער, זעענדיק ווי די דייטשישע אָפענסיווע גייט פאָרויס.

ווי נאָר ס'איז געקומען ווינטער מיט די שטאַרקע פרעסט, האָט זיך די לאַגע פון די דייטשן פאַרערגערט. מען האָט צוריקגעפירט פון די פראָנטן וואַגאָנען פאַר־פרוירענע זעלנער. די שטימונג האָט זיך ווידער פאַרבעסערט, מען האָט געלעבט אין האָפענונג, אפשר פאָרט...

דער דייטשער ראַדיאָ האָט נישט אויפגעהערט צו רופן: „די יידן וועלן אויפהערן צו לאַכן".

די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן ערגער און ערגער, הונגער און נויט האָט געבושעוועט אין יעדן ווינקל. משה שטאַרק, האָט טאָג איין, טאָג אויס, איבערגעשיקט פון דער מיל זעקלעך מעל, אָבער דאָס האָט באַדייט ווי אַ טראָפּן אין ים. די וואַסער־אויסגוסן פון דניעסטער האָבן אָסיען־צייט פאַרניכטעט די רעשטלעך תבואה אויף די פעלדער אין די דערפער, וואָס האָט זיך פאַטאַל אָפּגעשלאָגן אויך אויפן געטאָ. אומ־מעגלעך געווען מער צו טוישן אַפילו פאַר די בעסטע זאַכן, אַביסל מעל אָדער פאַסאָלעס. ביי מעגלעכע געלעגנהייטן האָט מען אויף די פעלדער געקליבן רעשטלעך בלעטער פון בוריקעס און אויך קראָפּעווע אויף אָפּקאָכן דערפון אַ זופּ. אַזוי האָט דערציילט די משפחה בערגער — הערשל בערגעס זון און זיינע קינדער — אַז זיי טריקענען אויס די געוויקסן, מאָלן זיי און מאַכן דערפון מעל. מען האָט אויך געקליבן לעבעדיקע סלימאַקעס. פון קיין פעטס ווי פוטער און מילך איז קיין רייד נישט געווען. טיי פלעגט מען קאָכן פון ליפּע־בלעטער.

ברויט־קאַרטן־סיסטעם איז געווען פאַר אַלע, פאַר יידן די העלפט. דאָס ברויט איז געווען שוואַרץ, קלעפּיק, ליימיק. אַנדערע פּראָדוקטן, האָבן יידן נישט באַקומען.

דער פּחד פאַרן הונגער האָט גורם געווען דערשיינונגען ווי, פאַרשטאַרקטער אַפּעטיט ביי יענע טיילן, וועלכע האָבן נאָך פאַרמאָגט שפּייז־רעזערוון. פאַרשווונדן אויך די פילצאָליקע „קראַנקהייטן" פון יענע גוטע צייטן, ווען מען האָט זיך געגוזמט אין דיעט־שפּייזן. פאַרשווונדן זענען די לעבער, גאַל און אולקוס־קראַנקהייטן.

די אַלע וועלכע עס איז געלונגען בלייבן לעבן, אַנטלויפן, זיך אויסבאַהאַלטן, האָבן אָנגעהויבן בויען שוץ־ווינקלען אויף די געביידעס, קעלערס אויפן הויף א.אַ.וו. די באַהעלטענישן, זענען געווען גוט מאַסקירט. צו די ערשטע אַזעלכע פּרימיטיווע באַהעלטענישן האָט געהערט פאַרשטעלן אַ טיר צו אַ צווייטן צימער מיט אַ שאַפע און נאָך ענלעכע קאָמבינאַציעס, ביי מאַסקירטע עפענונגען. שפּעטער צו האָט מען שוין געבויט פיל בעסערע באַהעלטענישן פון ברעטער און ציגל. אַזוי למשל, בעת כ׳האָב צו יענער צייט געוווינט אין הויז פון פרוי גוציע שרייער, האָט דאָרט אינערהאַלב דעם קוך־צימער, געפירט אַן עפענונג מיט ברעטער געדעקט אַראָפּצו אין אַ קעלער. די עפענונג האָב איך מיט טשוועקעס פאַרקלאַפּט און אין אַ צווייט אָרט אַ ברעט געעפנט, וואָס זאָל דינען פאַר אַן אַריינגאַנג.

אין די וועלדער ווידער, האָט מען אין די פאַרשידנסטע קאָמבינירונגען פון צווייגן און בלעטער מאַסקירט באַהעלטענישן. אָדער אין הויף האָט מען אונטער אַ גרויסן קלאָץ אויף וועלכן מען האַקט האָלץ אויסגעגראָבן אַ גרוב הינטער אים.

שוין פון ערשטן מאָמענט מיטן אַריינמאַרשירן פון די דייטשן איז געווען אַ וווּנדער־שיינער זומער און טרוקענער האַרבסט. אין נאָרמאַלע באַדינגונגען פלעגן יוגנט אויסנוצן די צייט אויף באָדן אָדער אַרומשפּאַצירן אין שיינעם פאַרק. איצט האָט מען אויסגעמיטן אַרויסצוגיין אין גאַס, אויך פון אָנהויב ווען דער פאָרמעלער פאַרבאָט, איז נאָך נישט געווען.

ווי שטאַרק האָט גראָד דאַן באַהערשט דעם מענטש אַ באַגער איבערגיין זיך אין גאַס, איבערן פאַרק, אין יענער אַזוי פּראַכטפולער טונקעלער־אַלייע, מיט וועלכע עס זענען געווען פאַרבונדן די שענסטע יוגנט־יאָרן.

פאַרקערט, שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן האַסן זון, בוים, גראָז און בלומען. אין דער טונקל האָט מען געזוכט די רעטונג. בעת אַ שטורעם אָדער רעגן האָט מען געפילט ווי די נאַטור אַליין פילט מיט אונדזערע ליידן. אין אַזעלכע טעג פלעגן די מערדער זיצן אין זייערע שטיבער, און מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

„אוי דאָס בעט, דאָס בעט", — פלעגט אויסקרעכצן מיין באַלעבאָסטע, די אַלטע פרוי שרייער — „דאָס איז נאָך דאָס איינציקע אָרט וווּ מען קען זיך אָפּרוען".

אונדזערע פיינט ווירקן, פילן אויס זייערע טייוולאָנישע פּלענער אין העלן טאָג, ביינאַכט רוען זיי. אויך דאָס האָט געהערט צו אונדזער גליק.

מיר זענען געבליבן פון 7 אָוונט אין שטוב, זיי די גויאישע שכנים, האָבן זיך ערשט דאַן געטראָפן, אַרומגערעדט, דערציילט זיך וועגן פאַרלויף פון פאַריקן טאָג — די שוואַרצע יידישע טעג.

פלוצעם האָט עמיצער אויפגעכאַפּט אַ ראַדיאָ־ידיעה, אַז די רוסן זענען אַריבער אין אָפענסיווע, האָט מען אָנגעהויבן חשבונען וויפל וואָכן, וויפל טעג באַדאַרף דויערן, אַז די רוסישע טאַנקן זאָלן זיך דערנענטערן צו אונדז? אַזוי האָבן געהאָפט און געחולמט די שיטערע רעשטלעך פון אונדזער שטעטל.

די מוטיקע פלעגן אַפילו ביינאַכט אַריבערכאַפּן זיך צו אַ שכן, אַ קרוב ווען ס'איז געווען אַ פינצטערע נאַכט.

מינע ביקעלעס־ראַטענשטרייך

# אַזוי איז עס געווען

32 יאָר זענען פאַרביי און מען קען פון זיכרון נישט אַרויסרייסן די דאַטע פון 30.7.41. איך בין דאַן אין יענעם נאָכמיטאָג געווען ביי די טעסלאָס (דעם קאַראַליוּוקער גלח'ס זון) אַרויסבליקנדיק פון פענצטער, האָב איך דערזען אַ מענגע מענטשן, געטריבענע, אויסגעשעפּטע, מידע און צעבראָכענע, צווישן זיי אויך פיל קאַליקעס. דער לעצטער אין דער ריי איז געווען אַ נישט יונגער מענטש, אַ קאַליקער אויף ביידע פיס, וועלכער האָט אויף זיינע פּלייצעס געטראָגן אַ זקנה אויך אַ קאַליקע. דאָס איז געווען אַ גרוילהאַפט בילד, וועלכן מען קען מיט קיין ווערטער נישט שילדערן.

טעסלאָ האָט שוין זעט אויס געוווּסט וועגן די פּלענער פון די אוקראַינער און וועגן צוגרייטן אַ טראַנספּאָרט. ער האָט פאַרווערט זיין פרוי אַרויסצוגיין מיט מיר אין גאַס, און אַליין איז ער געגאַנגען „אויסשפּירן" די לאַגע. כ'האָב מער נישט געקענט איינזיצן אין שטוב און אַרויסגעריסן זיך אין גאַס, מיט עפּעס וואָס אפשר בייהילפיק זיין די מענטשן. פון דורכגייער האָב איך געהערט, אַז מען האָט די געטריבענע דערלויבט זיך אויסזעצן אין רינג־פּלאַץ זיך אָפּרוען.

די פרוי טעסלאָ, האָט מיר באַדאַרפט אין דעם פּלאַן מיטהעלפן. האָט מען אונדז אָבער אין רינג־פּלאַץ גלייך צעשיידט מיט כוח, געדראָט דער טעסלאָ באַשטראָפן פאַר איינשטעלן זיך פאַר יידן.

מיך האָט מען אַריינגעשטופּט אין דער מאַסע. ס׳האָט נישט געהאָלפן די אינטער־ווענץ פון מיין שוואָגער משה שטאַרק און אויך נישט די פּראָטעקציע פון טעסלאָ.

די אוקראַיִנישע מיליץ מיט האָלאָוואַטע בראש, האָבן אַרויסגעשלעפּט יידן פון זייערע הייזער און קאָנצענטרירט אין רינג־פּלאַץ. פאַרנאַכט, האָט מען אַלעמען געטריבן אין דער ריכטונג פון כוצעמער. קיינער פון אונדז האָט אָבער נישט געוווּסט וווּהין מען פירט אונדז. אויפן וועג האָט מען אונדז שוידערלעך געפּייניקט, געשלאָגן ביז פאַרלירן דאָס באַוווּסטזיין. ד״ר סאָלאָט איז דאַן מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן. די אוקראַיִנישע איינוווינער, וועלכע מען האָט געבעטן דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער, האָט די מיליץ נישט דערלויבט. דאָך האָט מען דאָ און דאָרט עפּעס באַקומען דאָס חיות צו דערהאַלטן.

די אוקראַיִנער פון נעזווישטש, האָבן „פאַרלאָפן דעם וועג״ די טאָלמיטשער אוקראַיִנער, נישט נאָר זיי האָבן געטריבן די יידן פון זייער געגנט, נאָר געבונדן די יידן גרופּנווייס אין שטעכיקע דראָטן און מיט דער מיטהילף פון גלח און ד״ר יורקעוויטש אַריינגעוואָרפן די יידן אין טייך דניעסטער. די דאָזיקע אַקציע, איז אויך פאָרגעקומען דעם 31.7.1941. ד״ר זנאַן האָפמאַן, אַ פּאָליאַק, האָט דאַן אויסבאַהאַלטן אַ צאָל יידן אין שפּיטאָל ווו ער האָט געאַרבעט.

אין יאָר 1942 האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט ד״ר האָפמאַן, ווי אויך דעם קאַנאָניק גלח טאַבאַטשקאָווסקי, וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און אַרויסגעגעבן די יידן טויף־צייגענישן, מעטריקעס, בכדי זיי דערמעגלעכן זיך ראַטעווען אויף דער אַרישער־זייט. אויך מיר האָבן באַקומען פון טאַבאַטשקאָווסקין אַכט מעטריקעס אָן, וועלכע עס איז רעקאָפּענסאַטע. אויך דער פּוילישער אַפּטייקער שאַנקאָווסקי, האָט געהאָלפן יידן אין די ראַמען פון זיינע מעגלעכקייטן. פיל ווערט־זאַכן פון יידישן פאַרמעגן, וועלכע מען האָט פאַרשטעקט ביי אים, האָט ער אַלעמען ווי אויך אונדז צוריקגעקערט, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ פראַגע פון טויט און לעבן.

דער אוקראַיִנישער גלח פּלאַוויוק, האָט אויסגענוצט די לאַגע פון יידישן אומגליק און האָט צווישן אַנדערע, פאַרבעטן צו זיך מיין שוואָגער משה שטאַרק, פאַרגעלייגט אים פאַרשרייבן זיין גאַנצן פאַרמעגן ווי אויך דאָס פאַרמעגן פון מיין פאָטער, שמואל ראָטענ־שטרייך מיטן צוזאָג, אַז אין שווערע מינוטן וועט ער „אונדז העלפן״. שטאַרק האָט זיך פון אַנבאָט אָפּגעזאָגט. דער צווייטער, וואָס האָט פאַרגעלייגט זיין „הילף״ אין דעם זין, איז געווען אונדזער שכן ראָמאַן כאַלופּינקאַ. ער האָט רעאַליזירט זיין „הילפס־פּלאַן״ און ווירקלעך צוגענומען שטאַרקס מיל נאָך דערפאַר, אַז די דייטשן זאָלן דאָס פאַרמעגן נישט צונעמען. הגם מיר האָבן געמעגט לויטן אָפּמאַך האָבן אַ „פרייען צוגאַנג״ צו אונדזער וווינונג, האָט כאַלופּינקאַ שוין פון ערשטן טאָג נישט דערלויבט אונדז נעמען אַ ביסל פון אייגענעם האָלץ אויף אונטערצוהייצן. ער האָט געדראָט מיט „שיסן יעדן איינעם ווי פויגל״, אויב מען וועט וואַגן עפּעס נעמען פון שטוב. שפּעטער איז ער אַוועק מיט די דייטשן.

בעת דאָס געטאָ איז נאָך געווען אָפן, האָבן זיך נאָך מענטשן באַוויזן אַרויסרייסן פון דאָרט, געקומען אין דער מיל פון שטאַרקן און ראַטענשטרייכן, ווו זיי פלעגן באַקומען אָפּצועסן און אויך עפּעס וואָס מיטברענגען די משפּחות. געווען אַ פאַל ווען די גויים האָבן זיי געפּאַקט, אַלץ צוגענומען און דערצו נאָך געשלאָגן. אין די איבערפאַלן, האָבן אַנטייל גענומען די זין פון די לוציקס, וועלכע זענען געווען אונדזערע שכנים. שפּעטער האָבן זיי די פאַקטן וועגן דערלאַנגען הילף, איבערגעגעבן די דייטשן און דאַן האָבן די מאַכט־אָרגאַנען געדראָט שטאַרקן מיט רעקווידירן די מיל. דאָס האָט שטאַרקן נישט אָפּגעשראָקן און ער האָט נאָר געענדערט די פאָרם פון דערלאַנגען הילף. ער פלעגט יעדע וואָך איבערשיקן אייניקע זעק מעל צו סרול האַלער, וועלכער האָט אין געהיים דאָס מעל פונאַנדערגעטיילט צווישן די נויטבאַדערפטיקע. אויך אין דער פאָלקס־קיך פון געטאָ, האָט ער איבערגעשיקט פּראָדוקטן. אויך חיים ריצער, דער צושטעלער פון גאָלד, בריליאַנטן און צירינג, טעפּיכער און פוטער־זאַכן פאַר די דייטשן, איז אויך געווען אַן „אָפטער גאַסט" ביי די שטאַרקס.

צו אַלעמען איז געקומען אַ סוף. שטאַרק און זיין פרוי בראַניע, זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין בוטשאַטש דעם 5.5.1944. מיין מאַן יחיאל און זון ריסיא זענען אומגעקומען אויך אין בוטשאַטש דעם 4.4.1944. מיט זיי זענען אויך געווען די קוזינע מיינע גיציע האַספּיל מיט איר מאַן. דעם 5.5.1944, האַרט פאַרן סוף פון דער מלחמה האָט זיי אַלעמען, דער קלויסטער־דיעק אויסגעליפערט אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ און אומגעבראַכט געוואָרן.

ד"ר פישל הודיש

## וועגן דאָקטוירים און געזונטהייטס-וועזן

אין די פוילישע צייטן איז דאָס געזונטהייטס־וועזן אין טאָלמיטש געווען באַגרענעצט צו צוויי אינסטיטוציעס: די „קראַנקן־קאַסע" און די אַזוי גערופענע „פּשיכאָדניאַ", אַ געזונטהייטס־פּונקט, געשטיצט פון דער שטאַטישער סאָציאַלער הילף, פון וועלכן עס האָבן געהאַט אַ רעכט צו געניסן די אָמיינסט אָרעמע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

מיטן אַריינמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי און ציווילער אַדמיניסטראַציע, זענען פאָרגעקומען אַ ריי ענדערונגען. צו יענער צייט זענען אין שטאָט געווען אַ ריי דאָקטוירים, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פּריוואַטער פּראַקטיק. דאָס זענען געווען די דאָקטוירים: ד"ר האַבער, ד"ר הודיש, ד"ר הערמאַן, ווינטערפעלד און זיין פרוי, פרוי פייערמאַן, קרויטמאַן, שוואַרצבאַרד, די צאָן־דענטיסטן: פרוי ראָזענמאַן, מ. גוט־

שטיין און האָלער. ד״ר שוואַרצבאַרד איז אַוועק מיט דער פּוילישער אַרמיי אַלס מאָבי־ליזירטער אָפיציר קיין רומעניע. נישט יידישע דאָקטוירים, זענען געווען: ד״ר לעסניאָ־קעוויטש און ז. האָפמאַן.

די סאָוויעטישע אַדמיניסטראַציע איז גלייך צוגעטראָטן אָרגאַניזירן אַ געזונט־הייטס־אָפּטיילונג בראש מיט ד״ר זאַלץ. חוץ דער קרייז־פּאָליקליניק און אָרטיקער־פּאָליקליניק (אין הויז אַנטקעגנאיבער דער אַלטער פּאָסט) איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ שפּיטאָל מיט 40 בעטן (אין אַ הויז, אויפן „האָף״). אין שפּיטאָל זענען געווען דריי אָפּטיילונגען: אַן אינערלעכע, כירורגישע און גינעקאָלאָגישע. דער לייטער פון שפּיטאָל איז געווען ד״ר זאַלץ. ד״ר הערמאַן איז געשיקט געוואָרן קיין ניזשניווו.

צו יענער צייט, זענען די באַציונגען צווישן די יידישע און נישט יידישע דאָקטוירים געווען זייער קאָרעקטע. מיטן אויסברוך פון סאָוויעטיש־דייטשן קריג, ביים ריקצוג פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, איז ד״ר זאַלץ אָפּגעפאָרן קיין לעמבערג, ד״ר הערמאַן און קרויטמאַן זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער סאָוויעטישער אַרמיי און די איבעריקע פריער־דערמאנטע דאָקטוירים, זענען געבליבן אין שטאָט.

ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן, איז טאָלמיטש פון סאָמע אָנהויב, באַזעצט געוואָרן מיט אונגאַרישן מיליטער. מיט דער פּאָליטישער מאַכט, האָבן אָנגעפירט די אוקראַינער, וועלכע האָבן גלייך פון אָנהויב באַוויזן זייערע אכזריותדיקע נעגל. די יידישע דאָקטוירים האָט מען גלייך באַזייטיקט פון זייער אַרבעט אין שפּיטאָל און אַנדערע געזונטהייטס־פּונקטן. נישט געקוקט דערויף, האָבן די יידישע דאָקטוירים ממשיך געווען ברענגען הילף דער יידישער באַפעלקערונג. טראָץ דער גיפטיקער פיינטשאַפט צו די יידן, זענען די קריסטן געקומען זוכן הילף צו די יידישע דאָקטוירים און דאָס אָן באַצאָלט.

די אונגאַרישע מיליטער־אָרגאַנען, האָבן זיך ווינציק אינטערעסירט מיט דער ציווילער אַדמיניסטראַציע, אַזוי אַרום האָבן די אוקראַינער באַהערשט דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט.

דעם 14־טן יולי 1941, זענען צו מיר דערגאַנגען קלאַנגען, אַז יידישע פּליטים פון אונגאַרן טרייבט מען דורך טאָלמיטש אין אַן אומבאַוווסטער ריכטונג. עס איז נישט פאַרביי קיין שעה, ווען ס׳איז באַוווסט געוואָרן, אַז די אונגאַרישע אָרגאַנען, האָבן אויסגעליפערט די פּליטים אין די הענט פון די אוקראַינער, און זיי האָבן באַשלאָסן אַלעמען, צוזאַמען מיט די יידן פון שטאָט, אויסזידלען, באַשטימט זייער גורל צו פאַרניכטונג. דער דאָזיקער טייוולאָנישער אויסזידלונג־פּלאַן איז גלייך רעאַליזירט געוואָרן. מען האָט דעם מאַרשרוט פאַרטיילט אין צוויי טיילן: געזונטע און יונגע אין איין גרופּע און זקנים, פרויען און קינדער אין דער צווייטער. מיר איז געלונגען מיט מיין פרוי זיך אַרויסדרייען פון דאָזיקן אומגליק און דאָס צוליב דער פּשוטער סיבה, ווייל מען האָט באַדאַרפט איבערלאָזן אייניקע, וועלכע זאָלן זיך מטפל זיין מיט די אוקראַינישע קראַנקע.

די אויבערהאַנט איבער דעם דאָזיקן גירוש האָט געהאַט די געסטאַפּאָ. די יידן זענען געטריבן געוואָרן אין דער ריכטונג פון האָראָדענקאַ, נישט ווייט פון דניעסטער, דאָרט אַלעמען דערטרונקען. פרוי ד״ר פויערמאַן איז געווען אין דער דאָזיקער מחנה. ד״ר האַבער און ד״ר ווינטערפעלד מיט זיין פרוי, האָבן באַוויזן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייערע וווינונגען. געבליבן זענען ד״ר מאַרק און איך. גלייך אויף צומאָרגנס פרי, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו די אונגאַרישע מאַכט־אָרגאַנען, זיי אויפקלערן, איבערצייגן, בעטן ביי זיי הילף, מבטל מאַכן די גזירה. אונדז איז געלונגען אָנקניפּן אַ באַקאַנטשאַפט מיט אַן אונגאַריש־יידישן דאָקטאָר אין דער אונגאַרישער אַרמיי און דורך זיין פאַרמיטלונג אָנקומען צו די העכערע אָפיצירן. נאָך לאַנגע באַמיאונגען איז אונדז דאָס געלונגען — ד״ר מאַרק און מיר — אויספּויעלן, אַרויסרייסן די יידן פון די רוצחישע הענט. עס איז גלייך געקומען אַ ווענדונג צו די אונגאַרישע מאַכט־אָרגאַנען פון האָראָדענקאַ און נעזווישטש, צוריקקערן די יידן אין זייערע היימען.

ד״ר מאַרק און איך האָבן באַקומען די געהעריקע באַגלייט־בריוו און זיך געלאָזט אין וועג. ד״ר מאַרק אין דער ריכטונג פון האָראָדענקאָ און איך קיין נעזווישטש.

די אונגאַרן האָבן רעספּעקטירט די אינטערווענץ פון מיליטער־שטאַב און באַפוילן אומקערן די יידן צוריק קיין טאָלמיטש אין באַגלייטונג פון אונגאַרישע זעלנער.

אין יענעם טרויעריק־באַרימטן מאַרש, זענען דערהרגט געוואָרן אייניקע יידן: פרוי ד״ר פויערמאַן אין דאַן מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן פון די אוקראַאינישע פּאָליציסטן. נאָך דעם ווי די אונגאַרישע אַרמיי האָט פאַרלאָזט די שטאָט, איז די מאַכט איבערגעגאַנגען אויסשליסלעך צו דריי הויפּט־מערדער, וועלכע האָבן געוועלטיקט איבערן פאַרמעגן און לעבן פון דער שטאָט. דאָס זענען געווען אָבערשטורמפירער פון דער „קריפּאָ״ (קרימינאַל־פּאָליציי) שעפּער, באַנדראָווסקי און אַנדערע.

ווי נאָר די דייטשן האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן דער „יודנראַט״ און צוזאַמען מיט אים אויך די געזונטהייט־סעקציע. די איבערגעבליבענע פינף דאָקטוירים, האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט צו פאַרלאַנגען פון „יודנראַט״ שאַפן אין געטאָ אַ געזונטהייט־פּונקט אין וועלכן יעדער איינער פון די דאָקטוירים וועט האָבן טעגלעך דינסט. די נישט יידישע דאָקטוירים, זענען באַשטימט געוואָרן פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, ווי ד״ר לעסניאַקעוויטש, האָפמאַן און דער קרייז־דאָקטאָר (פיזיק) יורעוויטש, וועגן וועלכן עס זענען שפּעטער קורסירט קלאַנגען, אַז דאָס איז ער, יורעוויטש דער ערשטער געשטאַנען אין שפּיץ פון די מאַסן־אַקציעס. אויסערלעך אָבער, זענען די באַציונגען מיט די יידישע דאָקטוירים געווען קאָלעגיאַלע.

עס באַדאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די דאָקטוירים לעסניאַקעוויטש און האָפמאַן, האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און גוטן ווילן אין פיל שווערע מאָמענטן. בעת איך האָב געהאַט פּראָבלעמען מיט צוויי יידישע פרויען, וועלכע האָבן אומבאַדינגט

זיך געגויטיקט אין גינעקאָלאָגישע הילף, האָט ד״ר לעסניאַקעוויטש צו מיין ביטע זיך באַצויגן פּאָזיטיוו.

ד״ר האָפמאַן ווידער האָט אונדז פיל געהאָלפן אין באַזאָרגן רפואות, באַזוכט קראַנקע אין געטאָ, דערצו נאָך נישט זעלטן איבערלאָזן אַ ביסל געלט פאַר די קראַנקע. די יידישע דאָקטוירים זענען געווען פאַרפליכטעט יעדן טאָג זעקס אין אָוונט זיין ביים „אַפּעל", פון פונאַנדערטיילן די מענטשן אויף די צוואַנגס־אַרבעטן פאַר די דייטשן.

פרוי ד״ר פויערמאַן האָט באַוויזן זיך איבערטראָגן קיין סטאַניסלאַוו ווו זי איז שפּעטער אומגעקומען אין אַן „אַקציע". דער יודנראַט האָט געמוזט טאָג־טעגלעך צושטעלן דעם קאָנטינגענט פון 160—200 יידן צו אַרבעט. אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן, האָבן די יידישע דאָקטוירים נישט דערלויבט שיקן צו די אַרבעטן די נישט געזונטע. ביי יעדן „אַפּעל" זענען אַנוועזנד געווען די, וועלכע האָבן דעציזדיט איבערן לעבן און טויט — אָבערשטורמפירער שעפּער אויף זיין וויסן פערד, נעבן אים באַנדראָווסקי.

בעת דער באַרימטער גאָלד און פוטער־וואָרג אַקציע אין 1941 האָט מען אַלס זאַקלאַדניקעס גענומען 12 יידן, צווישן זיי דריי דאָקטוירים, ד״ר האַבער, ווינטערפעלד און מיך. פיר וואָכן האָבן מיר פאַרבראַכט אין קרימינאַל. דער איינציקער איבערגעבלי־בענער אויף דער פריי איז געווען ד״ר מאַרק.

ווי פּאַראַדאָקסאַל און אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, וויל איך דערמאָנען אַן עפּיזאָד. דעם 1.7.1942, איז צו אונדז אין צעלע אַריינגעקומען דער קאָמענדאַנט פון דער זשאַנדאַרמעריע, באַפוילן זיך אויפשטעלן און געמאָלדן: „אין נאָמען פון פירער ברענג איך אייך ברכות צום נייעם יאָר". דאָס געהערט צו די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער דייטשער מענטאַליטעט צו זייערע פאַרשאָלטענע זיטן־אייגנאַרטן.

נאָכן אָפּזיצן פיר וואָכן, האָבן מיר זיך אומגעקערט צו אונדזער טאָג־טעגלעכער שווערער אַרבעט. ביי אַלע רדיפות און אָביעקטיווע שוועריקייטן, האָבן מיר אַלץ געטאָן אין אַ מינימאַלער מאָס כאָטש לינדערן דיליידן, ווייטיקלעכע פּראָבלעמען, וועלכע זענען געשטאַנען פאַרן געזונטהייטס־וועזן אין יענע באַדינגונגען.

פון טאָג צו טאָג, איז דאָס געטאָ געוואָרן אויסגעליידיקטער. ביי יעדער אַקציע האָבן יידישע דאָקטוירים געמוזט פרימאָרגן זיין אויפן זאַמל־פּלאַץ, מטפל זיין זיך מיט די הרוגים, אָפּהיטן אַלע „היגיענישע" פאַרשריפטן. ווי אָפט פלעגט מען צווישן די טויטע באַמערקן זייער שווער פאַרוונדעטע, וועלכע מיר פלעגן געבן הילף, דאָס האָט אונדז נאָך אויפגעהאַלטן ביים מוט, געוווּסט אַז מיר קענען נאָך עמעצן ברענגען הילף.

כל־זמן מיר זענען געווען אויסערן געטאָ, האָבן מיר געהאַט די רעכט מטפל זיין זיך אויך מיט קריסטלעכע קראַנקע, שפּעטער האָט דער „פיזיק" יורעוויטש פאַראָרדנט די יידישע דאָקטוירים נאָר אַדורכפירן די „סעקציעס" נאָכן טויט באַזונדערס ביי מאָרד־

פאַלן, וועלכע פלעגן פאָרקומען אין די דערפער. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט פלעגט מען אונדז צאָלן 30 זלאָטעס פאַר אַ „סעקציע".

ס'האָבן אונדז געפעלט די פרימיטיווסטע אינסטרומענטן און רפואות. דער פוילישער שטאָט־אַפטייקער, האָט זיך אָפּגעזאָגט פאַרקויפן אונדז רפואות. די רעשטלעך יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויסערן געטאָ, האָט מען איבערגעפירט אין געטאָ. אין מאַי 1942 איז ווידער פאָרגעקומען אַן „אַקציע" אין וועלכער מען האָט אויך אַרויסגעפירט ד"ר האַבער מיט זיין פרוי. זיי זענען אומגעקומען אין סטאַניסלאַוו.

אויף איינע פון אונדזערע טרעפונגען, האָבן מיר, די פיר איבערגעבליבענע דאָקטוירים, געפרווט זוכן מיטלען ווי צו זיין צוגעגרייט צו באַקעמפן די עפּידעמיע פון טיפוס, וועלכע האָט שוין געהערשט.

מיר האָבן זיך געווענדעט קיין סטאַניסלאַוו, ווי אויך צו ד"ר שוידער ווי אויך צו מיינע פריינד קיין קאָלאָמיי, אין מיין געבורטס־שטאָט. פון סטאַניסלאַוו האָבן מיר באַקומען 2.000 אַספּירין פּראָשקעס, באַנדאַזשן, פולווער קעגן קאָפּ־ווייטאָק, 300 פלעשער קאַראַמין און אַ ביסל וואַטע.

דער היגיענישער צושטאַנד אין געטאָ איז געוואָרן שווער, דאַן האָבן מיר אין אַ קלויז אויפגעעפנט אַן עפּידעמאָלאָגישע אָפּטיילונג. די צאָל קראַנקע איז געוואַקסן, די צאָל רפואות אין אונדזער רשות איז קלענער געוואָרן, מיר האָבן געזען, אַז עס דערנענטערט זיך אונדזער אַלעמענס סוף. מיר איז צוגעטיילט געוואָרן אין דער סביבה פון די קלויזן איין צימער וואָס האָט באַדאַרפט הייסן דער קראַנקן־צימער פאַר עפּידעמיש־קראַנקע. די קראַנקן־שוועסטער איז געווען בינאַ זעלקלער.

אין חודש אָקטאָבער, געדענק איך, בין איך געווען אין מיין צימער און זיך מטפל געווען מיט אַ קראַנקן, אויסגעשניטן אים אַ פאַרונקל. אין דעם מאָמענט איז צו מיר אַריין אַ יידישער פּאָליציאַנט און געמאָלדן, אַז אויף מיר וואַרט דער אָבערשטורמפירער שעפער, כ'האָב אָנגענומען מוט און כוח און געבעטן איבערגעבן שעפערן אַז ער זאָל צוואַרטן אַ פערטל שעה.

שעפער איז געקומען אויף אַן „אינספעקציע" און באַקומען אַן אינפאָרמאַציע איבערן „צושטאַנד" פון די קראַנקע. ס'איז פאַרביי אַ קורצע צייט און אין טיר האָט זיך באַוויזן באַנדראַווסקי און געזאָגט צו מיר: „ד"ר הודיש, נעמט אייער פרוי און קינד — איר זייט אַרעסטירט".

אויפן קרימינאַל־הויף זענען שוין געווען פאַרזאַמלט די יידן פון שטאָט, צוזאַמען מיטן „יודנראַט". דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן 4—5 טעג. פון דאָרטן געפירט צו דער באַן־סטאַציע אויפן וועג קיין סטאַניסלאַוו.

איך בין שוין געווען דער לעצטער דאָקטאָר, ווייל ווינטערפעלד און מאַרק האָבן פאַרלאָזט די שטאָט.

טאָלמיטש איז געוואָרן „יודן־ריין״. פאַרן רעשטל יידן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נייע גיהנום־קאַפּיטל.*)

משה פלעשער ז״ל

## ווי אַזוי די נאַציס האָבן געצווונגען דעם טאָלמיטשער רבי ר׳ יצחק האַגער צו זינגען אויפן וועג צו דעם טויט־לאַגער בעלזשעץ

ביי אונדז אין שטאָט איז געווען מרא דאתרא, ר׳ יצחק האַגער ז״ל, וועלכער איז געווען אַן אייניקל פון אוטעניער רבי׳ן, ר׳ חיים האַגער און אַן איידעם פון באָלעכאָווער רבי׳ן ר׳ שלמה חיים פערלאָוו.

הרב ר׳ יצחק האַגער איז געווען אַן ערך 10 יאָר רב ביי אונדז אין שטאָט, ביז מען האָט ליקווידירט אונדזער קהילה־קדושה טאָלמיטש.

אַזוי ווי יעדער איינער האָט געמוזט אַרבעטן אין געטאָ, האָט אונדזער רב ז״ל זיך פאַרנומען מיט קברי־מתים. און אין יענער צייט זענען, נעבעך, כמעט יעדן טאָג מענטשן געשטאָרבן פאַר הונגער און אַ סך זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן ימח שמם וזכרם.

צוזאַמען מיטן רב האָט זיך אויך מטפל געווען אין דער דאָזיקער הייליקער מצוה אַ ייד, אויף וועמען מען קאָן זאָגן, אַז ער איז געווען אַ יחיד בדורו, ר׳ ישראל צבי האַלער, האָט ער געהייסן. ער האָט אַלע יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט עוסקי הציבור. באַזאָרגט אַ סך אָרעמע מענטשן, וואָס זיי האָבן נאָר געדאַרפט. אַליין איז ער געווען אַ בורשטינער חסיד און יעדן יאָר, פּרשת „ויחי״, פלעגט ער פאָרן אויף שבת צום רבי׳ן קיין סטאַניסלאַוו.

דער רב צוזאַמען מיט ר׳ ישראל צבי האַלער, האָבן ביז צום ליקווידירן דאָס געטאָ, אַכטונג געגעבן אויפן בית־החיים ביי אונדז אין שטאָט.

ווען מען האָט אַרעסטירט הרב ר׳ יצחק האַגער און מען האָט אים געפירט פון דער שטאָט־תפיסה צוזאַמען מיט נאָך יידן איבער די גאַסן צו דער באַן, האָט איינער פון דער קרימינאַל־פּאָליציי מיטן נאָמען באַנדעראָווסקי, ימח שמו וזכרו, באַפוילן דעם רב מיט די יידן זיי זאָלן זינגען. ער האָט געזונגען „שיר השירים״ און אַזוי איז ער מיט נאָך יידן געגאַנגען זיין לעצטן וועג צו דער באַן־סטאַנציע, דאָרט האָט מען זיי מיט דער באַן

*) ד״ר הודיש און זיין פרוי רעגינע, זענען אַליין אַרויסגעשפּרונגען פון צוג, זייער קליין קינד איז דאָן אומגעקומען.

געשיקט קיין סטאַניסלאַוו און פון דאָרט קיין בעלזשעץ, נעבן ראַוואַ־רוסקאַ. דאָרט זענען זיי אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן אויף קידוש־השם.

דער דאָזיקער באַנדראַווסקי, האָט אומברחמנות׳דיק דערשאָסן אַ סך יידן.

אַ קורצע צייט איידער די יידישע שטאָט איז ליקווידירט געוואָרן, איז דער זעלבער מערדער אַריינגעקומען צו מיין פעטער אין הויז און האָט געוואָלט אים מיטנעמען מיט זיך. מיין פעטער ר׳ מענדל האָפמאַן איז שוין געווען אַ ייד, אַ זקן, ער האָט געהאַט מיט זיך תכריכים, האָט ער געבעטן באַנדראַווסקי׳ן, ער זאָל אים אויפן אָרט דערשיסן, אָבער דאָס האָט ער אים נישט געוואָלט צוליב טאָן, נאָר ער האָט אים מיטגענומען מיט זיך, אים געפייניקט און דערנאָך ערשט איז מיין פעטער אומגעקומען אויף קידוש־השם...

ביי אונדז אין טאָלמיטש האָט געוווינט דער רבי ר׳ אלימלך לאַם, וועמען מען האָט גערופן „דער ארץ־ישראל רבי״. ער האָט זיך באַזעצט ביי אונדז אין שטאָט אין יאָר 1930. ער איז געווען זייער אַ טייערער מענטש.

דער „ארץ־ישראל רבי״ האָט געטראָגן נאָר ווייסע מלבושים. ער פלעגט לייגן צוויי פּאָר תפילין מיטאַמאָל. ער איז נפטר געוואָרן עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער האָט איבערגעלאָזט זיין רבי׳צין, וועלכע איז געווען אַ גרויסע מיוחסת. זי איז געווען אַ שוועסטערקינד פון לעצטן בעלזער רבי׳ן.

די דייטשן האָבן פאַרנומען די רבי׳צין (ווי איז געווען איר נאָמען?) די ערשטע וואָך נאָך פסח, יאָר 1942, קיין סטאַניסלאַוו, און דאָרט איז די רביצין אומגעקומען אין דער רודאָלפס מיל, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע הונדערט יידן הי״ד.

דער רבי ר׳ אלימלך, דער „ארץ־ישראל רבי״, האָט איבערגעלאָזט אַ זון ר׳ חיים לאַם. ער איז געווען א געלערנטער מענטש און אַ גוטער רעדנער. ער פלעגט האַלטן רעפעראַטן וועגן פאַרשיידענע ענינים אין יהדות און די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ פלעגט קומען אים הערן. ער האָט געהערט צו דער מזרחי־פּאַרטיי און ער האָט קאַנדידירט צום ציוניסטישן קאָנגרעס אויף דער מזרחי־ליסטע. ער האָט אָרגאַניזירט אין טאָלמיטש אַ חדר הכללי, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

די דייטשן האָבן אים פאַרנומען ערב שבועות, 1942, צוזאַמען מיט נאָך הונדערט און פופציק יידן. מען האָט זיי געשיקט קיין לעמבערג אין דעם טרויעריק־באַוווסטן „יאַנאָווסקי לאַגער״. דאָרט איז ער געווען אַ קורצע צייט. פון דאָרט האָט מען אים געשיקט קיין וויניקע, נעבן לעמבערג. ער האָט דאָרט געאַרבעט אַ קורצע צייט און ער איז דאָרט אומגעקומען אויף קידוש־השם, הי״ד. ער האָט איבערגעלאָזט זיין פרוי, אַן איניקל פון דעם דראָהאָביטשער רבי׳ן, און אַ קליין קינד.

אויפן בית־החיים אין טאָלמיטש ליגט אויך דער קדוש ר׳ יצחק׳ל פון סטאַניסלאַוו, וועלכער איז געווען אַ זון פון בורשטינער רבי׳ן, ר׳ משהלע בראַנדוויין.

דער רבי ר׳ משה׳לע איז געווען אַ זון פון ר׳ אליעזר (לייזער) בראַנדוויין פון

אָפּאָלע, וועלכער איז געווען אַ זון פון רבי ר׳ נחום בראַנדוויין. דער רבי ר׳ נחום וועלכן מען האָט גערופן דער „בורשטינער רבי״ האָט געוווינט אין סטאַניסלאַוו. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרכ״ט (1869). ער איז געווען אַן איידעם פון רבי׳ן ר׳ שמעלקא פון סערעס. פון יאָר 1918 האָט ער געוווינט אין סטאַניסלאַוו.

דעם רבי׳ן ר׳ משה׳ס זון, ר׳ יצחק, האָט אויך געוווינט אין סטאַניסלאַוו. ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען די שטאָט און די דייטשן האָבן גענומען די יידן צו שקלאַפן־אַרבעט, איז ר׳ יצחק׳ל באַשטימט געוואָרן איינצוקויפן פאַר די דייטשן אַלט־אייזן און שמאַטעס. ער האָט געקראָגן אַ „בלעכל״, אַז ער מעג פאָרן אויף די באַנען.

איינמאָל איז ר׳ יצחק געפאָרן פון בוטשאַטש קיין סטאַניסלאַוו, זענען אַרויף דייטשן אויפן צוג און כאָטש ר׳ יצחקל האָט געהאַט גוטע פּאַפּירן, אַז ער מעג פאָרן אויף דער באַן האָבן די דייטשן אים אַראָפּגענומען פון צוג אויף דער סטאַנציע פּאַלאַהיטש, וואָס איז זיבן קילאָמעטער פון טאָלמיטש, זיי האָבן אים געבראַכט אויפן בית־החיים אין טאָלמיטש און אים דאָרט דערשאָסן. דאָס איז געווען אין אָנהויב יאָר 1943.

זיין פאָטער ר׳ משה׳לע איז געווען אַ באַוווסטער רבי אין סטאַניסלאַוו. ער איז געווען אַן איידעם פון רבי׳ן ר׳ שלמה־מאיר פון סאַסוּוו און ביי אים געלערנט קבלה. אין יאָר 1932, האָט מען אין ניזשניוו אויפגעשטעלט אַ בורשטינער שולעכל, איז דער רבי געקומען צו דער חנוכת בית־הכנסת און עס זענען דאָרט געקומען הונדערטער חסידים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

ווי עס האָט איבערגעגעבן הער מאַקס פייער פון סטאַניסלאַוו, וועלכער וווינט איצט אין בראָנקס, ניו־יאָרק, האָט ער מיט נאָך עטלעכע יידן מקבר געווען דעם בורשטינער רבי׳ן ר׳ משה׳לע, זיי האָבן אים געפונען אַ דערשטיקטן אין „רודאָלפס מיל״ אין סטאַניסלאַוו.

זיי האָבן געבראַכט אַ טלית און אים אין טלית מקבר געווען.

(„טאָג מאָרגן־זשורנאַל״, 13 יוני 1951, אויפגענומען פון מנשה אונגער.)

מ. גוטשטיין־לעסקי

# מיטן אַקער־אייזן אין האַנט

## דאָס יאָר 1942

דריי זענען מיר געווען וועלכע זענען לעבן געבליבן אין דער סביבה פון אַ פּאָר צענדליק רעשטלעך איבערגעבליבענע נאָך אַ גאַנצע שטאָט יידן. דריי האָבן מיר באַשלאָסן „שפּרינגען פון דער ברענענדיקער שיף" — אָדער, אָדער...

אונדז דריי, צוויי מענער און איין פרוי איז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון אַ מאַגיסטראַט־באַאַמטן דריי דאָקומענטן פון אַלטן אַרכיוו. בערטאַ האָט באַקומען אַ דאָקומענט אויפן נאָמען סטאַניסלאַוואַ סיעניצקאַ און זי האָט באַשלאָסן צו שפּילן די ראָל פון אַ דינסט־מיידל. יצחק, האָט לויט זיין נייעם דאָקומענט באַדאַרפט זיין אַ פיזישער טאָג־אַרבעטער. איך, משה, האָב באַקומען דעם נאָמען יוזעף גזשעביק, וואָס איז מער צוגעפּאַסט פאַר אַן ערד־אַרבעטער.

אויף צומאָרגנס פאַרטאָג, האָבן מיר די דריי פריינד זיך צום לעצטן מאָל געטראָפן אויפן אָפּגערעדטן אָרט, זיך געזעגנט און פונאַנדערגעגאַנגען זיך, יעדער זיין וועג. בעסער אַז יעדער באַזונדער זאָל גיין זיין וועג, וועט זיין זיכערער, ס'וועט גרינגער זיין אויסמישן זיך צווישן דער נישט יידישער מאַסע.

איך האָב אויסגעקליבן דעם נאָענטסטן וועג פון טאָלמיטש קיין בוטשאַטש, אין דער באַוואַלדיקטער געגנט פון בוטשאַטש.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אַזוי: איך בין געוואָרן אַ „פּאַראָבעק" ביי אַן אוקראַאינישן לאַנדווירט. צוביסלעך האָב איך אָנגעהויבן זיך איינלעבן אין דער נייער ראָל, הגם איך האָב נישט געקענט אונטערשיידן די תבואה־קערנער, צווישן קאָרן און ווייץ. די דער־פאַרענע פּראַקטיק אויף דער הכשרה, ווו איך האָב פאַרבראַכט, איז מיר איצט צונוץ געקומען.

דאָס איז געווען ביים סוף פון שניט־צייט. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון דרעשן די תבואה. נישט לייכט איז אָנגעקומען דער וועג אַהינצו. טויזנטער סכנות האָבן געלויערט. מיר האָט אויך נישט אויסגעמיטן דאָס מוזן אַדורכשמוגלען זיך איבערן — מיט יידיש בלוט באַפּאַרבטן־דניעסטער. דער ציל איז געווען וואָס שנעלער זיך זען ביים

פויער, ווערמענס פרוי איז די שוועסטער פון דער פרוי שקלאַר, דאָס איז געווען די משפּחה לעכאָווסקי. זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז דאָס געהיימעניש, אַז איך בין אַ ייִד געדאַרפט שטרענג אָפּגעהיט ווערן. „יאָ — האָט פרוי לעכאָווסקי דערקלערט — איך ווייס וועגן אייך, די שוועסטער האָט מיר געשריבן. ביי אונדז וועט איר קענען אַרבעטן, פאַראַן אַ גרעסערע באַלעבאַטישקייט, ביז 30 מאָרג פעלד, בהמות, עופות און שטאַלן".

געווען אַ מיידל פאַר די בהמות. איך האָב באַדאַרפט זיך אָפּגעבן מיט די פערד. „ס'מאַכט נישט אויס — האָט לעכאָווסקי פריינדלעך געזאָגט — וואָס דו האָסט געאַרבעט אין טאַרטאַק־זעג, וועסט זיך אויסלערנען, צוגעוווינען אויך אַרבעטן אין פעלד".

פון בוטשאַטש, איז געווען נישט מער ווי 3—2 קילאָמעטער, מען האָט געהערט פון דאָרט שיסן. געשלאָפן בין איך אין שטאַל, דריי אַ זייגער פאַרטאָג אויפגעשטאַנען, קוים זיך אויפגעוועקט פון האַרטן שלאָף, דער עיקר, מען האָט פאַרשפּאַרט טראַכטן וועגן היינט.

די אַרבעט אין פעלד איז נישט געווען קיין לייכטע, אויסצופירן אַלע אַרבעטן האָט פאַרלאַנגט געניטקייט, ביים אַקערן, זייען, פאָלען, באַגיין זיך מיט די פערד און חזירים, פונאַנדערשיטן דעם גנוי, מיסטיקן די פעלדער א.אַ.וו. חוץ דעם איז מיר נאָך אויסגעקומען צו פאָרן אין שטאָט אַריין אויף פאַרשידענע שליחותן. דעריבנטער אויף אָפּפירן ליפערונגען פאַר די דייטשן, פאָרן אין וואַלד האַקן האָלץ, אָפּאַרבעטן „שערוואַרק" פאַר דער געבייִדע. די אַרבעט האָט באַשעפטיקט 16—18 שעה אַ טאָג. שפּעט אין דער נאַכט פלעג איך אַרויף אויפן בוידעם אַוועקפאַלן אַ טויט מידער.

פאַר טאָג האָט זיך שוין געהערט דאָס קוויטשענדיקע קול פון מאַרושען: י־ו־ז־ע־ף, ווידער אַראָפּ פון לייטער, אַ מידער צו דער אַרבעט. אַזוי טאָג איין, טאָג אויס. יעדער טאָג איז געווען ווי אויף דער לאָטעריע אַ געווונענער. און אפשר טאַקע — האָב איך געטראַכט — וועט געלונגען בלייבן לעבן, בפרט, אַז דער סאָוויעטישער פראָנט דערנענטערט זיך אַלץ נענטער און נענטער, כאַרקאָוו, קיעוו, וואָס באַדייטן פאַר טאַנקן אייניקע צענדליק קילאָמעטער ?

דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1943. די שכנים מיינען נאָך אַלץ, אַז איך בין אַ פּוילישער אָפּיציר וואָס באַהאַלט זיך אויס פאַר די דייטשן. פאַר די שכנים האָב איך געהייסן אַ פּליט פון „וואַרטעגאַן", פויזן, אַ קרוב פון די לעכאָווסקיס.

זונטיק האָט מיר לעכאָווסקי דערלויבט אויף אייניקע שעה גיין קיין בוטשאַטש אין קלויסטער, אָבער געגאַנגען בין איך אין יידישן קוואַרטאַל, ווו עס געפינט זיך מיין קרייז. די שטימונג דאָרט, איז אַ געדריקטע, מען רעדט וועגן ליקווידאַציע. דאָך הערט מען אין דער שטיל אַ ניגון, יידישע, העברעאישע און רוסישע לידער — לידער פון טרויער און בענקשאַפט, פאַראַן אין אַלץ עפּעס סיי האָפענונג סיי פאַרצווייפלונג.

די באַנען האָבן געבראַכט ידיעות, אַז אין וואַרשע איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד

פון יידישן געטאָ. עס דערגייען אויך ידיעות וועגן סטאַלינגראַד. די חברה יוגנט קויפט געווער און באַשליסט צו גיין אין וואַלד. אויף מיין דערשיינונג, האָבן די חברה אויפגעהערט זינגען, איך האָב אויסגעזען אַנדערש ווי זיי.

איך קער זיך ווידער צוריק צו מיין באַלעבאַטישקייט, ווידער צום אַקער. דער אַלטער הרין לויבט מיך, איך האַלט — זאָגט ער — דעם אַקער אין האַנט, ווי אַ דער־פאַרענער פויער. „דעם אַקער באַדאַרף מען נאָר קענען געהעריק איינשטעלן — זאָגט ער — דאַס איבעריקע גייט גלאַט ווי אויף פּוטער". די פערד גייען גלייך, געַנוג נאָר אַ לייכטן צי ביים ציימל, אַ צי מיט דער לייצע און אַלץ איז ווי געוווּנטשן. נישט איינמאָל האָב איך געטראַכט, ווען נישט דער ביטערער מצב, זעט אַלץ אויס אַזוי ראָמאַנטיש. פון לינקס דער וואַלד, אַלץ אַרום אין גרינס און אין בלומען.

אַראָפּגייענדיק ווי שטענדיק פון בוידעם — מיין „שלאָף־צימער" האָב איך געהערט אַ ווידערקול וואָס דערגייט פון שטאָט, דאָך נישט מער ווי 2 קילאָמעטער, מען הערט שיסן און דערשטיקטע יאָמערלעכע געשרייען. דאָס מיינט ווידער אַן אַקציע.

ווי אַלע טאָג אויך דאָס מאָל קומט מיר אויס צו טאָן אַלע אַרבעטן, אָבער נישט ווי שטענדיק בין איך מסוגל, ווי אַ לונאַטיקער, עס פאַלט פון האַנט. איך שפּאַן איין די פערד. שטעל איין דעם אַקער, עס קלאַפּט אָבער נישט. דער אַקער־שניט פון מעסער שניידט זיך נישט גלייך! נישט סימעטריש, אין זיגזאַגן, די כלים פאָלגן נישט דאָס מאָל. דער באַלעבאָס קומט אָן, קוקט זיך צו און שרייט: „צו אַלע שוואַרצע יאָר, וואָס איז מיט דיר, יוזעף געשען, נעכטן האָסטו געאַרבעט גוט און היינט?" זעט זיך אויס אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז פאַראַן אַ צוזאַמענהאַנג פון די שיסערייען און מיין אַרבעט.

ווען אין אַ שיינעם פרימאָרגן פאָר איך מיט די פערד אַרויס אין שטאָט, זעט מען שוין נישט מער קיין מענטשן וואָס טראָגן דעם אָפּצייכן אויפן אָרעמבאַנד. דער באַלעבאָס קומט אין אַ צייט אַרום מיט אַ מעשה; ס'האָט זיך אויפגעדעקט אַ פאַרפאַל ווען דער 20־יעריקער יינגל, וועלכער האָט מיט אַ יאָר צוריק געאַרבעט ביי דער באַן אָפּצונעמען די תבואה־ליפערונגען פאַר די דייטשן, איז דעמאַסקירט געוואָרן אַלס ייד. אים האָט באַמערקט אַן אוקראַינישער פּאָליציאַנט, דערציילט דער פויער — בעת ער האָט אַרויס־געשלעפּט פון אַ באַהעלטעניש אַ יידיש מיידל. פירנדיק זי האָט ער דערקענט אַן ענדערונג אויפן געזיכט פון יינגל. ס'האָבן נישט געהאָלפן זיינע גוטע דאָקומענטן, מען האָט אים געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט און פאַרטיק — דעמאַסקירט...

נישט ווייט, אַנדערהאַלבן קילאָמעטער פון לעכאָווסקיס ווירטשאַפט, נעבן אַ וועלדל, האָט געוווינט אַן אָרעמע פּוילישע פרוי, אַן אלמנה. האָט אימעצער באַמערקט, אַז זי קויפט איין מער פּראָדוקטן ווי זי באַדאַרף פאַר איר געברויך. דאָס האָט מען צוגעטראָגן צום אוקראַינישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט גלייך אַרומגערינגלט דאָס הייזל און אָנגעהויבן שרייען: „יידן אַרויס פון דאָרט, ווייל מיר וועלן שיסן". דאָס מאָל האָבן

די יידן פון זייער אַרומרינגלונג אָנגעהויבן שיסן, וואַרפן גראַנאַטן אויף די פּאָליציסטן. די אוקראַינישע „העלדן״ האָבן נישט געוואָלט ריזיקירן און זענען אַריין אין קאַמף און האָבן דאָס הויז אונטערגעצונדן. נאָכמיטאָג האָט פּיאָטר דער „פּאַראַבעק״ פון שכן מיך גערופן צו גיין מיט אים זען ווי פאַרברענטע „מענטשן־פלייש געבראָטנס זעט אויס — ווי קאַלב־פלייש״.

דער יידישער רעוואָלווער, האָט אָנגעהויבן דאָ און דאָרט זיך לאָזן הערן: אַ לעמ־בערגער צייטונג אין דער פּוילישער שפּראַך געמאָלדן האָט געמאָלדן וועגן אַ פּרייז פאַר פאַנגען דאָס יידיש מיידל, וועלכע האָט געוווינט אויף בערנשטיין־גאַס, און האָט דערשאָסן אַ געשטאַפּאָ־מאַן.

פאַרמעל איז בוטשאַטש און די אומגעגנט געוואָרן דערקלערט פאַר „יודנריין״. דאָס אָבער נאָר אין העלן טאָג. אין דער נאַכט, האָבן זיך באַוויזן שאָטנס, וועלכע האָבן געקלאַפּט אין די טירן פון הויז צו הויז, געבעטן שפּייז. די דאָזיקע שאָטנס זענען געוואָרן אַלץ וואָגעוודיקער, מוטיקער און באַזוכן די הייזער וואָס אָפּטער און אַגרעסיווער, אַזוי אַרום זענען די באַזוכער געוואָרן אַ שרעק־וואָרט פאַר די דייטשן, פאָלקס־דייטשן און אויך אויפן לאַנד־קאָמיסאַר אַליין.

אויב מען האָט די טירן נישט געעפנט מיט גוטן, האָט מען געוואָרפן גראַנאַטן. קיינעם נישט געמאָרדעט, נאָר געפאָדערט ברויט פאַר די פּאַרטיזאַנער. צו איינעם פון די מוטיקע האָט געהערט אַ יונגער בחור דער „רויטער״ — אַזוי האָט מען אים גערופן, שפּעטער איז ער דוכט זיך געפאַלן זייענדיק אויפן רוסישן פראָנט.

אין אַ שטעטל פּאָטאָק־זלאָטי האָבן זיך קאָנצענטרירט אַ גרופּע יידן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט נאָך דער ליקווידאַציע פון בוטשאַטש. דאָרט האָבן געוווינט אין גוט־פאַרמאַסקירטע באַהעלטענישן יידן וועלכע זענען געווען באַוואָפנט און געקרייזט אין די וועלדער און דערפער, הגם די מאַכט־אָרגאַנען, האָבן דערפון געוווּסט.

דער ווינטער 1943—44 דערנענטערט זיך און די טריט־שפּורן פאַרראַטן מיט זייערע סימנים די באַהעלטענישן.

פאַרנדיק אויף „שערווערק״ (געמיינדע אַרבעט), האָב איך שוין אויפן וועג צוריק פון פּאָטאָק־זלאָטי באַגעגנט צוויי טאַנקן, ס. ס. גאַליציאַ. דאָס האָבן זיך פון שלאַכט אומגעקערט די אוקראַינישע „העלדן״, באַרימענדיק זיך אַז זיי קערן זיך צוריק פון קאַמף מיט די יידישע פּאַרטיזאַנער וועלכע זיי האָבן צעשלאָגן.

מוניו ווּרמאַן

# טאָלמיטשער יידן און די באַציאונגען מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג

אין אַן אַנדער פלאַץ האָבן מיר שוין דערמאָנט וועגן די באַציאונגען פון דער נישט יידישער באַפעלקערונג: — פוילישער און אוקראַינישער צו די טאָלמיטשער יידן. די אומבאַהאָלפנקייט פון די יידן איז געוואָרן נאָך מער פאַרשטאַרקט, צוליב דער פיינטלעכער סביבה אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. אָט די שנאה האָבן די טאָלמיטשער יידן נאָך מער אַרויסגעפילט, איידער ס'האָבן אַריינגעמאַרשירט די היטלעריסטישע באַנדעס קיין טאָלמיטש. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַרויסטרייבן די טאָלמיטשער יידן פון שטאָט. פיל יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין טאָלמיטשער פּאָוויאַט, אָדער דערטרונקען געוואָרן אין דניעסטר. זיי האָבן אויך דערמאָרדעט יידן, וועלכע זענען געטריבן געוואָרן פון קאַרפּאַטן־רוס. די היטלעריסטישע געזעצגעבונג האָט נאָך מער געגעבן פרייהייט די מערדער, וועלכע האָבן זיך איזדעקעוועט איבער די יידן.

אַ טייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג האָט זיך מיט גלייכגילטיקייט באַצויגן צו די סיסטעמאַטישע בלוטיקע פאַרפאָלגונגען פון די בלוטדורשטיקע דייטשן, זיי האָבן זיך אַפילו געפרייט, ווען זיי האָבן אויף זייערע אויגן געזען, ווי אַזוי די יידן־פראַגע ווערט געלייזט דורך דער ליקווידאַציע פון די יידן, אַלס פאָלק.

דער יידן־האַס האָט זיך אַנגעקליבן אין משך פון דורות, אָבער ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט עס נישט אָנגענומען אַזעלכע שאַרפע פאָרמען, ווי דאָס האָט געהאַט אַן אָרט בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. די אוקראַינער און פּאָליאַקן האָבן מיטגעהאָלפן די דייטשן אין זייער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק לגבי דעם יידישן פאָלק. זיי האָבן אַקטיוו אָנטייל גענומען אין די סיסטעמאַטישע אַקציעס, טעראָריזירט די יידן אויף יעדן שריט און טריט, אָנגעוויזן אויף אַ יידן, אויב ס'איז ווער געלונגען זיך אויסבאַהאַלטן אין באַהעלטענישן, אָדער ווען עמעצן איז געלונגען צו געפינען זיך אויף דער אַרישער זייט, אַ דאַנק געפעלשטע דאָקומענטן, א.אַ.וו. דער שאַנטאַזש מצד דער אָרטיקער באַפעלקערונג איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, נישט נאָר מצד דער פּשוטער מאַסע, נייערט אויך מצד עלעמענטן, וועלכע האָבן פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס אין דער פוילישער און אוקראַינישער געזעלשאַפטלכקייט. דער אוקראַינישער

קאָמיטעט האָט אונטערגעוואָרעמט די צעווילדעוועטע אינסטינקטן ביי די קריסטן און האָט סיסטעמאַטיש געהעצט צו מאָרדן די יידן, ווער רעדט נאָך, אַז דאָס פּטור ווערן פון די יידן, האָט זיי געגעבן אַ גוטע געלעגנהייט צו רייך ווערן אויפן חשבון פון די אויס־געקוילעטע יידן.

מען דאַרף אָבער קאָנסטאַטירן, אַז איז דער צייט פון רויב און גוואַלד־טאַטן, שנאה און מאָרד, האָבן זיך געפונען איייניקע אָרטיקע תושבים, וועלכע האָבן נישט נאָר צוגעלייגט אַ האַנט צו דער פאַרברעכערישער וואַקכאַנאַליע פון די דייטשן און זייערע מיטהעלפער, נאָר זיי האָבן מיט אַ ביטל געשטעמפּלט די דאָזיקע טאַטן, פון די אידעאיש־נאָענטע צו די דייטשן און גוט־באַצאָלטע רוצחים.

אין די זכרונות פון די טאָלמיטשער יידן, געפינען מיר אַ רייע פאַמיליעס פון אָרטיקע תושבים, וועלכע האָבן אויסגעשטרעקט אַ ברידערלעכע האַנט צו אַ געדרודפטן יידן. דער קסיאָנדז טאַבאַטשקאָווסקי, וועלכער איז אין אַלגעמיין אָנגעגאַנגען אַלס אַנטי־סעמיט, האָט אַרויסגעגעבן אַרישע פּאַפּירן יידן, און מיט דעם האָט ער געהאָלפן איייניקע יידן אַריבערקומען די שרעקלעכע צייט. לויט ווי איייניקע שטעלן פעסט — האָט ער מיט זיין מענטשלעכן טאַט געשטעלט אין סכנה זיין לעבן.

די משפּחה האָפמאַן, וועלכע האָט געוווינט אין „הויף" לעבן ווונדערן, האָט אויך אין איייניקע פאַלן געהאָלפן יידן.

וואַרשיינלעך האָבן זיך חוץ זיי אויך געפונען איייניקע קריסטן, וועלכע האָבן געהאָלפן יידן.

ס׳האָבן זיך אויך געפונען אין די דערפער פויערים, וועלכע האָבן אָן קיין שום חשבון געהאָלפן יידן. פייער דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז בעת זיין וואַנדערן איבער דערפער, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף איייניקע, וועלכע זענען געווען גרייט אים צו העלפן.

מינאַ ראַטענשטרייך דערמאָנט די פאַמיליע טעסלאַ, וועלכע האָט איר געהאָלפן.

מאַקס דערמאָנט אויך אין זיינע זכרונות אַן אייזנבאַן־אַרבעטער, (וועמענס פאַמיליע ער געדענקט נישט), וועלכער האָט בעת זיין אַנטלויפן פון בוטשאַטש, פאַרקלענערט די שנעלקייט פון לאָקאָמאָטיוו, געבנדיק אויף אַזאַ אופן אים און זיין שוועסטער אַ מעג־לעכקייט אַרויסשפּרינגען פון צוג, בעת ער האָט זיך דערנענטערט צו דער אייזן־באַן סטאַציע, בכדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דייטשן.

די גרופּע פון בלאָנד־שפּרעכמאַן דערמאָנט, אַז זיי האָבן צו פאַרדאַנקען זייער לעבן אַן אָרעמער משפּחה, סטאַניסלאַוו און האַניאַ קשעמינסקי און זייערע צוויי טעכטער, וועלכע האָבן געוווינט לעבן וואַלד הינטער יאַצקוווקע...

די גרופּע פלעשער, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט, אַ דאַנק דער משפּחה קאַזימיעזש דבויאַק, וועלכע האָט געלעבט אין אַ כוטאָר באַסקיע צווישן לאָקוטקאַ און אָקניאַן.

דער גרופּע פון טאָלמיטש־בוטשאַטש, האָט אָן קיין שום קאָמפּענסאַציע צוגעשטעלט שפּייז, אינפאָרמאַציעס און אויך רפואות דער אָרעמער פויער קאַמינסקי. ער איז דער־מאָרדעט געוואָרן פון די באַנדעראָווצעס, ווען די דייטשן האָבן זיך דעם צווייטן מאָל צוריקגעקערט. ער האָט געוווינט אין קאַראָפּיעצקער נאָוואָסיאָלקי, הינטערן וואַלד. אַט דער גרופּע האָבן אויך געהאָלפן די סובאָטניקעס — (אַ רעליגיעזע סעקטע) אַ **משפחה**, וואָס האָט געוווינט אויף וואָדאָווא. חוץ זיי האָט אויך געהאָלפן דער וואַלד־וועכטער זדראָהאַל פון בוטשאַטש, און אויך דער גאַיאָוווער פון די וועלדער אויף וואָדאָווא.

ס'איז ווינשנסווערט צו דערמאָנען אויך אַ דאָרף לעבן דניעסטער, האָריהאָלדי, וועמענס מענטשן האָבן נישט באַפּלעקט מיט יידיש בלוט זייערע הענט. אין דעם דאָרף האָט אַ לענגערע צייט געלעבט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה די משפחה הערמאַן—ווייץ. די פּויערים פון דעם דאָזיקן דאָרף האָבן נישט אַרויסגעגעבן די דאָזיקע משפחה די דייטשן, ווען דורך זייער הויז האָט זיך אַרויסגעגנבעט מער ווי אַ צענדליק טאָלמיטשער יידן אויפן וועג קיין בוטשאַטש. די פּויערים האָבן אַ לענגערע צייט נישט דערלאָזן צו אַרויסטרייבן פון דאָרף די משפחה ווייץ און נאָך דער אויסזידלונג פון די יידן פון דאָרף, האָבן אַ טייל פון דער משפחה ווייץ זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף, ביזן אַריינמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. אין דעם דאָרף האָריהאָלדי האָבן זיך ספּעציעל אויסגעטיילט די פּויערים מיט זייער אַקטיווער הילף צו די יידן.

אין דעם דאָרף וואָיציעכוווקאַ, פון בוטשאַטשער פּאָוויאַט האָט געפונען אַ באַהעל־טעניש גוטשטיין, דאָס איז געווען אַ פּוילישער דאָרף. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין דעם דאָרף דרייט זיך אַרום אַ ייד, אָבער קיינער האָט אים נישט אַרויסגעגעבן. חוץ אים, האָבן אַ דאַנק דאָס הילף פון די פּויערים זיך געראַטעוועט: סימאַ הערמאַן פון אָלעשי; משה גוטשטיין; יחיאל מינצער; יולעק מאַנדעל; וועלכער האָט דערלעבט דעם אַריינ־קומען פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, אָבער ער איז שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן, שוין נאָכן צייטווייליק אָפּטרעטן פון די סאָוויעטן. פונדעסטוועגן איז אים געלונגען זיך צו ראַטעווען אַ דאַנק די הילף פון די פּויערים: — לאַנעק האַרטענשטיין, ריטצער, לאַנציע לעפּאָלד, עלזאַ פישער, פייער יידל, פאַמיליע באַלטוך (6 פּערזאָן), חיים אינזליכט מיט 2 קינדער און דוד פייער.

ליידער, פיל פון די יידן, וועלכע האָבן גענאָסן פון הילף פון באַקאַנטע און אויך נישט באַקאַנטע קריסטן, זענען שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן, אין רעזולטאַט פון מסירות. דער רוב פון די מענטשן, וועמענס נעמען זענען נישט באַקאַנט דער עפנטלעכ־קייט, האָבן אויסגעשטרעקט אַ ברידערלעכע האַנט די פאַרפאָלגטע יידן אין דער חורבן־תקופה און זענען פאַרבליבן אַנאָנים, ווייל ס'איז נישט מעגלעך צו אויסרעכענען די פאַמיליעס און די טאַטן פון אַט די מענטשן. וועלכע האָבן נישט פאַרלוירן דעם צלם־אלוקים.

אָבער באַצייכענענדיק די וויל־טאַטן פון די דאָזיקע מענטשן דאַרף מען אונטער־שטרייכן, אַז דאָס איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע הילף, נייערט ספּאָראַדישע אויסדרוקן פון גוטן ווילן צו העלפן אַ מענטשן אין זיין נויט, ווען אויף יעדן טריט און שריט האָט געלויערט די סכנה. דאָס זענען אָבער געווען איינצלנע פאַלן פון רעטונג אין דעם אַלגעמיינעם ים פון שנאה און רשעות.

## טאָלמיטשער יידן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג

די פאַקטישע צאָל יידן אין טאָלמיטש און אין פּאָוויאַט אויפן צושטאַנד פון 1־טן סעפּטעמבער 1939 (דער טאָג פון אויסברוך פון דער פּויליש־דייטשער מלחמה), קען מען איינשטעלן בערך. די לעצטע אַלגעמיינע פאָלקס־ציילונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּוילן אין יאָר 1931 (די צווייטע פאָלקס־ציילונג) באַווייזט, אַז אין טאָלמיטש האָט די יידישע באַפעלקערונג געציילט 5,946 נפשות און די אַלגעמיינע באַפעלקערונג אין גאַנצן טאָלמיטשער פּאָוויאַט האָט געציילט 118,784 נפשות (יידן און קריסטן). דאַקעגן די פאָרשונג פון באַגדאַן וואַסיוטינסקי באַווייזט מער קאָנקרעטע ציפערן, דהיינו:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין טאָלמיטש | האָבן געלעבט | 2,112 נפשות | | |
| אין טיסמעניץ: | ״ | ״ | 2,049 | ״ |
| אין אָטיניאַ: | ״ | ״ | 2,081 | ״ |
| אין ניזשניוו: | ״ | ״ | 0,421 | ״ |
| אין די דערפער: | ״ | ״ | 1,992 | ״ |
| צוזאַמען: | | | 8,655 | ״ |

פון די ציפערן איז צו זען, אַז די יידן האָבן אויסגעמאַכט ווייניקער ווי 10% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

מען קען זיך פאָרשטעלן, אַז דער קליינער נאַטורעלער צוזוואַקס פון דער יידישער באַפעלקערונג, דער נישט הויכער פּראָצענט פון דער שטערבלעכקייט, און צורעכענענדיק אַ געוויסע צאָל יידישע פּליטים פון מערב־פּוילן, וועלכע זענען אָנגעקומען אין טאָלמיטש און אין פּאָוויאַט, האָבן נישט פיל געענדערט די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טאָלמיטשער פּאָוויאַט.

דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אויך ראַדיקאַל נישט געענדערט די צאָל יידן, טראָץ דעם, וואָס אַ געוויסע צאָל זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און אַ קליינער טייל יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן דורך דער נ. ק. וו. ד. קיין סיביר.

אַזאַ איז געווען דער צושטאַנד פון דער צאָל יידן, בעתן אַריינמאַרשירן פון דער דייטשער אַרמיי אין טאָלמיטשער פּאָוויאַט. דער ערשטער פּעריאָד פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט נישט פיל געענדערט די צאָל יידן, ווען אַפילו אַ געוויסע צאָל יידן פון די דערפער זענען אויסגעמאָרדעט און דערטרונקען געוואָרן אין דניעסטער. די צאָל יידן האָט זיך אָנגעהויבן פאַרקלענערן, ווען די אוקראַינישע פּאָליציי, אונטערגעהעצט דורך די אָנפירנדע נאַציאָנאַליסטישע קרייזן, האָט אָנגעהויבן מאָרדן דער נישט־באַשיצטער יידישער באַפעלקערונג. די אוקראַינער האָבן פאַרגעזעצט די טראַדיציעס פון יידן־מאָרדן פון די צייטן פון באָגדאַן כמיעלניצקי און גאָנטאַ, און אין דער נייער צייט, די פּאָגראָמען פון פּעטלוראַ. דער פּראָצעס פון מאָרדן יידן און חרוב מאַכן זייער פאַרמעגן איז טיילווייז אָפּגעשטעלט געוואָרן, ווען אויף די געביטן פון דעם פּאָוויאַט האָבן אַריינגעמאַרשירט די אונגאַרישע חיילות. אָבער ווען די שטחים האָבן ווידער פאַרנומען די היטלעריסטישע האָרדעס, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע און פּלאַנירטע ליקווידאַציע פון דעם יידנטום. די יידן זענען צוערשט אַרויסגענומען געוואָרן מחוץ דעם געזעץ, זיי זענען באַצייכנט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלן יידן־צייכן — מיטן מגן־דוד אויפן אַרבל. די יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו גיין אויפן טראָטואַר, זיי איז בכלל פאַרבאָטן געוואָרן צו אַרויסגיין פון דעם שטח פון געטאָ און קאָנטאַקטירן זיך מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. זיי איז פאַרבאָטן געוואָרן דאָס פרייע באַוועגן זיך און בייטן זייערער וווינפּלעצער. ס׳איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די יידן גרויסע קאָנטריבוציעס, קאָנפיסקירט זייער פאַרמעגן און געצוווּנגען זיי צו לעבן אין ענגשאַפט, אין שמוץ, אָן קיין שום היגיענישע באַדינגונגען. די ענגשאַפט האָט גורם געווען צו פאַרשידענע עפּידעמיעס, אין רעזולטאַט פון וועלכע ס׳האָבן זיך געמערט די טויט־פאַלן.

דאָס קאָנצענטרירן די יידן אין די געטאָס האָט דערמעגלעכט די דייטשן צו אַרויסנעמען אין יעדן מאָמענט די נויטיקע זיי צאָל יידן און זיי דערמאָרדן. פאַר דער־מאָרדן אַ ייד האָט נישט געדראָט קיין שום שטראָף.

דאָס נישט באַשטראָפן פאַר הרגענען אַ ייד, האָט נאָך מער צערייצט די ווילדע אינסטינקטן פון די יידן־מערדער: דייטשן און אוקראַינער. זיי זענען געוואָרן די בעלי־בתים פון טויט און לעבן.

אין משך פון דער גאַנצער צייט באַמיען זיך די דייטשן צו איינשלעפערן די יידן, זאָגן זיי צו, אַז ס׳וועט זיי קיין שום שלעכטס נישט פאַסירן, אויב די יידן וועלן זיך אויפפירן גוט און וועלן גוט אַרבעטן. אין אַ געוויסער פאַזע דערלויבן די דייטשן אַפילו די יידישע ערד־אַרבעטער אין פּאָוויאַט צו באַאַרבעטן זייערע פעלדער. פון דעם האָבן יידן אַרויסגעצויגן די מסקנות אַז די דייטשן זענען פאַראינטערעסירט אין זייער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע און אין זייער אַרבעט.

די דייטשן האָבן איין מאָל אַדורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידישע פעלד־

אַרבעטער אין פּאָוויאַט און ווען די יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם אָנגעוויזענעם פונקט, זענען זיי פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן און אונטער אַ שווערער וואַך, האָט מען זיי אָפּגעפירט אין טאַלנ׳יטשער געטאָ.

איינע פון די דייטשע מעטאָדן צו רעפּרעסירן די יידן, איז געווען צו נעמען ערובניקעס. פאַר נישט אויספילן די דייטשע פאַרלאַנגען זענען די ערובניקעס דערהרגעט געוואָרן. און טראָץ דעם, וואָס די יידישע פאָרשטייער משה־מענדל בילדנער און אליהו רעדנער האָבן די דייטשע באַפעלן אויסגעפירט, זענען זיי פונדעסטוועגן דערמאָרדעט געוואָרן. די אוקראַינער האָבן באַקומען פרייע הענט פון די דייטשן צו האַנדלען מיט די יידן ווי ס׳האָט זיך זיי געגלוסט. זיי האָבן זיך איזדעקעוועט איבער זיי, געשלאָגן זיי אָן רחמנות (זע די דערדריקונגען פון די יידן און דאָס צעשלאָגן דעם ד״ר סאַלאַט און בערנאַרד דיקערן).

די יידן זענען אויך געווען אָביעקטן פון אינדיווידועלן טעראָר. ס׳זענען געשענדעט געוואָרן זייערע בתי־תפילות און די תשמישי־קדושה. מ׳האָט דעמאָלירט זייערע הייזער און גערויבט זייער האָב און גוטס. די יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע הייזער און מען האָט קאָנפיסקירט זייער רכוש. (די סאָוועטן האָבן דאָס אויך אַזוי געטאָן, אָבער אונטערן פּרעטעקסט פון נאַציאָנאַליזאַציע פון גרויסע הייזער).

אין טאַלמיטש זענען די יידן געצוווּנגען געוואָרן צו אַרויסרייסן די מצבות פון אַלטן און נייעם בית־הקברות און מיט די מצבות אויסברוקירט די גאַסן וואָס האָבן געפירט צו סלאָבודקאַ, קאַליניעצקאַ. די דייטשן האָבן נישט געשאַנעוועט די יידישע אינטעליגענץ. מ׳האָט זיי אומברחמנותדיק דערמאָרדעט. אַזוי איז דערמאָרדעט געוואָרן דער ד״ר ראָזענקראַנץ בראש פון אַ גרופּע אינטעליגענטן. די דייטשן האָבן אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט אין די לאַגערן אויף יאַנאָווסקאַ אין לעמבערג און אין דעם טויטן־לאַגער בעלזשעץ, וועלכע האָבן איינגעשלונגען פיל יידישע לעבנס. אַ גרויסער טראַנס־פּאָרט ווערט צוגעשטעלט צום מ׳יל פון רודאַלפן. מ׳האָט געמאָרדעט גאַנצע גרופּן יידן אויפן יידישן בית־הקברות. אין רעזולטאַט פון אַזאַ עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק האָט זיך דראַסטיש פאַרקלענערט די צאָל יידן אין טאַלמיטש און אין פּאָוויאַט. שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשן אין אַזעלכע באַדינגונגען איז געווען אוממעגלעך. געציילטע עדות, וועלכע זענען געבליבן ביים לעבן פון דער גרויסער שחיטה, זענען נישט אימשטאַנד צו דערציילן וועגן פּרוּוון פון ווידערשטעלן זיך די פאַרברעכער. און אויב ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, זענען זיי באַלד אומגעקומען. אַפילו אין די דערציילונגען פון די ווייניקע עדות איז שווער צו באַקומען אַ קאָנקרעטע בילד וועגן די פּרוּוון פון העלדישקייט. ס׳איז אין ערגעץ נישט פאַרצייכנט געוואָרן. די פּערפידע מעטאָדן פון די דייטשן צו אומברענגען דאָס יידישע פאָלק איז געווען אין איינקלאַנג מיט זייער דורכגעטראַכטער און פּלאַנירטער טאַקטיק. די דייטשע

מאַרד־מאַשין האָט געאַרבעט מיט אַ פּרעציזער דײַטשער פּינקטלעכקייט. די טאַקטיק פון דער פּלאַנירטער ליקווידירונג פון ייִדן האָט פונקציאָנירט די גאַנצע צייט. צוערשט רעגיסטראַציע, און באַלד פלעגן די מערדער אָנפאַלן אויף די קרבנות פּלוצלינג נישט דערוואַרטערהייט, זיי האָבן געפאָדערט פּאַפּירן, דאָקומענטן, אויסווייזן. „אַרבעט" — האָבן זיי געזאָגט — איז אַ גאַראַנטיע צו איבערלעבן". די אילוזיע פון איבערזידלונג אויף פּאָלעסיע און אוקראַינע און דאָס דערלויבן צו נעמען מיט זיך די נויטיקע זאַכן, האָט געדאַרפט זייען ביי די ייִדן אַן אילוזיע, אַז מ'פירט זיי טאַקע אַוועק אין אַן אַנדער אָרט, ווו מ'וועט קענען איבערלעבן די מלחמה. אויף דער ייִדישער גאַס האָט געהערשט די האָפענונג, פון „ניסים" און „ישועה". די ייִדן האָבן געגלויבט אין דער גיכער מפּלה פון די דײַטשן, טראָץ זייערע מיליטערישע נצחונות אויף די פראָנטן. דאָס אַלץ זאָגט עדות וועגן חלומות פון די ייִדן צו איבערלעבן דעם שונא.

שוין פון דעם ערשטן מאָמענט פון דעם אַריינמאַרש פון די דײַטשן ווערט פאַרגעזעצט דער פּראָצעס פון נישט אונטערגעבן די פּאַרלאַנגען פון די נאַציס. עס וואַקסט דער ווילן פון ווידערשטאַנד איבערהויפּט ביי דער יוגנט, טראָץ דער אָפענער כוונה פון די דײַטשן צו ליקווידירן בהדרגההדיק די ייִדישע געטאָס. אַזאַ ערשטער פּרווו פון אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד האָבן אָנגעהויבן משה־מענדל בילדנער און אליהו רעדנער. דאָס איז געווען אַ פּרווו פון אָרגאַניזירן די ייִדן און וואָרענען זיי, אַז מיט שוחד און איבערקויפן דעם דײַטש, וועט געלינגען צו דערוויטערן די ליקווידאַציע, אַפילו די הסכמה פון אַריינטרעטן אין יודענראַט, אָדער אין אָרדנונגס־דינסט, איז אָפט געווען פאַרבונדן מיטן ווילן פון וועלן איבערלעבן אַליין און אויך דערמעגלעכן אפשר אַ צווייטן איבערלעבן. דער ווילן פון אָפּשטויסן און אָפּוועגדן די ליקווידאַציע מיט אַלע מיטלען, באַרואיקן און נאָכגעבן די אַפּעטיטן פון די געסטאַפּאָווצעס און זייערע נאָכשלעפּער די אוקראַינישע באַנדיטן און ייִדן־שונאים, דאָס שאַפן אין די ראַמען פון יודענראַט אַ באַשאַפונגס־אַמט, וועלכן די ייִדן האָבן מיט רעכט אָנגערופן „רויבונגס־אַמט", האָט געצילט צו דינען, בכדי צו אָפּוועגדן די פּאַקטישע מאַרד־כוונות פון די דײַטשן. מען דאַרף געדענקען, אַז די מיטגלידער פון יודענראַט האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ גוטן דין־וחשבון וועגן זייער מאַכטלאָזיקייט און אַז די קלענסטע אָפּנויגונג פון די דײַטשע פאַרשריפטן, האָט געדראָט מיט שרעקלעכע פאָלגן. פאַרן פאַרזינדיקן זיך פון איין ייִד, איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך דער גאַנצער געטאָ. „קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט" וואָס די דײַטשן האָבן אָנגעווענדעט קעגן די ייִדן. די ייִדן האָבן זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען צו אויסהאַלטן די שרעקלעכע תקופה, אָפּשטויסן דעם גזר־הדין אויף שפּעטער. די ייִדן האָבן געגלויבט און האָבן געהאַט בטחון, אַז די דײַטשן מוזן פאַרט פאַרשפּילן די מלחמה. דער אַקטיווער ווידערשטאַנד האָט געדאַרפט אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט און געווינען צייט, אָבער דערווייל האָבן די דײַטשן גענומען שוחד און פאַרזיכערט די

יידן, אַז זיי דראַט נישט קיין שום געפאַר. צייטנווייז האָבן זיך באַוויזן אין יודענראַט מענטשן, וועלכע זענען אַרויס פון די ראַמען פון מאָראַל, וואָס האָט פאַרפליכטעט אַ מענטש און דאָס האָט זיך אויסגעדריקט קודם כל צו זיין אָנשטענדיק. אָבער די יידן האָבן זיך באַמיט צו מאַכן זיך באַקוועם, געטראַכט וועגן אייגענעם גורל און וועגן גורל פון זייערע נאָענטסטע.

דעם יודענראַט האָט איבערגענומען ד״ר שטיינבערג. דאָס איז געקומען אַ דאַנק דער אונטערשטיצונג פון די אוקראַינער. זיי האָבן געזען אין אים אַ מענטש, וועלכער האָט זיינער צייט קאָאָפּערירט צוזאַמען מיט זיי אין דעם שטאָטישן ראַט, קעגן דער פּוילישער מערהייט. די יידישע גאַס האָט אים געקענט אַלס אַ קעמפער פאַר גערעכטיקייט. די יידן האָבן געגלויבט, אַז ער וועט זיי באַשיצן פון שלעכטס. ווער האָט געקענט אויסרעכענען, וויפל מענטשן זענען אַוועק פריער אויף יענער וועלט, צוהערנדיק זיך זיינע עצות און גלויבן אין זיינע פאַרזיכערונגען? ער איז נישט געווען דערוואַקסן צו אַזאַ ראָל, וועלכער ס׳האָבן פריער אויסגעפירט די עסקנים, וועלכע זענענדיק וואָס עס דערוואַרט זיי, האָבן זיי זיך באַצייטנס צוריקגעצויגן, באַצאָלנדיק פאַר דעם שריט מיט זייער לעבן. זיי האָבן נישט געוואָלט צולייגן אַ האַנט צו די דייטשע פאַרברעכנס. צו מאָל זענען זיי אומגעקומען, באַגייענדיק זעלבסטמאָרד, באַנוצנדיק זיך מיט סם, אָדער אַריינשיסן זיך אַ קויל אין קאָפּ (צום ביישפּיל, אינזש. אַדאַם טשערניאַקאָוו אין וואַרשע).

שטיינבערג האָט געגלויבט, וואַרשיינלעך, אַז אַרויסגעבנדיק אַ טייל יידן אויף טויט, וועט ער ראַטעווען זיך און אַ טייל פאַרבליבענע אין געטאָ. צוזאַמען מיט אים האָבן אין טאָלמיטשער געטאָ פאַרנומען מענטשן פּאָזיציעס, וועלכע האָבן געהאַט אַ קליינעם מאָראַלישן יסוד, אָדער אַזעלכע ווי הערצל שפּירער, חיים ריטצער, וועלכע האָבן זיך באַפרייט פון די מאָראַלישע טאָרמאָזן.

די רעזולטאַטן, דערגרייכטע פון די היטלעריסטישע באַנדעס און זייערע פאַר־ברעכערישע מעשים, זאָגן נאָך נישט עדות פון פעלן אַ ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. פיל מענטשן האָבן געחלומט צו איבערקומען די סכנות דורך גוטער אַרבעט. זיי האָבן גערעכנט, אַז דאָס וועט זיי ראַטעווען פון טויט. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די ווידער־שטאַנד־אַקטן וועלן זיין בלויז אַ דעמאָנסטראַציע, פאַר וועלכער די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג וועט באַצאָלן אַ טייערן פּרייז. חוץ דעם האָט דער ווילן צו מרידה פאַראַליזירט די לאָקאַלע און משפחה־בונדן. טאָלמיטש איז געווען צו קליין, ווו ס׳האָט זיך געקענט אָרגאַניזירן אַן ערנסטע גרופּע, אַ פשיטא שוין, אַז ס׳האָבן געפעלט פאַסיקע און אויסגעשולטע אין מיליטערישן זין מענטשן. ס׳האָבן געפעלט מענטשן, וועלכע האָבן טראָגן זייער גוטן ווילן און גרייטקייט אויף אָפּפערווויליקייט, געקענט זיך דערהויבן צו אַ העכער מאָראַלישער מדרגה. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די גאַנצע סביבה איז געווען אַ פיינטלעכע, אַן אַנטיסעמיטישע. די שנאה וואָס איז

געווען איינגעוואָרצלט אין זיי פון דורות, האָט איצט באַקומען אַ פרייע מעגלעכקייט צו לאָזן אין גאַנג זייערע חיה׳שע, בלוטדרושטיקע אינסטינקטן, דעקנדיק זיך מיט אַנטי יידישע געזעצן. אויפן סדר־היום איז ביי די גויים געשטאַנען די פראַגע, וואָס גיכער און וואָס ווייטיקלעכער ענדיקן מיט די יידן. רעפּרעסירן זיי, איזדעקעווען זיך איבער די אומבאַהאָלפענע און אומבאַשיצטע יידן. איז נישט קיין ווונדער, וואָס זיי זענען אַוועק אין אַ ווילדן געיעג צו כאַפּן אַ ייד, אויב זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער באַהאַלט זיך ערגעץ אויס, אויסנוצן די גינסטיקע סיטואַציע פאַר זיי צו רייך ווערן אויפן חשבון פון די דערמאָרדעטע יידן. די יידן האָבן געוווּסט, אַז אַנטלויפנדיק פון געטאָ קענען זיי נישט רעכענען אויף הילף פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. פאַרקערט, די דאָזיקע באַפעלקערונג, האָט זייער גערן קאָאָפּערירט מיט די דייטשן. ס׳זענען בלויז געווען איינציקע פאַלן, ווען יחידים, האָבן טראָץ דער סכנה וואָס עס האָט אויף זיי געלויערט מצד זייערע שכנים, דאָך אויסבאַהאַלטן ווו נישט ווו אַ ייד. אָבער דאָס זענען, באמת, געווען בלויז איינצלנע פאַלן.

אין טאָלמיטשער געטאָ זענען געווען פאַלן פון זעלבסטמאָרד פון יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט און נישט געקענט אַריבערטראָגן די שפלות פון די דייטשן און פון די אוקראַינער.

אָבער טראָץ די אַלע שוועריקייטן, האָט דאָך געגורטעוועט אַ געדאַנק פון אַן אָרגאַניזירטער פאָרם פון ווידערשטאַנד. ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער וועג פון רעטונג, אַז אויב מען וויל זיך ראַטעווען דאַרף מען זוכן פאַסיקע באַהעלטענישן און דעריבער האָט מען באַצייטנס אָנגעהויבן צו גראָבן בונקערס. די בונקערס זענען צוערשט געווען פּרימיטיווע, אָבער מיט דער צייט, זענען זיי פאַרפולקאָמט געוואָרן צו אַ מער ווייניקער בעסערן אין טעכנישן זין צושטאַנד, וואָס האָט געגעבן מער שאַנסן צו קענען זיך אויס־באַהאַלטן אַ לענגערע צייט און כדי נישט קענען אַזוי לייכט אַנטדעקט ווערן. אַ טייל זענען טאַקע נישט אַנטדעקט געוואָרן. אַזעלכע באַהעלטענישן זענען לויט די אָפּשאַצונגען פון באַגלויבטע עדות געווען אין טאָלמיטש אַ גאַנץ היפּשע צאָל. לויט די זעלבע עדות איז אויסגעבויט געוואָרן דורך אַ גרופּע יידן אַ גוטע באַהעלטעניש אויף קוהאַוויע, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי ווונדערן אין די וואַרשטאַטן אין „הויף”. די אָנפירער פון דער גרופּע זענען געווען פאַבעק קאופמאַן און לאָנעק האַרטנשטיין. צו דער גרופּע האָבן צווישן אַנדערע זיך געפונען: יעקב כץ״ — דער ברודער פון שימקאַ כ״ץ, יצחק זילבער און קערנער. דער בונקער איז געווען גוט פאַרמאַסקירט און איז געווען באַזאָרגט מיט אַן אַנטשפּרעכנדן זאַפּאַס עסנוואַרג, זיי האָבן געהאַט אַ פּרימוס צום קאָכן און אויך הייץ־מאַטעריאַל. פונדעסטוועגן איז די אַקציע פון אויסמאָרדן דאָס לעצטע ביסל יידן געקומען אַזוי שנעל און אַזוי אומגעריכט, אַז ס׳האָט זיך נישט געפונען ווער עס זאָל קענען געניסן פון דער גוטער באַהעלטעניש. דער איינציקער, וועלכער איז געבליבן

ביים לעבן פון דער גאַנצער גרופּע איז געווען לאָנעק האַרטנשטיין, וועלכער איז אַנטלאָפן קיין בוטשאַטש.

חוץ דאָס בויען פון בונקערס, האָבן עקזיסטירט אַנדערע פאָרמען פון ווידערשטאַנד. צו זיי געהערט דאָס אַנטלויפן פון אייניקע יידן אין די דערפער, קיין בוטשאַטש, אויס־באַהאַלטן זיך אויף אַרישע פּאַפּירן, אַרויסשפּרינגען פון די וואַגאָנען און פּרווון צו אָרגאַניזירן גרופּן אַנטלויפן פון די לאַגערן, אַנטלויפן קיין רוסלאַנד (אין ערשטן פּעריאָד), אויך פאַלן פון אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. דאָס איז אָבער געווען מעגלעך, דאַן ווען די רויטע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן פון אונדזערע געגנטן.

ווער איז אימשטאַנד צו שילדערן די ליידן פון די יידן, וועלכע האָבן אין דעם כאַאָס פון דער מלחמה פאַרלאָזן זייערע משפחות; ווער אַ פרוי, קינדער, עלטערן, ברידער און שוועסטער און האָבן זיך געלאָזן וואַנדערן איבער די וועגן, אויף וועלכע דער פּליטים־שטראָם איז באַשטאַנען ס׳רוב פון יידן. דעם אמת געזאָגט, האָבן זיך נישט געפונען פיל אַמאָטאָרן, וועלכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. מ׳האָט זיך גוט אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, וואָס עס הייסט זיין היימלאָז אין אַ פרעמד לאַנד, וועלכע האָט זיך אַליין שוין געפונען אין מלחמה־ברען.

וויפל דרייסטקייט האָט זיך געפאָדערט, בכדי צו דעצידירן זיך אַרויסשפּרינגען פון אַ לויפנדיקן צוג, וועלכער איז שטאַרק באַוואַכט געוואָרן פון די דייטשע תלינים. זיי זענען געזעסן אויף יעדן דאַך פון אַ וואַגאָן מיט אויטאָמאַטן, גרייט יעדע מינוט צו עפענען אַ פייער אויף אַן אַנטלויפנדן ייד.

אין וואָס פאַראַ נערוון־שפּאַנונג האָבן די יידן געמוזט לעבן, געפינענדיק זיך אין אַ פיינטלעכער סביבה, זעענדיק דעם טויט פאַר די אויגן, נישט האָבן קיין שום אויסזיכטן צו ראַטעווען זיך און גלייכצייטיק טראָגן אַ מאַסקע פון גלייכגילטיקייט?

וויפל דרייסטקייט האָט זיך געפאָדערט, בכדי צו אָרגאַניזירן אַן אַנטלויפונג פון אַ לאַגער, לאָזנדיק זיך אַרויסטראָגן דורכן טויער אַלס „מת״, ווען ביים מינדסטן ריר פון קערפּער האָט געקענט פאַרראַטן און דאַן האָט געדראָט אַ קויל אין קאָפּ. וואָס פאַראַ דרייסטקייט האָט זיך געפאָדערט פון אַ פאַרמשפּטן צום טויט, צו לאָזן זיך צו די דראָטן פונעם לאַגער, אַרום וועלכן אויף יעדע 50 מעטער האָט זיך געפונען אַ וואַך־טורעם און אויף אים איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער שומר מיט אויסדרעסירטע הינט, איבער־שניידן די דראָטן און אַנטלויפן, טראָץ דער שטאַרקער שמירה פון דער לאַגער־וואַך. מיר ווייסן אָבער, אַז נישט קיין סך איז געלונגען נאָכן אַנטלויפן פונעם לאַגער בלייבן ביים לעבן. פיל פון די אַנטלאָפענע זענען שפּעטער געכאַפּט געוואָרן פון גויים, וועלכע האָבן זיי דערמאָרדעט. ס׳איז אויך געווען אַ פאַל ווען אַ טאָלמיטשער יינגל דוניאַ זעלער, האָט געשאָסן צו אַן אוקראַינישן פּאָליציאַנט אין דער צייט פון אַן אַקציע אין קאָפּיטשינצע.

בלי ספק זענען חוץ די אויבנאויסגערכנטע פאַלן פון ווידערשטאַנד, געווען אַנדערע פאַלן פון אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד, אָבער וועגן זיי וויסן מיר בלויז פון די ערטער, פון וועלכע ס'איז איבערגעבליבן אַ לעבעדיקער עדות, וועלכער האָט געקענט עדות זאָגן וועגן דעם. אָבער פון טאָלמיטש איז ליידער קיינער נישט איבערגעבליבן אַ געראַטעוועטער, וועלכער וואָלט געקענט עדות זאָגן וועגן פאַלן פון פאַסיוון און אַקטיוון ווידערשטאַנד.

די יוגנט, וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אין יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, איז געווען באַאיינפלוסט פון געוויסע אידייען, וועלכע זענען פרעמד געווען די מענטשן־שנאה און במילא איז דער ברוטאַלער טעראָר, וועלכן די דייטשן האָבן אַנגעוואַנדן, בכדי צו דערשטיקן יעדן מינדסטן פּרווו פון ווידערשטאַנד, געקומען פאַר דער יוגנט אומגעריכט. אין דער ערשטער פאַזע איז די יוגנט נאָך נישט געווען מאָראַליש אַפילו צוגעגרייט, ווייל עס איז שווער געווען פאַר אַ מענטשן מיט נאָרמאַלע קאַטעגאָריעס צו דענקען, אַז עס איז בכלל מעגלעך אַ גענאָסייד אין מיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דעריבער האָט מען געפילט די הילפסלאָזיקייט און אָנמאַכט. אָבער ווען ס'האָבן אָנגעהויבן דערגיין קלאַנגען וועגן אַקטיוון ווידערשטאַנד, האָט דאָס אַרויסגערופן ביי די רעשטלעך פון דער יוגנט אַ גרויסן ענטוזיאַזם און ווילן צו נקמה. די יוגנט איז מיט אַמאָל באַפרייט געוואָרן פון דער אַפּאַטיש־שטימונג און האָט אָנגעהויבן פּלאַנירן פּראַקטישע מעשים. אָבער ליידער זענען די אַלע, וועלכע האָבן געזוכט וועגן און מיטלען צו אַקטיוון ווידערשטאַנד, האָבן נישט געהאַט קיין שום הילף פון דרויסן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיטלען צו קריגן געווער, און חוץ דעם האָבן זיי זיך נישט געקענט ריכטן אויף אונטערשטיצונג, נישט פון אינעווייניק און נישט פון דרויסן. אָבער טראָץ די אַלע סוביעקטיווע שוועריקייטן איז געווען אַ מעגלעכקייט צו אויפשטעלן אונטערערדישע קעמערלעך פון אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דער בונקער, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אויף קוהאַווע דורך אַ גרופּע אַרבעטער פון וואַנדערן אונטער דער אָנפירונג פון פאַבעק קאָופּמאַן און לאָנעק האַרטנשטיין, איז נישט געווען אַן איינציקער צופעליקער פאַל. און די ידיעה וועגן דעם, האָט זיך אויפגעהיט, אַ דאַנק דעם, וואָס אַ מיטגליד פון דער ווידערשטאַנד־גרופּע איז אַנגעקומען קיין בוטשאַטש און האָט איבערגעגעבן פּרטים וועגן דעם. די איבעריקע מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן וועגן דעם נישט געקענט באַשטעטיקן, היות ווי זיי זענען אַלע אומגעקומען. חוץ דעם, איז אין טאָלמיטש פאָרגעקומען די פול־שטענדיקע ליקווידאַציע זייער גיך און אומדערוואַרטעט, און דעריבער האָבן די, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די ווידערשטאַנד־באַוועגונג, דאָס שוין געטאָן חוץ די גרענעצן פון טאָלמיטש, אַנטלויפנדיק אין אַנדערע פּלעצער. צו די ווידערשטאַנד־גרופּן וועגן וועלכע מיר וויסן עפּעס מערער, געהערט די גרופּע פון פּלעשער, די גרופּע פון בלאָנד־שפּרעכמאַן, און אויך די אָרגאַניזירטע גרופּע אין בוטשאַטש, וועמענס אָנפירונג

האָט געהערט צו די טאָלמיטשער יידן. דאָ דאַרף מען אויסרעכענען די אַזוי גערופענע „באַנדע״ פון טאָלמיטש, וועגן וועלכער עס שרייבט די חורבן־פאַרשעריין בעטטי אייזנ־שטיין אין איר בוך: „די אונטערערדישע באַוועגונג אין געטאָס און אין לאַגערן״ (פויליש), אַרויסגעגעבן פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע, וואַרשע—לאָדזש—קראָקע, 1946.

„קיין בוטשאַטש האָט מען געבראַכט צו פירן יידן פון שטעטל טאָלמיטש, (וואָיעוודסטווע סטאַניסלאַוואָווסקע). צווישן דער טאָלמיטשער יוגנט, איז געווען די אַזוי גערופענע „באַנדע״. דאָס איז געווען אַ גרופע באַוואָפנטע יונגע מענטשן, דרייסטע און דעצידירטע אויף אַלץ. זיי זענען געווען אַ כוח, וועלכער האָט אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף דער סביבה. זיי האָבן אַפילו גערויבט זייערע אייגענע רייכע מענטשן. די אַלגעמיינע מיינונג פון די בוטשאַטשער יידן וועגן דער „באַנדע״ איז געווען, אַז זיי האָבן נישט מורא פאַר די דייטשן, און נישט פאַר די אוקראַינער. אָפט פלעגן זיי אָנטאָן מונדירן פון דייטשן, אָדער פון אוקראַינישע פאָליציאַנטן, כדי אין צייט פון אַן אַקציע, מיט געווער אין האַנט, דורכפירן גרופּעס יידן דורך דער שטאָט, מאַכנדיק דעם איינדרוק, אַז זיי שלאָגן די יידן, און שרייען דערביי: „פערפליוכטע יודע״ א. א. וו. ווען די יידן זענען שוין געווען הינטער דער שטאָט, זענען זיי זיך צעלאָפן אין וואַלד״.[1])

אין די גביית־עדות און זכרונות טרעפן מיר אָפט דערציילונגען, ווי אַזוי אַ מאַסע מענטשן וואַרטנדיק אויפן טויט, האָבן אין מאָמענט ווען ס׳איז געגעבן געוואָרן אַן אָפּגערעדטער צייכן, זיך צעלאָפן, אָדער זיך געוואָרפן אויף די מערדער.

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל איז געווען, ווען איינער אַ מיטגליד פון דער טאָלמיטשער „באַנדע״,[2]) וועלכער איז געווען באַרימט מיט זיין אַטלעטישער פיגור און האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אין דער סביבה, האָט זיך איינער אַליין געפונען אויף דעם פּלאַץ פון טויט אין דעם לאַגער סווידווו. ער האָט געהאַט ביי זיך געווער, די יידן האָבן אָנגעהויבן אים איינריידן, אַז ער זאָל אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד. ער האָט אָבער שטיל געענטפערט. — „ס׳איז נישט כדאי צו אַנטקעגנשטעלן זיך, ווייל דאָס וועט אַלץ איינס נישט העלפן, און אין פאַל פון אַ ווידערשטאַנד, וועט פאַרן טויט אויסקומען צו מאַטערן זיך״.

דער אויבן געבראַכטער פאַל, ווי אַזוי ס׳האָט זיך אויפגעפירט אַ מיטגליד פון דער טאָלמיטשער „באַנדע״ אויף דעם טויט־פּלאַץ, באַווייזט באַשיינפערלעך,

[1]) איזאַק שוואַרץ, בוטשאַטש, „אַרבעטס־לאַגערן אין דער געגנט פון בוטשאַטש״ אַרכ. ייד. היסטאָרישער אינסטיטוט, פּראָטאָקאָל נר. 327.

[2]) וואַרשיינלעך, איז די טאָלמיטשער „באַנדע״ געווען אַ קאָמפּערישע אָרגאַניזאַציע. קאַרגע פּרטים וועגן איר, אָנגעגעבן פון דעם עדות, שטרייכט נישט אונטער איר קאָמפּנדן כאַראַקטער.

דעם אונטערשייד פון אַ קעמפנדער גרופּע און דער אוממאַכט פון אַ יחיד, אַ קעמפער פון דער גרופּע, ווען ער האָט זיך געפונען אַליין, נישט אין די ראַמען פון אַ גרופּע. דער פאַקט באַווייזט בולט, ווי אַזוי ס׳איז נויטיק געווען פאַר דער יידישער יוגנט אָרגאַניזאַטאָרן־מנהיגים.

ביז דאַנען בעטטי אייזנשטיין, אויף דער טעמע וועגן דער טאַלמיטשער „באַנדע". ס׳איז כדאי אָבער צו באַלויכטן אייניקע זאַכן, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דעם אויבן־ציטירטן מאַטעריאַל. ערשטנס: — מ׳האָט נישט אויסגעזידלט יידן פון טאַלמיטש קיין בוטשאַטש. קיין טאַלמיטש איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז די יידן אין בוטשאַטש געפינען זיך אין אַ בעסערן מצב. אין דער צייט ווען אין טאַלמיטש האָט מען שוין ליקווידירט די יידן, האָבן די בוטשאַטשער יידן זיך געפונען אין אַן אָפענער געגנט, דאָרט איז נישט געווען קיין שום געטאָ, איז נאַטירלעך, אַז יידן פון טאַלמיטש האָבן זיך אַריבער־געפעקלט מיט אייגענע כוחות קיין בוטשאַטש, צי איז דאָס געווען מיטן פּראַכט־צוג ביינאַכט, אָדער דורך דערפער, וועלכע זענען געלעגן ביים דניעסטער. אַ טייל פון די דערפער האָט זיך געפונען אין טאַלמיטשער פּאָוויאַט און אַ טייל אין בוטשאַטשער פּאָוויאַט.

מיט פאַרשיידענע וועגן האָבן זיך אַדורכגעגנבעט עטלעכע יינגלעך פון בוטשאַטש אונטער דער אָנפירונג פון אורציע צילער און האָבן געגרינדעט די אַזוי גערופענע „באַנדע", וועגן וועלכער מ׳האָט דערציילט זייער נישט קיין פיינע מעשים. זיי האָבן געהאָט אַ שלעכטן שם אין דער געגנט. אַן אמת איז, אַז אין אייניקע פאַלן האָבן די יינגלעך אַרויסגעוויזן העלדישקייט און האָבן אויך געהאָלפן אַנדערע טאַלמיטשער יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ נויט, און אַ דאַנק זייער דרייסטקייט, האָט זיך זיי איינגעגעבן צו ראַטעווען יידן פון אַ צרה. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אין בוטשאַטש די אויסזידלונג קיין טשאָרטקווו, טלוסטע, און קאָפּיטשינעץ, האָבן אויך זיי זיך אַריבער־געטראָגן קיין קאָפּיטשינעץ. ס׳איז נויטיק צו אונטערשטרייכן, אַז נאָך דער אַקציע אין קאָפּיטשינעץ, האָבן זיך צונויפגעקליבן אַ 30 יידן. זיי האָבן זיי איבערגעפירט פון דאָרט דורך וועלדער צוריק אין די בוטשאַטשער וועלדער, ווייל חוץ דעם קליינעם לאַגער, איז בוטשאַטש שוין געווען „יידנריין".

מ׳דאַרף נישט לייקענען דעם פאַקט, וואָס חוץ זייערע פּאָזיטיווע מעשים, האָט אויך נישט געפעלט דער „באַנדע" נעגאַטיווע שטריכן פון אַן אוממאָראַלישן כאַראַקטער; און די נעגאַטיווע מעשים זענען געווען מער ווי די פּאָזיטיווע און דאָס האָט אַרויפ־געלייגט אויף דער „באַנדע" אַ שטעמפּל פון אַ גרופּע, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט רויבן אייגענע ברידער פון דעם זעלבן גורל, און נאָך ערגער: זיי האָבן אויסגעזוכט באַהעלטע־נישן פון יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי פּויערים און זיי שאַנטאַזשירט. דער עפעקט איז געווען אַזאַ, אַז אַ באַרויבטער ייד, בלייבנדיק אָן קיין שום מיטלען פון עקזיסטענץ, אין רעזולטאַט, וואָס די „באַנדע" האָט ביי אים צוגענומען דעם לעצטן

גראַשן, האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן דעם פויער פאַרן אויסבאַהאַלטן זיך און צום סוף זענען די יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע באַהעלטענישן. ס׳האָט אויך נישט געפעלט קיין פאַלן, ווען די באַנדע האָט אויפגעהויבן אַ געשריי בעת זייער באַפאַלן אַ באַהעלטעניש, דאָס האָט דעמאַסקירט די באַהעלטעניש פון דעם ייד, און אין רעזולטאַט, האָט זיך דאָס געענדיקט מיט טויט. ס׳זענען אויך געווען פאַלן, ווען די „באַנדע״ האָט זיך פאַרבונדן מיט די סאַמע נידעריקסטע עלעמענטן פון אוקראַאינער און פאָליאַקן און זיי האָבן געמיינזאַם גערויבט.

אין דער צייט פון דעם באַרימטן מאַרש פון דעם פאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר קאָווּפאַק, ווען דער איז מיט זיין פאַרטיזאַנער בריגאַדע אַדורך די סאָקאָלאָווסקער וועלדער לעבן פאַטאַק־זלאָטי, איז צו קאָווּפאַקן צוגעשטאַנען צילער, ס׳איז אויך צו קאָווּפאַקס פאַרטיזאַנער צוגעשטאַנען טייטלבאום פון בוטשאַטש. שפּעטער איז צילער פאַרבליבן אין דעם לאַגער אין סווידעווו, לעבן טלוסטע און דאָרט איז ער אומגעקומען, (לויט דער אינפאָרמאַציע פון בעטטי אייזנשטיין).

ביי דער געלעגנהייט, דאַרף מען באַמערקן, אַז אין קאַפּיטשינעץ האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין דרייסטקייט איינער אַ יינגל פון טאַלמיטש, דוניאַ צילער, ער האָט נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמעם מיט דעם דערמאַנטן אורציע צילער. דוניאַ, זייענדיק אַרומגערינגלט דורך אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן בשעת דער אַקציע, האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און האָט אויפן אָרט אַוועקגעלייגט איינעם פון די פּאָליציאַנטן, אַן אוקראַאינער, וועלכער איז געווען באַוווּסט אַלס אַ יידן־כאַפּער. דוניאַ צילער איז געבליבן אויפן פּלאַץ אַדורכגעשאָסן מיט קוילן דורך אַנדערע אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן.

ווידערשטאַנדס־אָרגאַניזאַציעס זענען געווען אין מזרח־פּוילן נישט ווייניק. כמעט אין יעדער שטאָט איז געווען אַ קערן פון אַ ווידערשטאַנד־גרופּע און טיילמאָל האָט זיך די גרופּע פאַרוואַנדלט אין אַ גרעסערן כוח. די דאָזיקע ווידערשטאַנד־גרופּן האָבן זיך אָרגאַניזירט ספּאָנטאַן, און זענען נישט געווען פאַרבונדן איינע מיט די צווייטע. דאָס זענען געווען גרופּן פון ענטוזיאַסטן, וועלכע זענען געווען גרייט צו אָפּגעבן זייער יונג לעבן פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק, כדי נישט לאָזן זיך אויסשעכטן אַן אַ ווידערשטאַנד. זיי האָבן נישט געהאַט קיין אויסגעשולטע אָנפירער, זיי האָבן אויך נישט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז זיי וועלן זיגן אין דעם נישט גלייכן קאַמף. זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום אונטערשטיצונג פון קיינעם, און במילא זענען זיי געווען פאַראורטיילט צום טויט. פיל פון אַזעלכע גרופּעס זענען אומגעקומען בעת די אַקציעס, נישט באַוויזנדיק אַפילו צו אָרגאַניזירן זיך.

וועגן אייניקע אָרגאַניזאַציעס ווייסן מיר ווייניק. וועגן אַנדערע ווייסן מיר מער. אָרגאַניזאַציעס פון אונטערערדישע קעמפער זענען געווען אין: בראָד, באַרשטשאָוו, סקאַלאַ, טאַרנאָפּאָל, זלאָטשעוו, באָריסלאָוו, דראָהאָביטש, סטרי, קאָליש, טלוסטע,

טשאַרטקווו, זאַלעשטשיקי, לעמבערג, סטאַניסלאַוו, בוטשאַטש, און אין פיל אַנדערע ערטער. חוץ די ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציעס אין די געטאָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אין די טויט־לאַגערן ווי אוישוויץ, טרעבלינקע, סאָביבאָר, בעלזשעץ, און אויך אין לאַגער יאַנאָווסקאַ אין לעמבערג, וועגן וועלכן ס׳זענען דאָ ידיעות וועגן פרווון פון אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד, ווי אַרויסגנבענען זיך פון דעם לאַגער (זע: שייע בילדנער) און דראָבערן געווער, איבערשניידן די דראָטן פון דעם צוים און אַנטלויפן אין וואַלד.

די באַרשטשאָווער גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון ווילער, האָט אויך געגרינדעט אָפּטיילונגען אין די לאַגערן קאָזאַקי, סאַסוו, פּאָפּרווו, לענסקיע. זייער טעטיק איז געווען די גרופע פון צוקער פון באַרשטשוו.

די גרופּע טאָלמיטש־בוטשאַטש האָט אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט דער יוגנט פון קאָפּיטשיניעץ, טשאָרטקוו און טלוסטע.

צו די גרופּן, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט טיילווייז אין טאָלמיטש, און טיילווייז מחוץ טאָלמיטש, געהערן אויך די גרופּן בלאַנד־שפּרעכמאַן, אידל פייער, און אויך די גרופּע פלעשער.

אַ קערן פון אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז אַנטשטאַנען אין בוטשאַטש שוין גאַנץ פרי, ווייל אין ווינטער 1941 (דעצעמבער), האָט דער יודענראַט אין בוטשאַטש באַקומען אַ פאַראָרדענונג צו אַרויסשיקן אין די לאַגערן באָרקי־וויעלקע און קאַמיאָנקאַ (ביידע אין דער געגנט פון טאַרנאָפּאָל) גרופּן יידן צו אַרבעטן ביי דער אייזנבאַן־ליניע, און ביי שטיינהאַקעריי. אויף דעם ערשטן פייער,זענען געגאַנגען די, וועלכע זענען געווען פרעמדע אין בוטשאַטש, אָדער אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום פּאַפּירל פון יודענראַט. צווישן אַנדערע האָב אויך איך, צוזאַמען מיט איבער אַ צענדליק יידן, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט אין ליגענשאַפט (פּאָטאָצקיס פאָלוואַרק) באַקומען אַ באַפעל צושטעלן זיך מיט אַ פּלעצאַק אין יודענראַט. מיר, די וועלכע האָבן געאַרבעט, האָבן באַשלאָסן נישט צושטעלן זיך אויף דער פאַראָרדענונג פון יודענראַט. די זשאַנדאַרמעריע, די אוקראַינישע פּאָליציי און די יידישע אָרדנונגס־דינסט, האָבן אונדז געזוכט ביי דער אַרבעט. אין משך פון וואָכן האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין דעם הויף (ליגענשטאַפט) און צום סוף האָט דער יודענראַט רעזיגנירט און מיר האָבן לסוף באַקומען גרינע לעגיטימאַציעס. מיר זענען, הייסט עס, נישט „רירבאַרע". פון דעם ערשטן פרווו, זענען מיר אַרויס מיט אַ נצחון. פון דאַנען האָבן מיר אַרויסגעצויגן די מסקנות, ווי אַזוי ווייטער צו האַנדלען. דאָס האָט אונדז געגעבן דעם סטימול צו אָנהויבן אָרגאַניזירן זיך.

וועגן די באַציונגען אין די יולאַג־לאַגערן דערוויסן מיר זיך (יולאַג — יודענ־לאַגער) לויט אַ רעלאַציע פון איינעם אַן אָרגאַניזירטן. מוניאַ ווייץ ווערט געכאַפּט און איבערגעגעבן אין יולאַג אין קאַמיאַנקע. אָבער ער איז דאָרט לאַנג נישט געבליבן.

אים איז געלונגען איבערשניידן די דראָטן און נאָך צוויי טעג באַמיונגען איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון לאַגער און צוריקגעקומען קיין בוטשאַטש.

די אַנטלויפער פון טאָלמיטש דערציילן אונדז וועגן די פאַרברעכנס פון די דייטשן און אוקראַינער אין טאָלמיטש און אין דער גאַנצער סטאַניסלאַוואָוער, וואָיעוודסטווע.

שייע בילדנער, וועלכער איז כביכול אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַלס „מת" פון דעם לאַגער דורך דער אונטערגרונד־באַוועגונג אין יאַנאָווסקע, דערציילט וועגן שוידערלעכע סצענעס אין דעם לאַגער. מיר דערוויסן זיך וועגן דער ראָל, וואָס האָט געשפּילט דער קאָמענדאַנט פון דעם לאַגער, ווילהאוס, דער מערדער פון הונדערטער אומשולדיקע מענטשן. ער האָט אויך איבערגעגעבן פּרטים וועגן די מעשים־תעתועים פון זיינע העלפער — די ס.ס.־מענער און געסטאַפּאָ־לייט, די אוקראַיִנישע שומרים און די רוסישע נאַכשלעפער.

דער שטאָב פון אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך רעאָרגאַניזירט. צו דער אָנפירונג פון דער אונטערגרונד־באַוועגונג זענען אַריין: מאַרגוליס, צאַלער, עבענשטיין — פון בוטשאַטש, זילבער פון האָראָדענקאַ, בילדנער, פישער, מיין פרוי גוסטאַ וווּרמאַן, פון שטוב ווייץ פון טאָלמיטש. איך האָב איבערגענומען די אָנפירונג.

מיר האָבן אַריינגעצויגן אין דער אָרגאַניזאַציע וואָס מער יוגנטלעכע, אָבער מיר האָבן אָפּגעהיט די כללים פון קאָנספּיראַציע, מיר האָבן איינגעשטעלט אַ סיסטעם פון „פינפטלעך". דער סעקרעטאַר פון יודענראַט ענגעלבערג און דער מיטגליד פון דעם יודענראַט ד״ר מערענגעל זענען געווען אונדזערע פאַרבינדלער מיטן יודענראַט. ער האָט באַשלאָסן צו פינאַנסירן דאָס קויפן פאַר אונדז געווער. היות ווי מיר האָבן נישט געוואָלט אַנטוואָפענען דייטשן, נעמענדיק אין באַטראַכט די סיבות, אַז דאָס וועט זיך פאַטאַל אָפּרופן אויף דער יידישער באַפעלקערונג און דאָס וועט ברענגען צו טראַגישע קאָנסעקווענצן אין בוטשאַטש. די יוגנט וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אויף די פרינציפן פון „השומר־הצעיר" און „ברית־טרומפּלדור" ציִען זיך אַריין אין אונדזער אָרגאַניזאַציע. מיר בינדן אָן אַ קאָנטאַקט מיט די יידן פון טאַרנאָפּאָל, סקאַלאַ, באָרשטשוּוו, זאַלעשטשיקי, טלוסטע, קאָפּיטשינעץ און טשאָרטקאָוו. אומעטום געפינען מיר אַ קענטיקן יסוד. אינזש. זיס, וועלכער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון די סאָוויעטן פון טאַרנאָפּאָל (ער האָט געהאַט אַ רייכן שווער) און ד״ר יוליוש מערענגעל, שטעלן אונדז צו די אינפאָרמאַציעס, וואָס זיי האָבן געהערט אין ראַדיאָ. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון דער דייטשער אַרמיי אין סטאַלינגראַד, מיט וועלכער ס׳האָט אָנגעפירט דער פעלדמאַרשאַל פּאולוס. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר זיך אויך דערוווּסט וועגן דער מפּלה פון דער דייטשער אַרמיי פון פעלדמאַרשאַל ראָממעל אויפן אַפריקאַנישן פראָנט. מיר זוכן צו קריגן געווער. מיר האָבן שוין אין אונדזער באַזיץ עטלעכע רעוואָלווערן. מיר פאַרהאַנדלען מיט אונדזערע אַרבעטער אין טאַרטאַק,

וועגן אַרויסקריגן דינאַמיט פון סקלאַד. מיר זענען אַ נאַציאָנאַלע גרופּע. חוץ אונדז איז פאַראַן אין בוטשאַטש נאָך צוויי גרופּעס. איך פיר דורך מיט זיי עטלעכע שמועסן, באַהאַנדל אונדזער לאַגע און צייכענען אַן פּלענער אויף דער צוקונפט. ווייסינגער באַשליסט צו גיין אין וואַלד. זיין ציל איז דערגרייכן די פּאָזשניעצקער וועלדער און זיך אָנשליסן אָן דער גרופּע פון א.ק. פון קאָמענדאַנט נידזשוויעצקי, פון וועלכער ער איז קוים אַרויס מיטן לעבן. דער גרופּע פרידלענדער־דונאַיער געפעלט נישט דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, חוץ דעם האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין בוטשאַטש. איך בינד אָן אַ קאָנטאַקט מיט פּאָליאַקן — און באַקום פיל צוזאָגן, אָבער צום סוף פאַר געלט באַקום איך איין רעוואָלווער. אין בוטשאַטש געפינט זיך אַ מאַיאָר פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, וועלכער איז אַ באַפולמעכטיקטער פון די אונטערגרונד כוחות. ער ראַט אונדז צו דערקלייבן זיך אין די וועלדער פון ווייסרוסלאַנד. מיר באַשליסן אין פאַל פון אַן אַקציע צו געפינען זיך אין וואַלד און וועלן פּרווון עפענען אַ פייער פון אונדזער געווער בכדי צו שטערן דעם גאַנג פון דער אַקציע. כמעט די גאַנצע צייט האָבן מיר זיך געפונען לעבן אונדזערע דירות.



קבוצת „ביתר" בטלומץ' 1930

אין איינער אַ פרילינגדיקער נאַכט 1943 וועקט אונדז אויף אַ שיסערײַ. ס'קומט פֿאָר אַן אַקציע. מיר רײַסן זיך אַרויס אויף דער אַרישער זײַט.

איינער פון אונדזערע מענטשן אַנדערמאַן פון טריבוכאָוויעץ לעבן בוטשאַטש, וועלכער איז געכאַפּט געוואָרן פון אַן אוקראַינישן פּאָליציאַנט, כאַפּט אַרויס אַ רעוואָלווער און הרגעט דעם אוקראַינער אויפן אָרט, אָבער ער אַליין קומט אויך אום. די אַקציע ווערט איבערגעריסן. די ס.ס. און די אוקראַינישע פּאָליצײַ גרופּירן זיך לעבן דער זשאַנדאַרמעריע, זיי שטעלן זיך פֿאָר, אַז דאָס דערהרגענען אַן אוקראַינישן פּאָליציאַנט, איז אַ פּאַראָל צו אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין בוטשאַטש. מיר האָבן אָבער צו ווינציק געווער. אָבער שוין דער פאַקט אַליין פון דערהרגענען אַ פּאָליציאַנט האָט אַרויסגעריסן פון די דײַטשן און די אוקראַינער זייער זיכערקייט און אומגערירטקייט מצד די יידן. זיי הויבן אָן צו ריידן וועגן אַ שטאַרקער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

מיר באַקומען ידיעות, אַז די יידן אין בוטשאַטש וועלן ווערן אויסגעזידלט. מיר באַשליסן אַוועקגיין אין די וועלדער, אָבער זעען פֿאַר נויטווענדיק צו צעטיילן אונדזער כוח אויף עטלעכע גרופּן, וועלכע וועלן קענען אָפּערירן אין די טיפענישן פון די וועלדער, וועלכע ציִען זיך אויף אַ לענג פון איבער 500 קילאָמעטער. ביים צעטיילן אויף גרופּן, וועלן מיר קענען לייכטער אָפּערירן פון איין אָרט צום צווייטן אין פאַל פון אַ סכנה.

מיר שיקן אַרויס דריי גרופּן, וועלכע ווערן אַנטשפּרעכנד באַזאָרגט מיט מכשירים צו אויסבויען בונקערס. די ערשטע גרופּע, אונטער דער קאָמאַנדע פון ערדטראַכטער פון קאָראָפּיעץ איז אַוועק אין דער געגנט פון פּוזשניק. די צווייטע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון מיין פרוי גוסטאַ ווורמאַן איז אַוועק אין דער געגנט צווישן קאָראָפּיעץ און פּאָטאָק־זלאָטי אויף וואָדאָווע. דאָרט זענען פאַקטיש קלענערע וועלדער, אָבער דאָרט געפינען זיך ישובים פון אַזוי גערופענע „סובאָטניקעס" (אַ רעליגיעזע סעקטע), דאָס איז אַ גוטער עלעמענט מענטשן, מיט וועלכע מען קען זיין זיכער. די דריטע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון נודעלמאַן פון פּאָטאָק גייען אַוועק אין די סאָקאָלאָווסקער וועלדער אונטער פּאָטאָק־זלאָטי. נאָך 10 טעג בראָדיענדיק אין די וועלדער, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט אַנטוישטע און אָן אַ גלויבן אין עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. פֿאַר דער גאַנצער צייט פון זייער זיין אין וואַלד האָט געגאָסן אַ גוס־רעגן. איך פיר דורך אַ שמועס מיט לאָנעק האַרטנשטיין, וועלכער איז אויך דאָן געווען אין דעם מאַרש אין איינער פון די גרופּן. אויך ער האָט נישט געזען קיין מעגלעכקייטן צו אויסבאַהאַלטן זיך אין וואַלד און ער באַשליסט אַוועקגיין איבערן דניעסטער.

אין צווישנצייט קומט אָן אַ פֿאַראָרדענונג וועגן איבערזידלונג. מיר באַשליסן אַז אַ טייל גייט אַוועק אין וואַלד, און אַ טייל קיין קאָפּיטשיניעץ. איך פֿאָר מיט זיי קיין קאָפּיטשיניעץ און בינד אָן אַ קאָנטאַקט מיט דעם פֿאָרזיצער פון יודענראַט. איך געפין ביי אים אַן אויסדרוק פון פֿאַרשטענדיקונג פֿאַר אונדזער זאַך. איך גיב איבער

די אָנפירונג פון דער קאָפּיטשינצער גרופּע אין די הענט פון יולעק פישער און בילדנער, צו וועלכע עס שטייט אויך צו מיין ברודער מאַקס. מיר בלייבן נאָך אַ פּאָר טעג אין בוטשאַטש. אין איניקע טעג שפּעטער באַקום איך אַ מעלדונג פון פישערן, אַז מען אָרגאַניזירט די יוגנט פון קאָפּיטשיניעץ. זיי געפינען זיך מערסטנטייל אין וואַלד. אים איז געלונגען צו אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט אַ גרופּע געוועזענע רוסישע אָפיצירן, וועלכע אַרבעטן אויף דער אייזן־באַן־ליניע קאָפּיטשינצע — הוסיאַטין. שוין אין קאָפּיטשיניעץ שטעלן מיר פעסט, אַז אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אין איניקע וועלדער זענען די באַציונגען נישט קיין גינסטיקע, איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו איבערטראָגן זיך צו אונדז צוריק, אָדער פאַרקערט.

צוויי טעג נאָכן קריגן דעם בריוו פון פישערן, דערגרייכט צו אונדז אַ ידיעה וועגן אַ גרויסער אַקציע אין קאָפּיטשיניעץ. מיר פילן, אַז מיר טאָרן נישט פאַרבלייבן ווייטער אין בוטשאַטש און גייען באַלד אַרויס אין וואַלד. אין די וועלדער קומען אָן די רעשטלעך איבערגעבליבענע פון דער אַקציע אין קאָפּיטשיניעץ, מיט זיי אויך מיין ברודער מאַקס. פון זיי דערוויסן מיר זיך, פרטים וועגן דער אַקציע: אין איין פרימאָרגן איז דאָס גאַנצע שטעטל קאָפּיטשיניעץ פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אָפּטיילונגען פון ס. ס. אונדזערע מענטשן האָבן פּרובירט זיך אַדורכרייסן, אָבער בלויז איניקע איז דאָס געלונגען. ס׳זענען דאַן געפאַלן מער ווי 80 אונדזערע מענטשן און צווישן זיי אויך פישער און בילדנער.

מיר אָרגאַניזירן אַן אויסשפּירונג־דינסט, וועלכע ווערט אָנגעפירט פון מיין פרוי. אָפּט איבערגעטאָן אין פּויערישע קליידער, גייט זי אין דערפער און צוזאַמען מיט די ידיעות ברענגט זי אויך עסן. אין וואַלד איז פאָרגעקומען עטלעכע אָנפאַלן פון דער אוקראַינישער פּאָליציי אויף יידן, ס׳זענען פאַראַן קרבנות.

אין צווישנצייט הויבט זיך אָן אַ פּעריאָד פון דער פּאַרטיזאַנקע פון גען. קאָווּפּאַק. די ידיעות וועגן גרויסע פּאַרטיזאַנישע כוחות, וועלכע געפינען זיך אין דער געגנט און אויך קלאַנגען וועגן באַוואָפנטע יידן אין די וועלדער, נעמט אָפּ דעם ווילן ביי די פּויערים צו לאָזן זיך אין די וועלדער און כאַפּן יידן. אָבער אונדז גיט דאָס אַ גוטע מעגלעכקייט צו באַוועגן זיך מיט אַ בעסערער זיכערקייט. מיר באַגעגענען צוויי גרופּן פּאַרטיזאַנער פון קאָווּפּאַקס בריגאַדע. זיי קערן זיך אום צעשלאָגענע אונטער דעלאַטין. די ווייזן בכלל נישט אַרויס קיין שום ווילן צונעמען אונדז צו זיי. זיי ווילן נישט צונעמען קיין יידן אין זייער בריגאַדע.

ס׳דערנענטערט זיך דער ווינטער. מיר פּלאַנירן צו אויסבויען בונקערס. אָט די וויכטיקע אויפגאַבע נעמען אונטער צום אויספירן די ברידער קאַפּל. מוניאָ און איזיע ווייץ. די לענג פון אַ בונקער האָט 4 מעטער די לענג און 2 מיט אַ האַלבן מעטער די ברייט. מיר גראָבן אין דער טיף מער ווי 3 מעטער. אויף אַ הויך פון 2 מעטער

שטעלן מיר אויס סלופעס און אויף זיי בעלקעס, וועלכע דינען אַלס סופיט. אויף דעם סופיט לייגן מיר אַוועק שטרוי, בלעטער און אַן איינגעקוועטשטע שיכט ערד. אינעווייניק אין דער זעמליאַנקע איז דאָ פון ביידע זייטן פּריטשעס מיט אַ דורכגאַנג אין מיטן. צום סוף אַ שמאָלער קאָרידאָר, וועלכער ציט זיך אין דער הויך צום אַרויסגאַנג מיט אַ 2 מעטער פון דעם בונקער. דער אַרויסגאַנג איז איינגעקלאַפּט מיט רידלען די ערד. אין דרויסן איז דער בונקער זייער גוט פאַרמאַסקירט מיט גראָז, קוסטעס און קליינע בוימעלעך. איין בוימל דינט אויף אויפצוהייבן די קלאַפּע פונעם אַרויסגאַנג. אינעווייניק איז פאַראַן פּלאַץ פאַר 16 מענטשן. די צווייגן פון די בוימער זענען גוט אויסגעלייגט און פאַרמאַסקירט מיט ערד, אַזוי אַז זיי דינען אויך אַלס רערן, דורך וועלכע עס גייט אַריין לופט. די ליכט פון בונקער באַשטייט פון אַ שטייענדיקן לעמפּל.

ווינטערצייט, זענען מיר זעלטן אַרויס, כדי נישט איבערלאָזן קיין שפּורן אויפן שניי. מיטן צוגרייטן פּראָוויאַנט אויף אַ לענגערן פּעריאָד פאַרנעמען זיך די ברידער מוניאַ און איזיע ווייץ. זיי טוען דאָס גאַנץ אָפט ריזיקירנדיק מיטן לעבן.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן זענען מיר פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן דורך 600 ס.ס.־מענער, וועלכע זענען געקומען מיט 3 טאַנקן און האַרמאַטן. אונדז געלינגט פונדעסטוועגן אַרויסצורייסן זיך גאַנץ. אַן אַנדער גורל אָבער האָט געטראָפן אַ צווייטע גרופּע יידן, אין דער צאָל פון איבער 300. דאָס איז געווען אַ גרויסע גרופּע יידן פון אַ שטעטל, וועלכע האָבן אין וואַלד פאַרלייגט אַ גאַנץ שטעטל מיט קרוב פון אַ פּאָר צענדליק בונקערס. ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ גרויסע צאָל יידן מיט פיל בונקערס האָט נישט געקענט נישט באַמערקט צו ווערן דורך פּויערים און די דייטשן. די גרעסטע טייל פון זיי איז אוומגעקומען.

ס׳גייען אַוועק טעג און נעכט. אין די נעכט הערן זיך די עכאָס פון אַ שיסעריי פון האַרמאַטן. לאַסט־אויטאָס שלעפּן זיך מידע מיט אַנטלויפנדע דייטשן. דער פראָנט דערנענטערט זיך צו אונדזער געגנט. די וועגן זענען פול מיט דייטשער מיליטערישער טעכניק פון אַלע מינים, טאַנקן, שווערע און לייכטע אַרטילעריע, מאָטאָציקלען. אַלץ שלעפּט זיך אויפן שאָסיי בוטשאַטש — סטאַניסלאַוו. לעבן אונדזער וואַלד גייט אַדורך אַן אָפּטיילונג פון דער אונגאַרישער אַרמיי. אַן אויפהער באַשיסן זיי דעם וואַלד פון אַלע זייטן. זיי האָבן מורא פאַר פאַרטיזאַנישע אָנפאַלן. שפּעטער קומט אַ 12־שעה׳דיקער איבעררייס, ס׳ווערט שטיל. און נאָכער באַווייזן זיך שוין די ערשטע סאָוועטישע פּאַטרולן.

מיר קערן זיך אום קיין בוטשאַטש. יידן גייען אַרויס פון די בונקערס, פון די וועלדער, פון פאַרשידענע באַהעלטענישן ביים פּויערים און אויך די, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַרישע פּאַפּירן. מיר קלייבן זיך צונויף איבער 800 מאַן פון דער שארית־הפליטה און צווישן דער מאַסע געראַטעוועטע: מגר. י. מונזער, י. מאַנדעל, גוטשטיין, מיין פרוי, מיין ברודער מאַקס און איך. מיר זענען לעבן געבליבן, אָבער

ס׳פעלן צווישן אונדז זייער פיל. נאָך 10 טעג טרעט ווידער אָפּ די סאָוועטישע אַרמיי און מיט זיי אַ קליינע צאָל יידן, אפשר אַ 70 מאַן. די איבעריקע באַהאַלטן זיך ווידער אויס. ווען נאָך דריי חדשים שפּעטער, קערן מיר זיך ווידער צוריק, ווייזט זיך אַרויס, אַז פון יענע 800 געראַטעוועט יידן, איז פאַרבליבן בלויז אַ קליין הייפעלע, מער ווי אַ צענדליק. אין דער צייט זענען אומגעקומען פיל יידן, צווישן אַנדערע דער אַדוו. מגר. יולעק מאַנדעל און מגר. יחיאל מינצער, ביידע פון טאַלמיטש.

דאָס וואָס מיר האָבן געטאָן, זענען נישט געווען קיין גרויסע אויפטוען. זייער וויניק זענען מיר געווען און זייער שלעכט באַוואָפנט, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט שונאים: דייטשן, אוקראַינישע פּאָליציי, פיינטלעכע באַפעלקערונג. אין וואַלד, זענען מיר געיאָגט געוואָרן פון באַנדעראָוועצעס און א. ק.־אָוועצעס, אָבער דאָס איז געווען אַ קליינע ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע האָט מיט זיינע קליינע מעגלעכקייטן זיך קעגנ־געשטעלט דעם שונא, כדי נישט לאָזן זיך אויסשניידן, אויסנוצנדיק יעדע מעגלעכקייט פון רעטונג. דאָס האָט אָבער געפאָדערט אַן אויסערגעוויינלעכער מסירת־נפש, אַן איבער־מענטשלעכע אָנשטרענגונג פון די, וועלכע האָבן אויסגעקליבן דעם וועג פון ווידערשטאַנד. אַ פאַקט איז, אַז די וועלכע האָבן זיך נישט איבערגעגעבן פּאַסיוו דעם גורל האָבן איבערגעלעבט. טראַגיש איז דער גורל פון טויזנטער יידן פון דער טאַלמיטשער קהילה, אָבער אַ שיין בלעטל האָבן אַריינגעשריבן דאָס ביסעלע פון דער טאַלמיטשער שארית־הפליטה, וועלכע האָט אין די שווערסטע באַדינגונגען אויסגעהאַלטן די שווערע צייט און האָבן איבערגעלעבט.

דער גרויסער היסטאָריקער פּראָפ׳ שמעון דובנאָוו פאַרענדיקט זיין „געשיכטע פון יידישן פאָלק" מיט די פאָלגנדע ווערטער:

„אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט איז אויפן גאַנצן ערד־קיילעך געווען איבער 3 מיליאָן יידן. איצט, 100 יאָר שפּעטער — איבער 16 מיליאָן. דאָס יידישע פאָלק וואַקסט און קיין שום כוח קען דאָס וואַקסן נישט אָפּהאַלטן. עס זאָגט עדות וועגן דעם די גאַנצע געשיכטע פון יידן אין משך פון 4 טויזנט יאָר".

די דאָזיקע ווערטער זענען געשריבן געוואָרן גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער היטלעריזם האָט אָפּגעמעקט פון דער אויבערפלאַך 6 מיליאָן פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום, און צווישן אָט די 6 מיליאָן אויך עטלעכע טויזנט טאַלמיטשער יידן. זאָלן זיין די זכרונות וועגן די יידן פון דער טאַלמיטשער קהילה אַן אייביקער אָנדענק נאָך די אַלע, וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען על קידוש־השם.

שמעון דובנאָוו האָט זיך נישט טועה געווען. דאָס יידישע פאָלק האָט טאַקע באַצאָלט אַ טייערן פּרייז אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און צוזאַמען מיט די 6 מיליאָן יידן האָט אויך באַצאָלט מיט זיין לעבן זייער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו אַליין. אָבער דאָס אויפשטיין פון מדינת־ישראל, האָט גורם געווען די ווייטערדיקע

אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק און זעצט פאָר זיין לאַנגן היסטאָרישן המשך. די ווערטער פון שמעון דובנאָוו וועלן פאַרבלייבן אַלס אייביקער היסטאָרישער אמת.

## לאַנציע לעפאַלד
מילוואָקע — אַמעריקע

# דאָס קאַפּיטל טאָלמיטשער „באַנדע״

איך וועל דערציילן ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען די טאָלמיטשער „באַנדע״ און אין וועלכע אומשטענדן איר איז אויסגעקומען צו ווירקן.

נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין טאָלמיטש אין 1942, האָב איך און לייב פּעסיעס זיך אויסבאַהאַלטן אין הויז פון איציע קרויט. ס׳איז אָנגעקומען האַפּיוך און געוואָלט אונדז אַוועקנעמען. האָט דאָס דערזען קנאָבלוך און אונדז אָפּגעראַטעוועט פון זיינע הענט מיטן אויסרייד, אַז מיר אַרבעטן ביי אים. „חבר׳ה, האָט קנאָבלוך געזאָגט — אַנטלויפט!״

זעענדיק די לאַגע, זענען מיר אַוועק איבערן דניעסטער קיין פּאָטאָק־זלאָטי. דאָס שטעטל איז געווען נאָך אַן „אַקציע״. פון דאָרט זענען מיר אַוועק קיין בוטשאַטש. צוויי טעג האָבן מיר זיך געוואַלגערט, דאָרט האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אורציע צילער, וועלכער איז אַרויסגעשפּרונגען פון צוג בעת מען האָט געפירט די יידן קיין סטאַניסלאַוו.

די גרופּע האָט באַשלאָסן זיך האַלטן אין איינעם, — צוזאַמען טיילן דעם גורל. צו דער גרופּע איז אויך צוגעקומען זיסיע האַבער. מיר האָבן געשאַפן אַ געמיינזאַמע קאַסע. איך האָב דאַן פאַרמאָגט 3.000 דאָלאַר, וועלכע כ׳האָב אַרויסגעצויגן פון מיין מומע שיינדל בין, בעת איך האָב איר געטראָפן ליגן אַ דערשאָסענע.

נאָך אַ געוויסער צייט זענען צוגעשטאַנען צו אונדז אויך מוניע צילער און ציאַמע וויס, די טאָכטער פון משה שלמה מאַטלס, וועלכע איז געוואָרן אונדזער הויז־פאַרזאָרגערין און האָט פאַר אונדז געקאָכט.

אורציע צילער, וועלכער האָט פאַרמאָגט אָרגאַניזאַטאָרישע איינפאַלן און מוט, האָט אונדז פאָרגעלייגט אויפנעמען יעדן טאָלמיטשער צו דער גרופּע און אַזוי אַרום שאַפן אַ פאַרטיידיקונגס־איינהייט. מיר האָבן זיך דאַן געווענדעט צום פאָרשטייער פון יודענראַט אין בוטשאַטש, קראַמער, געבעטן ביי אים מאַטעריעלע הילף צום קויפן וואָפן. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז ער האָט אַ פאַרזיכערונג פון די דייטשן, אַז יידן פון זיין שטאָט וועט מען קיין שלעכטס נישט טאָן און אויב מיר ווילן, קענען מיר דאָרטן פאַר־

בלייבן. ער האָט אונדז אָבער געבעטן קיין בונטן נישט צו אָרגאַניזירן. מיר זענען אַוועק מיט גאָרנישט.

מיר אַליין האָבן באַזאָרגט דריי רעוואָלווערן, אויפגעהאַלטן זיך אין בוטשאַטש ביז אַ געוויסער אַקציע. פון דאָרט זענען מיר אַוועק קיין פּאָטאָק זיך אויסבאַהאַלטן. שפּעטער פון דאָרט ווידער קיין בוטשאַטש. נאָכן גרויסן חורבן, האָבן מיר זיך ווידער געווענדעט צום יודענראַט וועגן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד. ליידער אָבער איז דער צוזאַמענשטויס מיטן יודענראַט געווען דאָס מאָל נאָך שאַרפער. ד״ר זייפער האָט אונדז אַפילו געדראָט און מיר זענען ווידער אַוועק.

אין אַ געוויסן טאָג זענען צו אונדז אין דער וווינונג אין וועלכער מיר זענען געווען פאַרשטעקט, אַריין צוויי יידישע פּאָליציסטן, און איינער פון זיי דער טרויעריק־באַרימטער „רויטער״ מאַקס און אונדז אויפגעפאָדערט צו געבן צוויי פון אונדזער גרופּע צו גיין אויף אַרבעט אין לאַגער באַרקי וויעלקיע (לעבן טאַרנאָפּאָל). מיר האָבן זיך קעגנגעשטעלט און אין אַ געוויסן מאָמענט האָט אורציע פאַרשפּאַרט די טיר, אַרויס־געצויגן דעם רעוואָלווער און געדראָט, אַז אויב זיי וועלן זיך גלייך נישט פאַרנעמען, וועלן זיי קיין לעבעדיקע נישט אַרויס. זיי זענען אַוועק. מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער, זענען זיי ווידער געקומען, דאָס מאָל אין באַגלייטונג פון דעם יידישן קאָמענדאַנט פון אָרדענונגס־דינסט, אַלברעכט. עס איז געקומען צו אַ שאַרפן קאָנפליקט. מיר האָבן אַלברעכטן אַרומגערינגלט, אים אַטאַקירט, לייב פּעסיעס האָט אַרויסגעצויגן זיין קצבישן מעסער. דאָס דערזעענדיק, האָט אַלברעכט זיך צוריקגעצויגן, פאַרזיכערנדיק אונדז צו לאָזן צו רו. אורציע האָט געגעבן זיין לעצטע וואָרענונג: אויב אימעצער פון די יידישע פּאָליציסטן וועט וואַגן נאָך אַמאָל קומען, אָדער אָנרירן, וועלכן עס איז טאַלמיטשער ייד, וועלן זיי באַצאָלן מיטן לעבן. פון יענער צייט האָט זיך אין דעם זין די לאַגע פאַרבעסערט.

די גרופּע האָט אַרויסגערופן אויף אייניקע אַ פּחד און פאַראַכטונג, זעענדיק אין זיי אַלדאָס בייז. אַנדערע ווידער האָבן אָפּגעשאַצט און רעספּעקטירט די דאָזיקע זעלבסט־שוץ גרופּע. אמת, נישט צו לייקענען, מיר האָבן געגנבעט, באַפאַלן מאַגאַזינען און באַהעלטענישן פון גוט־סיטואירטע יידישע בירגער, כדי מיר זאָלן זיך קענען דערהאַלטן. ביי אַלע אַנגרייפערישע מיטלען, האָבן מיר נישט פאַרלוירן דעם מענטשלעכן פּרצוף.

וועגן אונדז, זענען געוויר געוואָרן די אָרטיקע קריסטלעכע פּראָפעסיאָנעלע גנבים. זיי האָבן דערפילט אַ געוויסע נאָענטקייט צו אונדז און נישט זעלטן צוויסן געגעבן, אַז עס דראָט די געפאַר פון אַקציעס און אונדז אויך געהאָלפן מיט וואָפן.

בעת איינע פון די לעצטע אַקציעס אין בוטשאַטש, ווען פּאָליציסטן האָבן שטרענג באַוואַכט, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן, האָבן מיר אָפּגעגעבן וואָרנונג־שאָסן — דאַן האָט אורציע זיך דערנענטערט צום אוקראַאינישן פּאָליציסט און אַנגעהויבן שיסן, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט אַדורכרייסן פון פאַרצוימטן קרייז.

צוביסלעך האָבן די יידן אָנגעהויבן זען אין אונדז אַ קאַמפּס־גרופּע און נישט קיין איבערפאַל־באַנדע. מיט דער ליקווידאַציע פון יידישן קוואַרטאַל אין בוטשאַטש, האָבן מיר באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין קאָפּיטשיניעץ אין די וועלדער. אויך דאָרט האָבן אַ טייל אונדז אויפגענומען און אַנדערע האָבן אונדז פאַראַכטעט. נאָך צוויי טעג איז אויך דאָרט פאָרגעקומען אַ בלוטיקע אַקציע, אין וועלכער עס זענען אומגעקומען פון אונדזער גרופּע א. אַפּאַטשינסקי, דוניע צילער און מוניע צילער. דאָס איז פאָרגעקומען בעת מיר האָבן געשפּרונגען איבער אַ פּלויט. איך האָב באַוויזן אַריבערשפּרינגען, אַפּאַטשינסקי איז דערשאָסן געוואָרן אויפן פּלויט און דוניע אַראָפּשפּרינגענדיק, האָט זיך געוואָרפן אויפן פּאָליציאַנט, געכאַפּט זיין געווער און אים דערשאָסן. אַ צווייטער פּאָליציסט האָט באַוויזן אַדורכלעכערן דוניעס קערפּער מיט צענדליקער קוילן.

אין צווישנצייט איז פאָרגעקומען נאָך אַן אַקציע און אונדזער פּלאַן ווידער צוריקציין קיין בוטשאַטש, איז נישט געלונגען. מיך האָט מען געכאַפּט אַ האַלב אָנגע־טוענעם און אַוועקגעפירט אין קרימינאַל.

אויפצומאָרגנס, זענען אַריין אַ גרופּע אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן מיט אַן אָבער־שטורמפירער אין שפּיץ, אויסגעקליבן אין טורמע 40 יונגע מענטשן, מיך צווישן זיי, און געהייסן מאַרשירן ביז לעבן וואַלד. אין צוויי שיכטן צו 20 האָבן מיר אָנגעהויבן גראָבן גריבער. איך און נאָך אַ ייִנגל, האָבן אויסגענוצט אַ באַשטימטע געלעגנהייט און אָנגעהויבן לויפן טיף אין וואַלד. מען האָט אונדז נאָכגעשאָסן, מיין חבר האָט באַקומען אַ קויל אין האַנט. נאָך אַ טאָג שפּאַנען איבערן וואַלד, מידע און הונגעריקע, האָבן מיר פון וויטן דערזען אַ פייער. צוקומענדיק אַ הינצו האָבן מיר באַמערקט נעבן פייער אַ שלאָפנדיקן פּויער. מיר האָבן אים אויפגעוועקט און דערציילט, אַז מיר זענען יידן. ער האָט אונדז געגעבן צו טרינקען אַ ביסל זויער־מילך און געבראַכט צו זיך אַהיים. מיר האָבן געהאַט אַביסל פאַרדאַכט און פּחד, אָבער שפּעטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז דער סאָלטיס פון דאָרף. דין ווייב האָט אונדז אָפּגעקאָכט אַ קאַלעשע און געהייסן פאַרבלייבן. נאָך דריי טעג, האָט אונדז די פּויערטע אָפּגעפירט דורך די פעלד־וועגן ביז דער סטריפּע, אונטער אַ באַרג לעבן יידישן בית־הקברות, פון דאָרט אין אַרבטעס־לאַגער פון בוטשאַטש.

אורציען האָב איך מער נישט געזען. ער איז אַוועק אין וואַלד. ער האָט מיט זיך באַוויזן מיטצונעמען נאָך 40 יידן.

דאָס איז מער־ווייניקער דאָס טרויעריקע קאַפּיטל פון דער טאַלמיטשער „באַנדע". אורציען דערמאָן איך ווי אַ נאָבעלן מענטש, וועלכער האָט געזאָרגט נישט נאָר פאַר זיך נאָר אויך פאַר זיינע מיטליידנדיקע חברים. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז אורציע צילער איז מיטגעאַנגען מיט קאָוופּאַקס פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד.

**באַמערקונג פון דער רעדאַקציע:**

די צוגעהעריקע צו דער „באַנדע", זענען געווען אַ גרופּע מינדעריאָריקע ייִנגלעך, אויסער זייער אָנפירער אורציע צילער.

וועגן דער „באַנדע", זענען פאַראַן פאַרשידענע ווערסיעס — אויך זייער נעגאַטיווע מיינונגען וועגן זייער ראָל.

דער עדות ל. לעפעלד איז דער איינציקער צווישן די לעבנגעבליבענע פון דער גרופּע. מיר האַלטן דעריבער פאַר וויכטיק צו ברענגען זיינע עדות־דערקלערונגען.

זאָל דאָס בלייבן אַן אָפענער רינג אין דער קייט פון אומקלאָרע עפּיזאָדן אין יענער טראַגישער תקופה.

שלמה בלאַנד

# טאָלמיטש נאָך דער באַפרייונג

אין מערץ 1944 איז באַפרייט געוואָרן טאָלמיטש פון די נאַציס, אָבער אין אַפּריל איז די שטאָט ווידער אָקופּירט געוואָרן פון דער דייטשער אַרמיי.

דער פראָנט האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אובאַרטין און בלויז דעם 25־טן יולי 1944 איז די שטאָט ענטגילטיק באַפרייט געוואָרן. דעם זעלבן טאָג האָבן מיליטערישע אָפּטיילונגען פון דער סאָוויעטישער אַרמיי אַריינמאַרשירט אין שטאָט און איך מיט מיין משפּחה זענען אין די אָוונט־שעה׳ן אַרויס פונעם בונקער, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם הויף פון פויער קשעמינסקי אין יאַצקוווקע, און מיר זענען אַוועק אין שטאָט, כדי צו געפינען זיך נענטער צו די סאָוויעטן. די ערשטע נאַכט האָבן מיר גענעכטיקט אין הויז פון דער פאַמיליע דומבעק. זיי האָבן אונדז אויפגענומען מיט ציטער אויס פּחד, טאָמער וועלן די דייטשן זיך צוריקקערן און זיי וועלן געפינען יידן ביי זיי אין שטוב.

אויף די פעלדער האָבן מיר געפונען די טויטע קערפּערס פון צענדליקער געפאַלענע רוסישע זעלנער, וועלכע זענען געלעגן צעשפּרייט אַרום און אַרום מיט זייער געווער אויף זיי. אויף צומאָרגנס האָט מען אַראָפּגעשלעפּט די זאַכן פון די טויטע זעלנער און אויך זייער געווער איז פון זיי פאַרשוווּנדן. דאָס איז געווען די אַרבעט פון די באַנדעראָווצעס וועלכע האָבן געוווינט אין די דערביאיקע דערפער. די טויטע זעלנער האָט מען באַגראָבן. אויפן וועג צו דער שטאָט האָבן מיר באַגעגנט 2 אויטאָס, אין וועלכע ס׳זענען געזעסן סאָוויעטישע באַאַמטע, ציוויל געקליידעט און זיי זענען געקומען איבערנעמען די מאַכט אין שטאָט. אייניקע פון די באַאַמטע האָב איך געקענט, צווישן זיי האָב איך דערקענט דעם לייטער פון דעם פינאַנס־אָפּטייל ווערבניאַק. ער האָט מיך באַלד דערקענט און זיין ערשטע פראַגע איז געווען: בלאַנד, דו לעבסט? ווען מיר זענען געקומען אין אונדזער הויף אין יאַצקוווקע, האָבן דאָס הויז געפונען פּוסט. אינעווייניק איז געווען ליידיק. מ׳האָט אונדז

דערציילט, אַז די דייטשן האָבן דאָס הויז פאַרוואַנדלט אין אַ פעלד־שפּיטאָל. דערנעבן איז געווען אַ גרויסער בית־הקברות מיט הונדערטער גוט קולטיווירטע קברים. די סאָוויעטן האָבן שפּעטער די קברים באַזייטיקט.

די שטאָט איז געווען חרוב, און אַלע יידישע געוועלבער זענען געווען פּוסט און פאַרשלאָסן. די דירות מיטן אויסנאַם פון אייניקע, אין וועלכע ס׳האָבן געוווינט קריסטן — זענען געווען ליידיק. מיר זענען אַריין אין הויז פון דער משפחה זילבער, ווו ס׳האָט געלעבט דער פאָלקס־דויטש קנאָבלוך, וועלכער איז אַנטלאָפן צוזאַמען מיט דער אָפּטרעטנדער דייטשער אַרמיי. ס׳איז נישט געווען קיין שפּייז־פּראָדוקטן און מיר האָבן באַקומען אונדזער שפּייז פון דער סאָוויעטישער קיך. אין אַ גרויסער צייט שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פּויערים פון די דערבייאיקע דערפער, וועלכע זענען געקומען אין שטאָט צו פאַרקויפן זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטיקלען. ס׳האָבן זיך באַוויזן אייניקע יידישע משפחות וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע און צווישן זיי אויך: חיים אינזליכט, חיים באַלטוך, שלמה קניפּל, מינע מינצער, דער צאָן־טעכניק גוטשטיין, דאָראַ שוואַרץ, אַדעלאַ קרוס, דבורה דאַלער — (די פּרוי פון דעם ציין־אַרצט), אויך אַ משפחה פון ניזשניוו בוכוואַלד שפּעטער האָט זיך אויך באַוויזן פּרץ שפּרעכמאַן, מאַניע סופר (שפּערכמאַן), סאַניע קערנער (פּראַלאַ) און אַנדערע.

איך האָב באַקומען אַרבעט אין „גאַס־באַנק״ (מלוכה־באַנק). אין איינע פון די טעג האָט מיר דער בריוו־טרעגער געבראַכט אַ זאַק מיט פּאָסט פון רוסלאַנד פון די טאָלמיטשער יידן, וועלכע זענען בשעתו אַהין אַנטלאָפן. אין דעם פּאָסט־זאַק האָבן זיך געפונען בריוו, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן נאָך אין יאָר 1943 און אויך בריוו פון דער לעצטער צייט. אָבער צום גרויסן באַדויערן האָט מען די בריוו נישט געקענט אָפּגעבן צו די אַדרעסאַטן, ווייל די משפחות צו וועלכע עס זענען געשיקט געוואָרן די בריוו זענען שוין ליידער נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

אין שטאָט האָט געהערשט אַ שפּאַנונג. די באַנדערישע כנופיות האָבן אָנגעהויבן אנפאַלן אויף סאָוויעטישע אַמטן און זיי האָבן אפילו אַטאַקירט אָפּטיילונגען פון דער אַרמיי. יעדע נאַכט האָבן זיך געהערט שיסערייען און אויפרייסן.

מיר האָבן זיך געפונען אין אַ פּחד. די סאָוויעטישע מיליץ און נ.ק.וו.ד. האָבן זיך באַפעסטיקט הינטער אַ צוים פון שטעכל־דראָט. אין גאַס האָט יעדער בירגער געטראָגן געווער. מ׳האָט געבראַכט גרויסע מיליטער־אָפּטיילונגען, וועלכע זענען געווען גוט באַוואָפנט און זיי האָבן אָנגעהויבן שטאַרק אַטאַקירן די באַנדעראָווצעס, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אָלשער וועלדער. אַלע פּויערים פון דאָרף האָט מען אַריבערגע־פירט קיין טאָלמיטש און מ׳האָט זיי איינקוואַרטירט אין דעם בנין פון דער לייי־קאַסע. אין איינע פון די נעכט, האָבן גרויסע באַנדעס פון באַנדעראָווצעס אַטאַקירט די שטאָט, זיי האָבן אויפגעריסן אַ טייל פון דער באַפעסטיקטער תפיסה, אָבער דערביי זענען אויך

דערהרגעט געוואָרן איניקע פאָלקס־דויטשן און אוקראַינער, וועלכע זענען אַרעסטירט געוואָרן פון דער נ.ק.ו.ד. אַ גרויסער טייל פון די אַרעסטירטע האָבן זיי באַפרייט. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע נאַכט, באַזונדערס פאַר די יידן.

אויף צומאָרגנס האָבן אונדז באַזוכט יידישע סאָוויעטישע זעלנער און האָבן אונדז געראָטן, אַז מיר זאָלן נישט ווינען צוזאַמען אין איין הויז, ווייל עס דראָט אַ סכנה. די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אויפגעהאַנגען אַ 2—3 אוקראַינער, בכדי צו אָפּשרעקן די באַנדעראָווצעס אויס וואָרענונג למען יראו. אַזוי האָבן די סאָוויעטן געטאָן אין שטאָטישע ישובים; אויך אין טאָלמיטש האָט מען אויפגעהאַנגען אויפן „רינגפּלאַץ״ צוויי יונגע מענער אין אַ מיטוואָכדיקן טאָג אַנטקעגן דאָס הויז פון זאַמלער. די פּויערים, וועלכע זענען געקומען מיטוואָך אין שטאָט, זעענדיק דאָס בילד, זענען באַלד אַנטלאָפן געוואָרן צוריק צו זייערע היימען. דריי טעג זענען געהאַנגען די טויטע קערפּערס. איך וויל דערמאָנען, אַז דורך טאָלמיטש זענען אַדורכגעגאַנגען טשעכישע זעלנער פון דער טשעכישער אַרמיי, וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט אין רוסלאַנד, און צווישן זיי יידישע זעלנער, וועלכע האָבן מיט טרערן אין די אויגן אויסגעהערט די טראַגישע געשיכטעס וועגן גורל פון די יידן אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. זיי האָבן אונדז געגעבן אַלס מתנה קאָנסער־ווירטע שפּייז־פּראָדוקטן און זייף.

דאָס לעבן האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן, ס׳האָט זיך באַנייט דער האַנדל אין שטאָט, אָבער דאָ, האָט ווידער פּלוצלינג פּאַסירט אַן אומגליק: מיין שוואָגער פּרץ שפּרעכמאַן, וועלכער האָט געלעבט אין סטאַניסלאַוו איז געכאַפּט געוואָרן צוזאַמען מיט חיים אינזליכט דורך די באַנדעראָווצעס, מ׳האָט זיי אַוועקגעשלעפּט אויפן וועג צוריק קיין סטאַניסלאַוו, אַוועקגעפירט אין די פּאַלאַהיטשער וועלדער און זיי דערמאָרדעט. די דאָזיקע שרעקלעכע ידיעה האָט מיר איבערגעגעבן לייזער בוכוואַלד, וועלכער איז דאַן געפאָרן מיט זיי צוזאַמען אויפן וואָגן, אָבער ער האָט מצליח געווען אין דער לעצטער רגע אַראָפּשפּרינגען פונעם וואָגן און אַנטלויפן. נאָך דעם אומגליק האָבן די טאָלמיטשער יידן פאַרלאָזט די שטאָט און האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין סטאַניסלאַוו. איך האָב אַוועקגעשיקט מיט מיין פרוי די קינדער פון דערמאָרדעטן אינזליכט קיין סטאַניסלאַוו. איך בין נאָך געווען געצוווּנגען צו פאַרבלייבן אויף מיין אַרבעטס־פּלאַץ אַ לענגערע צייט און איך האָב זיך ערשט באַפרייט פון דער אַרבעט אין פעברואַר 1945, ווען ס׳איז פּובליקירט געוואָרן דער געזעץ וועגן דער רעפּאַטריאַציע פון געוועזענע פּוילישע בירגער קיין פּוילן.

אין אַפּריל 1945 האָב איך פאַרלאָזן סטאַניסלאַוו צוזאַמען מיט מיין משפּחה און איך האָב אויך מיטגענומען מיט זיך די קינדער פון חיים אינזליכט.

בלאַנד שלמה

# דער געטאָ־יודנראַט

בעת איך וועל דערציילן וועגן דער טעטיקייט פונעם יודנראַט אין געטאָ טאָלמיטש, וויל איך באַמערקן, אַז דאָס רוב ידיעות האָב איך באַקומען פון מענטשן, וועלכע האָבן געוווינט אין געטאָ און פלעגן פון צייט צו צייט אַריינקומען צו מיין פאַמיליע, צו די שפּרעכמאַנס, וועלכע האָבן געוווינט אויף דער יאַצקוווקע און באַטראַכט געווען אַלס לאַנדווירטן. די יידישע לאַנדווירטן אין אַלע דערפער אַרום טאָלמיטש, האָבן באַקומען פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע אַ דערלויבעניש, אַז זיי מעגן וווינען אין זייערע ווירטשאַפטן, ווי אויך באַאַרבעטן די פעלדער. דאָס האָט געדויערט ביז אויגוסט 1942, ווען אַלע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין געטאָ.

נאָכן פאַרלאָזן די שטאָט דורך דער סאָוויעטישער מאַכט אין יולי 1941, איז די שטאָט געוואָרן אָקופּירט פון אונגאַרישע מיליטער־טרופּן. צו יענער צייט האָבן פרייוויליק זיך געמאָלדן צום דינסט פון פאַרטרעטן די יידישע שטאָט־אינטערעסן עלע רעדנער און משה־מענדל בילדנער. אין 2—3 וואָכן שפּעטער זענען פון סטאַניסלאַוו אַראָפּגעקומען די געסטאַפּאָ און איבערגענומען די מאַכט. זייט דאַן האָט קיין ייד נישט געוואָגט זיך ווייזן אין גאַס. צופעליק איז חיים ריצער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, באַקומען ביי אים אינפאָרמאַציעס און אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן חיים ריצערס וויטערדיקער קאָנטאַקט מיט דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט אין רעזולטאַט געפירט צו דער נאָמינאַציע פון ריצערן, אַלס קאָמענדאַנט פון דער יידישער אָרדענונגס־דינסט אין שטאָט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט אויך חיים ריצער פאָרגעשלאָגן ד״ר שטיינבערג אַלס דעם עלטסטן פונעם יודנראַט.

דעם פערזענלעכן צוזאַמענשטעל פון יודנראַט, האָב איך גענוי נישט געקענט, אויסער שטיינבערגן און זיין פאַרטרעטער הערצל שפּירער, ווי אויך דער ברודער פון ד״ר שטיינבערג, וועלכער איז געקומען פון אָטיניע און זיך באַזעצט צו יענער צייט אין טאָלמיטשער געטאָ.

וועגן דער טעטיקייט פון יודנראַט האָבן מיר געהערט, אַז יעדן טאָג מוזן זיי צושטעלן מענטשן צו די פאַרשידנסטע אַרבעטן ווי אויך צושטעלן דער געסטאַפּאָ פאַרשידענע סחורות און פּראָדוקטן ווי קאַווע, טיי, קאַקאַאָ, ווי אויך קאָמעלגאַרן־שטאָפּן, פעלצן, פוטער, גאָלד־מטבעות און צירונג.

קיין לייכט לעבן האָבן אויך די יודנראַטלער נישט געהאַט. אפילו ד״ר שטיינבערג, איז דורכן געסטאַפּאָ־שעף קריגער געשלאָגן געוואָרן מיט דער רייט־בייטש און געטריבן

געוואָרן לויפן אַהין און צוריק אַלס שטראָף פאַרוואָס ער האָט פאַרשפעטיקט זיך צושטעלן צו דער צייט לויטן באַפעל פון דער געסטאַפּאָ.

דער אַמט פון יודנראַט האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון „באַראָן הירש" שולע. דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער מאַגאַזין פון די פּראָדוקטן אין דער דיספּאָזיציע פון יודנראַט אין וועלכער שפּיץ איז געשטאַנען דער ברודער פון שטיינבערגן.

וועגן דער אויפפירונג פון יודנראַט בעת די אַקציעס, האָב איך געהערט פון אַנטלאָפענע, וועלכע האָבן דערציילט, אַז ביי דער ערשטער אַקציע האָט מען אַוועקגעפירט 150 יונגע מענטשן קיין לעמבערג אין לאַגער יאַנאָוו. ווען מען האָט נישט געקענט נאָכ־קומען דעם אָנבאָט, דערפילן דעם קאָנטינגענט, דאַן איז הערצל שפּירער אין באַגלייטונג פון געסטאַפּאָ־לייט אַרויסגעפאָרן אויף דער יאַצקעווקע מיטן צוועק צונעמען די מענער פון די פאַמיליעס שפּרעכמאַן און פּיפּער. אויסער די פרויען האָט מען קיינעם נישט געטראָפן. מערדערלעך האָט מען דאַמאָלסט צעשלאָגן די פרוי פּיפּער צערייסנדיק אויף אַ ספר־תורה, וועלכע האָט זיך דאָרט געפונען.

די ווייטערדיקע גרויסע אַקציע, איז דורכגעפירט געוואָרן אין פרילינג 1942. דער יודנראַט האָט אויפגעפאָדערט מען זאָל זיך פרייוויליק מעלדן צו דער „איבערזידלונג" אין אַנדערע ערטער אין טיף פּוילן ווו מען וועט קענען „רואיק אַרבעטן", און לעבן. עס איז דערלויבט געווען מיטנעמען קליידער און ווערט זאַכן. דער זאַמל־פּונקט, איז געווען אין דער פּוילישער־שול. ווען אָבער די צאָל פרייוויליקע איז געווען נישט גענוג, האָט דער יודנראַט מיט דער הילף פון דער אָרדענונגס־דינסט אָנגעהויבן אַרויסנעמען מענטשן פון זייערע וווינונגען מיט כוח. אייניקע האָבן זיך באַהאַלטן, אַנדערע אַנטלאָפן. דער רוב פון די אַרויסגעפירטע, זענען געווען פון די אָרעמע שיכטן, משפחות מיט פיל קינדער.

טאָג איין טאָג אויס, פלעגט דער יודנראַט צושטעלן די אַרויסגעפאָדערטע צאָל מענטשן צו דער אַרבעט. מיט דער אַרבעט האָט אָנגעפירט דער פאָלקס־דייטש שיינקעניג.

צוויי מאָל איז אויפן יודנראַט אויך אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ קאָנטריבוציע, וועלכע האָט אויך אַרומגענומען די יידן פון די אַרומיקע דערפער.

בעת דער געטאָ איז הערמעטיש אָפּגעשלאָסן געוואָרן, האָט דער יודנראַט געהאַט די פליכט צושטעלן לעבנס־מיטלען פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. די אַדמיניסטראַ־טיווע באַהערדן פלעגן צושטעלן ברויט, מעל, קאַרטאָפל און מאַגער־מילך. דאָס אַלץ אין אַ זייער קליינעם קוואַנטום. ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קיך פון וועלכער עס האָבן גענאָסן די אָרעמסטע, ווי אויך יענע וועלכע האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ. אין געטאָ האָבן זיך אויך געפונען אַ צאָל אַנטלאָפענע פון סטאַניסלאַוו, אָטיניע און טיסמעניץ.

אין אויגוסט 1942, איז אונדזער משפחה געקומען אין געטאָ און האָבן מיטגעבראַכט

2 פעסער זויער־קרויט און אוגערקעס, וועלכע מיר האָבן איבערגעגעבן דער קיך. מיט דער קיך האָט אָנגעפירט איציע קרויט, וועלכער האָט מיך צוגענומען, אַלס געהילף אין קיך, אויסטיילן דאָס עסן. מען פלעגט קאָכן אַ גרויסן קעסל זופּ פון מאַסלינקע מיט קאַרטאָפל, אָדער האַפערפלאָקן. צוויי מאָל אין וואָך, האָבן די וועלכע האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ באַקומען אויך פלייש צו מיטאָג.

ווי טרויעריק איז געווען דאָס בילד — יונג און אַלט שטייען אין ריי, וואַרטן אויפן לעפל זופּ, נישט איינמאָל האָט מען געמוזט אָוועקגיין מיט גאָרנישט, ווייל די זופּ האָט נישט פאַר אַלעמען געגנוגט.

דער יודנראַט האָט אויך אָרגאַניזירט אַ שפּיטאָל וואָס איז באַשטאַנען פון אייניקע בעטן. דער צוועק איז געווען, נישט היילן נאָר פאַרהיטן די געזונטע טייל פון דער באַפעלקערונג פון דער טיפוס־עפּידעמיע.

ווער עס זענען געווען די דאָקטוירים איז מיר אויך נישט באַקאַנט. צווישן אַנדערע איז דאָרט אויך געשטאָרבן ד״ר ראָזנקראַנץ. געווען אויך — אַז אָך און ווי — אַ קינדער־היים אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען 12—15 קינדער אָן עלטערן. מיט די קינדער, האָבן זיך פּריוואַטלעך באַשעפטיקט אייניקע פרויען צווישן זיי שייע רעדנערס פרוי. אין געטאָ האָט אויך עקזיסטירט אַ „הילפס־קאַסע״, וועלכע פלעגט דיספּאָנירן מיט זייער קליינע סומעס פאַר יענע אָרעמסטע, וועלכע האָבן צומאָל נישט פאַרמאָגט די פאַר גראָשן אויף צו קויפן דאָס שטיקל צוגעטיילטע ברויט. ווי איך האָב געהערט איז דאָס געווען אַ פאָנד פון אַ צענטראַלער הילפס־קאַסע.

יעדן טאָג איז דאָס געטאָ געוואָרן אינספּעקצירט פון דער קרימינאַל־פּאָליציי צווישן זיי דער טרויעריק באַרימטער מערדער באַנדראָווסקי. ביי יעדן באַזוך פלעגט ער איבערלאָזן אייניקע דערשאָסענע.

אין די קורצע פיר וואָכן פון מיין זיין אין געטאָ, האָב איך יעדן טאָג אויפן זאַמל־פּלאַץ געזען גרויסע רייען מענטשן צו דער אַרבעט. שטיינבערג און הערצל שפּירער, האָבן קיינמאָל נישט אויסגעפעלט. שטיינבערג פלעגט אָפט זיך באַדינען מיט אַ „שטעק־קעלע״, אַזוי אַזוי אַרום געהאַלטן „אָרדענונג״ אין די רייען פון די געזאַמלטע גרופּן. מענטשן פלעגן פּרווון איבערלויפן פון איין אַרבעטס־גרופּע צו אַ צווייטער, וועלנדיק אָנקומען צו אַן אַרבעטס־פּלאַץ, וווּ מען האָט געהאַט אויסזיכטן צו באַקומען בעסער עסן און אפשר קענען עפּעס מיטברענגען דער משפחה.

די אַקציעס פלעגן שטענדיק פאָרקומען אין דער פרי ווען די מענטשן האָבן זיך געזאַמלט צו דער אַרבעט, אָדער נאָכן אַרויסגיין צו דער אַרבעט. ווי אָפט ווען מען פלעגט פון דער אַרבעט זיך צוריקקערן אין געטאָ האָט מען שוין נישט געטראָפן די פרויען, קינדער אָדער עלטערן.

אומאויפהערלעך פלעגט מען איבערפירן די טויטע פון געטאָ אויפן בית־הקברות.

צו דער אַרבעט פלעגן גיין דער רב ר׳ איציעלע האָגער און סרול הערש האַלער און נאָך אייניקע יידן.

אין אַקציע האָב איך בייגעווינט זייענדיק אין קיך נאָך מיט אייניקע פרויען. פון אַלע זייטן, האָט מען געטריבן מענער, פרויען, קינדער אונטער דער לייטונג פון בעצירקס הויפטמאַן דאָפלער. זיי זענען אויך אַריין אין קיך, דערוויסנדיק זיך, אַז מיר גרייטן עסן פאַר די וואָס אַרבעטן אין „דרויסן״, האָבן זיי אונדז צורו געלאָזט. ביי דער אַקציע האָב איך קיינעם פון יודנראַט נישט געזען, אויך די אָרדענונגס־דינסט און פּאָליציסטן זענען מיר געוועז אומבאַקאַנט. אין די דאָזיקע אַקציעס האָב איך אויך פאַרלוירן מיינע צוויי זין. ביי דער גרויסער אַקציע בין איך אַנטלאָפן פון געטאָ קיין בוטשאַטש, דאָרט געטראָפן חיים ריצער, וואָס באַווייזט, אַז ער האָט פון דער אַקציע פריער געוווסט. מיט דער לעצטער אַקציע איז אויך ד״ר שטיינבערג אַוועקגעפירט געוואָרן.

# טאָלמיטש — 1974

די שטאָט — דערציילט נ. רינצלער — איז שווער צו דערקענען. אויסער דעם וואָס אַלץ איז צעשטערט, זעט אויס דאָס פאַרבליבענע ווי קלענער געוואָרן, אַ מיניאַטור פון אַמאָליקן. די באַן (לאָקאַלקע) קורסירט נישט מער.

פון די הייזער אין רינג־פּלאַץ, זענען פאַרבליבן בלויז צוויי הייזער, די פון פּיניע ריזל און זיסיע שוואַרצבאַרד. קעגנאיבער גאָטליבס אַריינפאָר־הויז, איז אויסגעבויט אַ גרויסע פיר־שטאָקיקע שול־געביידע, דער אויסבליק איז פריי, נישטאָ מער די „מעקסיקע.״ פון וויטן זעט זיך נאָר יאַשינסקיס הויז.

דער מאַרק־פּלאַץ אָפּגערוימט. טיילן פון שאַנקאָווסקיס אַפּטייק, איז פאַרבליבן. פון דאָרט אַ פרייער פּלאַץ ביז די סטאַווישטשעס. עס שטייט נאָך די געביידע פון דער פוילישער שול. דער „סאָקאָל״ איז רעסטאַוורירט געוואָרן, דער פּאַרק פאַרנאַכלעסיקט. די סלאָוואַצקי־גאַס איז פאַרבליבן גאַנץ. טיילוייז די וויעזשבאָווא גאַס. דער פוילישער קלויסטער איז איינגעפאַלן. עס שטייט נאָך גאַנץ די קאַפּליציע אין ווינקל צווישן שוועפּל־גייסט׳ס און אָרלאָווסקיס הויז.

די גרויסע שול איז געבליבן גאַנץ, אין איר זענען איינגעאָרדנט געוואָרן וואַרשטאַטן. דאָס אַלטע בית־הקברות אָפּגעמעקט. דאָס נייע בית הקברות צעשטערט. מיט די מצבות האָט מען אויסגעפּלאַסטערט די סלאָבע. ביז היינט איז נאָך מערקבאַר די נעמען אויף די מצבות.

די קאָליניצער גאַס איז געבליבן, ווי אויך דאָס נייע אוקראַיניע קלויסטער.

טאָלמיטש איז מער נישט צו דערקענען.

# די גרינדונג פון אונדזער פאַרבאַנד

די טאָלמיטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל איז געגרינדעט געוואָרן ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָך דער אומקום־תקופה, וועלכע האָט אַזוי שוידערלעך געטראָפן דאָס יידישע פאָלק.

בעת דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל און אין די שפּעטערדיקע יאָרן מיטן שטראָם פון דער מאַסן־עליה, זענען אויך אָנגעקומען אין לאַנד אַריין טאָלמיטשער לאַנדסלייט, די איבערגעבליבענע פון די געטאָס, לאַגערן ווי אויך די וועלכע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט בעת דער מלחמה אין ראַטן־פאַרבאַנד. דאַן איז רייף געוואָרן דער געדאַנק פון שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראָם פאַר קאָנסאָלידירן די שארית־הפליטה פון אונדזער שטאָט.

צו דער איניציאַטיוו־גרופּע, וועלכע האָבן פאַרלייגט דעם יסוד פון אונדזער פאַרבאַנד אין יאָר 1948, האָבן געהערט: פריידע זייפער, יואל רעדנער, איזיע לעפּאָלד ז"ל, ד"ר שוואַרצבאַרד און ברוך גופר (שוועפּעלגייסט) ז"ל.

אויף דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און צוגלייך אַזכרה אין יאָר 1950, איז אויסגעוויילט געוואָרן דער ערשטער ועד אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: פריידע זייפער, יואל רעדנער, איזיע לעפּאָלד, ד"ר א. שוואַרצבאַרד, שלמה בלאַנד, שמואל גאָטליב, מוניו וווּרמאַן, קאַראָל זבדי, הערש דראַפּער און אפרים שרייער. אויף דער ערשטער קאָנסטיטואירנדיקער זיצונג איז ד"ר שוואַרצבאַרד אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פונעם פאַרבאַנד און יואל רעדנער אַלס קאַסירער. עס איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַ רעווידיר־קאָמיסיע.

אין צווישן־צייט האָבן זיך צו אונדז געווענדעט די טיסמעניצער לאַנדסלייט, וועלכע זענען געווען קלענער אין צאָל, וועגן שאַפן אַ געמיינזאַמען פאַרבאַנד. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען דער פאַרבאַנד פון דער טאָלמיטש־טיסמעניצער לאַנדסמאַנשאַפט.

באַלד פון אָנהויב אָן האָט דער ועד זיך באַשעפטיקט מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן ווי: באַשטימען די צייט פאַר אזכרות, אויסברייטערן דעם קאָנטאַקט מיט אַלע לאַנדסלייט ווי אויך אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער טאָלמיטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין אַנדערע לענדער. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן דער לעגיטימער סטאַטוס פאַרן פאַרבאַנד.

אין ווייטערדיקן פּלאַן איז געקומען דער געדאַנק פון שמואל גאָטליב, וועגן גרינדן אַ קליינע ליי־קאַסע פאַר נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער, הגם דער פאַרבאַנד האָט דיספּאָנירט מיט נישטיקע פינאַנסיעלע מיטלען.

דער ועד האָט באַשלאָסן פלאַנצן אַ צאָל בוימער אין וואַלד פון ק.ק.ל. אויפן

נאָמען פון אונדזערע קדושים. אויסער דעם האָבן מיר, ווי אַנדערע שטעט, געלאָזט איינמאָנטירן אַ געדענק־טאָוול צום אָנדענק פון אונדזער שטאָט אין מרתף השואה אויפן הר־ציון אין ירושלים. אויף דער אַנטהילונג פונעם אָנדענק־טאָוול אין יאָר 1952 זענען אנוועזנד געווען דער רוב מיטגלידער פון אונדזער פאַרבאַנד.

באַלד ביים אָנהויב איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון דערפילן אונדזער הייליקסטן חוב לגבי די אַלע אומגעקומענע קדושים — צו פאַראייביקן די זכרונות וועגן לעבן און אומקום פון יידישן טאָלמיטש און טיסמעניץ אין דער פאָרם פון אַ יזכור־בוך, אָבער אָביעקטיווע און סוביעקטיווע שוועריקייטן, פאַר וועלכע מיר זענען געשטאַנען, האָבן נישט דערלויבט דאָס צו פאַרווירקלעכן. אָבער דער געדאַנק האָט נישט געלאָזט רוען און אַ דאַנק דער עקשנות און שטאַרקן ווילן פון אַ גרופּע חברים און דעם גאַנצן ועד, זענען געמאַכט געוואָרן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, וואָס זאָלן דערמעגלעכן צו רעאַליזירן דאָס דערשיינען פון אַזאַ יזכור־בוך.

די רעדאַקציע־קאָלעגיע איז באַשטאַנען פון די חברים: יצחק הוז ז״ל, שלמה בלאָנד, מוניו וווּרמאַן, ד״ר אַלעקסאַנדער שוואַרצבאַרד און אפרים שרייער. די רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט געאַרבעט זייער אינטענסיוו, מיט אחריות און אַזוי אַרום רעאַליזירט דאָס דערשיינען פונעם יזכור־בוך.



הועד בעת האזכרה ב־1972

פון רעכטס: ק. זבדי, ש. יונג, א. שרייער, ש. בלונד, חזן שטוקהמר, ד״ר שוורצברד, מ. וורמן, ג. וורמן, ס. פרולה

אין דער צייט איז אויך דערשינען דאָס יזכור־בוך פון טיסמעניץ, וואָס איז באַארבעט, רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן געוואָרן פון שלמה בלאָנד אין פאַרלאַג „המנורה״ אין תל־אביב.

דער מחבר פון ספר־יזכור „טיסמעניץ״ שלמה בלאָנד האָט יאָרנלאַנג געזאַמלט מאַטעריאַלן, נישט געשפּאָרט קיין מי און פינאַנסיעלע מיטלען, בכדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דער קהילה און שטעלן אַ סימבאָלישע מצבה נאָך זיין היימשטאָט טיסמעניץ — וואָס איז געווען איינע פון די עלטסטע יידישע קהילות אין גאַליציע, וועלכע האָט אַרויסגעשיינט מיט איר אייגענעם גלאַנץ און פּראַכט.

אין דעם ספר־יזכור „טיסמעניץ״ האָט שלמה בלאָנד געשילדערט דאָס קולטורעלע און רעליגיעזע לעבן, דעם יידישן שטייגער, באַשעפטיקונגען: האַנדל, מלאכה, דעמאָגראַפיע, אַלץ באַזירט אויף סטאַטיסטישע ציפערן. אינעם בוך געפינען זיך דאָקומענטן פון אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט, געשיכטלעכע פאַקטן, לעגענדעס, זכרונות און איבערלעבונגען. שלמה בלאָנד שילדערט אינעם בוך דעם גרויל פון אומקום פון דעם אַלטן יידישן ישוב אין דער צייט פון דער פינצטערער נאַצי־תקופה.

דער מחבר פון ספר־יזכור „טיסמעניץ״ האָט מיט אַ באַזונדערער פּיעטעט געשילדערט פאַרשיידענע טיפּן, יידישע פאָלקס־מענטשן, רבנים, מנהיגים פון דער טיסמעניצער קהילה, וועלכע האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע תקופות אין שטאָט, ווי אויך געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פּאָליטישע פּאַרטייען, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, בתי־כנסת, דערציונגס־אַנשטאַלטן א.אַ.וו. דאָס בוך פאַרמאָגט אויך פיל בילדער, מקורות און איז פאַרזען מיט פאַרשיידענע הערות, און איז אַ גוטער מקורים־קוואַל פאַר געשיכטלעכער פאָרשונג.

יאָר־יערלעך ווערן איינגעאָרדנט יזכור־פאַרזאַמלונגען. במשך פון די יאָרן האָבן מיר געהאַט אַ צאָל באַזוכן פון אַ ריי אַמעריקאַנער לאַנדסלייט, צווישן אַנדערע האָבן מיר אויך אויפגענומען דעם פאָרזיצער פון טאָלמיטשער פאַרבאַנד אין אַמעריקע ה׳ שאַרל באַס.

אין פאַרלויף פון די יאָרן האָבן מיר צום גרויסן באַדויערן אויך פאַרלוירן אַ היפּשע צאָל פון אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען אַוועק אין דער אייביקייט.

געהייליקט זאָל זיין זייער אָנדענק.

אפרים שרייער



שלמה בלאַנד

# ביים פרישן קבר פון משה פלעשער ז״ל

משה איז געבוירן געוואָרן אין טאָלמיטש אין יאָר 1919 אין אַ בכובדיקער און טראַדיציאָנעלער משפחה.

באַקומען אַן אַנטשפּרעכנדע יידיש־רעליגיעזע און וועלטלעכע דערציִונג און שוין אין זיינע יוגנט־יאָרן איז ער געווען אַן אַקטיווער חבר אין דער „מזרחי״־באַוועגונג אין טאָלמיטש.

בעת אין סעפּטעמבער 1939 זענען קיין טאָלמיטש אַריין די סאָוועטן, איז ער באַשטימט געוואָרן פון דער סאָוועטישער מאַכט אַלס פאַרוואַלטער פונעם נאַציאָנאַליזירטן געשעפט פון פעסיע זייפער, אין וועלכן ער איז פריער געווען באַשעפטיקט.

די דייטשע אָקופּאַציע האָט ער איבערגעלעבט אין די געטאָס, אַרבעטס־לאַגערן און אין די וועלדער.

נאָך דער באַפרייאונג איז ער אַ שטיקל צייט געווען אין דייטשלאַנד און פון דאָרט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

ווען איך בין אין יאָר 1967 געווען אויף אַ באַזוך אין אַמעריקע, האָט ער מיך באַזוכט און האָט זיך זייער אינטערעסירט מיטן גורל פון די אָפּגעראַטעוועטע טאָלמיטשער יידן, וועלכע געפינען זיך אין ישראל.

משה האָט זיך באַזונדערס אינטערעסירט מיטן פּלאַן פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך פון דעם טאָלמיטשער פאַרבאַנד אין ישראל.

ער האָט מיר פאַרזיכערט צו זאַמלען געלט ביי די טאָלמיטשער אין אַמעריקע

פאַר דעם הייליקן צוועק, אַרויסצוגעבן אַ ספר־זכרון פון טאָלמיטש און ער האָט זיין צוזאָג מקיים געווען.

ער האָט איניקע מאָל באַזוכט ישראל און יעדעס מאָל האָט ער געבראַכט געלט, וואָס ער האָט געהאָלפן זאַמלען ביי די טאָלמיטשער אין אַמעריקע, וועלכע זענען אַהין געקומען נאָכן גרויסן חורבן.

קורץ פאַר זיין טויט האָט ער צווישן אַנדערע זיינע אויפטוען אויך באַווירקט, אַז דער טאָלמיטשער פאַראיין פון די אַלט־איינגעוואַנדערטע אין אַמעריקע האָבן געשפּענדעט פאַרן ספר־יזכור פון טאָלמיטש אַ באַדייטנדע סומע און דערמיט געהאָלפן צו פאַרווירקלעכן דאָס דערשיינען פון אונדזער בוך.

ליידער, איז משה מיט איניקע וואָכן צוריק געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק — איבערלאָזנדיק אין טיפן טרויער זיין פרוי און קינדער, ברידער און שוועסטער און אַלע טאָלמיטשער לאַנדסלייט.

ער האָט ליידער נישט זוכה געווען צו זען דעם יזכור־בוך, וואָס איז געווען אַ טייל פון זיין לעבנס־חלום.

חבל על דאבדין דלא משתכחין.

ישראל, יוני 1976

# יזכור אלוהים

את הקדושים והטהורים המוני בית ישראל אנשי טלומץ'־רבתי והסביבה שנהרגו, נשחטו ונחנקו, שנשמדו ונקברו חיים על קידוש השם בידי הצוררים הגרמנים הנאצים ובעזרתם של „השכנים" שהסתכלו בשיוויון נפש לטבח היהודים: גברים, נשים, זקנים וטף.

בשנים 1941—1944.

נזכור את נכבדי העיר וקרואי העדה שעסקו בצרכי ציבור באמונה, ובחרדת קודש נזכור את הסוחרים, בעלי המלאכה, חובשי בית המדרש ואת הנוער התוסס ספוג אידיאלים של אהבת ישראל וארץ־ישראל.

ארץ אל תכסי דמם.

לכן בעל הרחמים יסתירם בסתר כנפיו לעולמים ויצרור בצרור החיים את נשמתם, ה' הוא נחלתם, בגן־עדן תהא מנוחתם וינוחו בשלום על משכבם, ויעמדו לגורלם לקץ הימין ונאמר אמן.

# לזכר עולם





סבי: ר' נטע שמואל אייזנר ז"ל הדיין
אמי: גיציע שרייער ז"ל
אבי: יחזקאל שלמה שרייער ז"ל
אחותי: צירל וגעניה שרייער
דודי: אברהם בן ר' נטע שמואל ז"ל
ואשתו פעסל אייזנער ובתם סימה
דודי: חיים בר' נטע שמואל ז"ל ואשתו הלה
דודי: אליעזר ויטעס ואשתו אסתר וילדיהם, מאָטל וחיים
בן־דודי: דוד קריינדלער
דודי: שלמה אייזנער ואשתו פיגה

המנציח: אפרים שרייער






# לזכר עולם
## להורי ולאחי ז"ל

אבי: פביאן (פייוול-שרגא) אורמן הכהן ז"ל, נספה בשואה 1942

אמי: הרמינה אורמן, מבית פוגל נולדה 1874 ונפטרה 1950

אחי: ארטור אורמן — מהנדס נולד 1897, נפטר 1945

אחי: ד"ר אמיל אורמן נולד 1898, נפטר 1956 בארץ

ת.נ.צ.ב.ה.

המנציח
ד"ר איזידור אורמן
תל-אביב

מצבה של אמנו
בבית הקברות ביטום
פולין

אנו מרכינים ראשינו תוך צער עמוק!
באין זכר למקום מנוחתם אנו מקדישים ליקירינו דף זה

# לזכר עולם

אבי: זישה שורצברד
אמי: בלומה שורצברד
(נפטרה בשנת 1937)
אחי היחיד:
אורציה אהרון שורצברד
אשתו חנה ובניהם
זיגמוד (עזריאל)
לימצק (שלום יוסף)
דודתי: אסתר זייפר
בעלה: מנדל
ובתם: רוזה
אבי: אהרון וינטרפלד
(נפטר בשנת 1940)

אמי: צביה וינטרפלד
(נפטרה בשנת 1932)
אחי היחיד: ד״ר יוסף וינטרפלד
ואשתו ד״ר טאובה
גרטנר-וינטרפלד
דודתי: תהילה שכטר
בנותיה: פפקה
ובעלה מהנדס פביאן קאופמן
פינקה
סימה ראוך
ובתה אדעלה

## שנרצחו ע״י הנצים בשואה, הי״ד

המנציחים
ד״ר אלכסנדר שורצברד
יוליה (וינטרפלד) שורצברד
בישראל

## מצבת עד למשפחתנו היקרה שנספתה בשואה!





אבינו: אריה בן מיכאל וייץ ז"ל
אמינו: פרידה וייץ מבית קופל הרמן ז"ל. (נפטרה 1969 בארץ)
דודינו: מרדכי הרמן ואשתו חנה עם ילדיהם

המנציחים
גוסטה וורמן-וייץ, רמת-גן
קופל וייץ, באמריקה
מוניו וייץ, בני-ברק
איזיו וייץ, באמריקה

## נעלה את זכרם הקדוש של יקירינו שנספו בשואה

אבא: החזן, אברהם בן יששכר הלוי שטוקהמר
אמא: מלכה בת אריה הכהן
אחותינו: נחמה ובינה (בינעלע)

המנציחים
ישראל שטוקהמר
רגינה ברודינגר-שטוקהמר

# לזכר עולם



אבינו: אפרים וורמן ז״ל
ואשתו גניה וורמן
אחותינו: דוניה ז״ל
שנספו בשואה

המנציחים
מוניו וורמן
מקס וורמן

אמי: פניה וורמן, שנפטרה 1915
מוניו וורמן

# גל־עד לנשמות יקירי שנספו בשואה



אמי: מירל ויטמן־וינר ז״ל
אחי: יעקב וינר ואשתו שרה
אחותי: ליבע ובעלה משה וינר
וארבעת ילדיהם: אברמלי,
פסלי, יצחקלי ויוסלע ז״ל
אחותי: פרצי ובעלה משולם
אפטיקר ובנם אברהמלי
אחותי: רוני ובעלה מוטל לודמר ז״ל

המנציח
דב וינר
קרית חיים



## צום אייביקן אָנדענק
## פון מיינע טייערע

פאָטער: משה גליים
געשט. אינעם יאָר 1915

מוטער: כאַסיע גליים
געשט. אינעם יאָר 1926

שוועסטער: פערל גליים
געשט. אינעם יאָר 1917

שוועסטער: ביילע־העניע
געשט. אינעם יאָר 1919

איך וועל זיי
קיינמאָל נישט פאַרגעסן



בען גליים
קולוראַדו

# אַנשטאָט אַ מצבה אויף די קברים וואָס זענען נישטאָ

מיין ברודער:
שמואל מרדכי גליים
און זיין פרוי שיינציע
מיין ברודער:
דוד זעליג גליים
און זיין פרוי שיפרע



מיין ברודערס זון:
וואָלף (ווילי) גליים
מיין ברודערס טאָכטער:
ביילע העניע גליים
וואָס זענען אומגעקומען אויף
קידוש השם פון די מערדערישע
נאַצישע הענט

ת. נ. צ. ב. ה.



פאַראייביקט:
בען גליים, קולוראַדו



מיין שוועסטערס זון: שמואל פרוטכער און זיין פרוי לאלא



מיין שוועסטערס זון: אפרים פרוכטער און זיין פרוי רעגינא
ערמאָרדעט פון די נאַציסטישע הענט, הי"ד

פאַראייביקט אין טרויער פאַרבליבענער:
בען גליים, קולוראדו

# מצבת נצח למשפחתי היקרה!



אבי: דודיע הליצער ז"ל
אמי: לייצה הליצער ז"ל
סבתא: חיה שטראובר-הבר ז"ל
דודי: שיה הבר ז"ל
נפתלי הבר ז"ל
דודתי:ביילה הבר ז"ל
רחל הבר ז"ל
אחותי: גיזה-טובה הליצר

ת. נ. צ. ב. ה.



המנציח

פרופ. ד"ר זיגמונד לויטוס
תל-אביב

# לזכר עולם ליקירינו שנספו בשואה!







אבינו: יצחק זומר
אמינו: רייזל זומר
אחינו: מוניו זומר
ואשתו, סלקה וילדיהם
ישראל זומר
יוצ'יע זומר
יולעק זומר (נעדר)
משהלה זומר
בריצקע זומר
אחיותינו: מינה אינזליכט-זומר
ובעלה מאיר אינזליכט וילדיהם
גוסטה זומר
בני היקר: מאיר גרינדלינגר ז"ל



שנספה בתאונת דרכים
בחו"ל, בהיותו בשליחות
„איסתיים" (איגוד הסטודנטים לסיור אקדמאי)
תהא נשמתם צרורה בצרור החיים

המנציחים בצער ויגון
רגינה גרינדלינגר-זומר
אוז'יו זומר

# לזכרון עולם

למשפחתי היקרה שנספה בשואה







אבי: שמואל רוטנשטרייך
אמי: רגינה רוטנשטרייך
אחי: ד״ר עמנואל רוטנשטרייך ואשתו מינה
בעלי: עו״ד יחיאל מינצר
גיסי: משה שטרק, אשתו ברוניה וילדיהם,
בונעק וגיצ׳יה
דודתי: עטל המפל ובעלה משה המפל וילדיהם,
בונק, וגיציה קפהאן
בני — ילדי היקר ריסיו ת. נ. צ. ב. ה.

המנציחה
מינה ביקלס

# לזכרון עולם!

א מצבה אויף די קברים וואָס זענען נישטאָ

In memory of my beloved parents.
My brother and sister who parised
during the holocaust 1941 — 1943

Jakub Lepold
Father
Mina Lepold
Mother
Rubin Lepold
Brother
Regina Lepold
Sister

מיין פאָטער : יעקב לעפּאָלד

מיין מוטער : מינה לעפּאָלד

מיין ברודער : ראובן לעפּאָלד

מיין שוועסטער : רעגינע לעפּאָלד

ת. נ. צ. ב. ה.

איך דערמאָן זיי מיט ליבע און צער און וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

לונציע לעפּאָלד
אַמעריקע



# לזכרון נצח

אבי: מנשה צבי הניגסברג, נפטר ח׳ אדר תר״ע (1910)
אמי: שפרינצה הניגסברג, נפטרה כ׳ אייר תרצ״ג (1933)
אחי: חיים הניגסברג עם 2 בנותיו, שנספו באנית־המעפילים „סטרומה״ ב־24 בפברואר 1946
אחי: חיים הניגסברג, נפטר לפני המלחמה
אחי: וולף־זאב, נספה בשואה
אחותי: רוכציע וילדיה נספו בשואה
אחותי: רבקה גענגער ומשפחתה
אחותי: הינדה לודמר ובעלה זיידה לודמר וכל המשפחה כולם נספו בשואה

ת. נ. צ. ב. ה.

המנציח
אברהם־שלום הניגסברג בן־עמי
בישראל

## לזכר עולם ליקירינו שנספו בשואה:








אבי: חיים אינזליכט (דלמן)
אמי: רייזל אינזליכט
דודי: שיה אינזליכט
מאיר אינזליכט ואשתו מינה מבית זומר
וילדיהם: פעפציע, מענדל, קלרה ומשה
דודי: שמואל אינזליכט
ת.נ.צ.ב.ה.

המנציחה
עדנה לידור-אינזליכט
משה אוריין-אינזליכט

# לזכר עולם
## אנו מנציחים את יקירינו:

בני משפחתי:
האב: בנימין אפשטיין
האם: ברטה אפשטיין
האח: ד״ר אהרון (ארציו) אפשטיין
דודים: יצחק אפשטיין ומשפחתו
מרדכי (מוטל) אפשטיין, המשורר
מרדכי פרידלנדר ומשפחתו
מרים, יוסף שיפר ומשפחתם
קרובי: רוניה שפירר
זאב (וילה) שפירר
כל בני משפחת קנופ
ומרדכי ברטהולץ מסטניסלבוב
בני משפחת אשתי:
הורים זקנים: יחיאל שלמה (מעכעל) טיכברג שו״ב ואשתו בריינה
האב: גצל פרידמן
האם: לאה פרידמן
האחים: אברהם פרידמן ומשפחתו
אהרון פרידמן ומשפחתו
האחות: צפורה פרידמן

ינוחו כולם על משכבם בשלום
ת. נ. צ. ב. ה.

המנציחים
מרדכי אילת (אפשטיין), רחובות
רות אילת (פרידמן), רחובות

## לזכרון עולם של יקירי שנספו בשואה

אבי: לייב אורמן
אמי: לאה אורמן
אחותי: מינה רוזנהעק
וינוחו בשלום על משכבם

המנציחה
רגינה ברונשטיין, חיפה

# גלעד ליקירי

## שנספו בידי הנאצים בשואה



אבי: יעקב-בער מינצער
נהרג בשנת 1942
אמי: מינה מינצער
נפטרה בשנת 1943
אחותי: בערטא קופלמאן
ובעלה מענדל
נהרגו בשנת 1943
אחי: יוסף מינצער ואשתו
פרידה מבית בננער
ובתם בת 3 שנים
נהרגו בשנת 1942
אחי: יחיאל מינצער
נהרג בשנת 1944
הי"ד

In memory of my parents,
my brothers and sister



מנציחה

הניה מיללער
ניו-יורק

## לעילוי נשמות היקרים



אבי: משה קרנר
אמי: מלכה קרנר-לפולד
אחי: אליהו (אלי) קרנר
אחותי: רגינה קרנר
סבי: סניע לפולד
כולם נספו בשואה
סבתא: פיגה לפולד, נפטרה
דודתי: שולמית לפולד, נפטרה
ברוניה לפולד, נפטרה
דודי: איזיו לפולד נפטר בארץ

המנציחה
סוניה פרולה-קרנר

## מצבת נצח

אבי: אבי: יוסף לעבצלטר
אמי: רוזה לעבצלטר
אחי: גרשון
אחותי: חנה
דינה
כולם נספו בשואה
ת.נ.צ.ב.ה.

המנציח: חיים לב לעבצעלטער

## מצבת עד ליקירינו שנספו בשואה :

אבינו : שלמה ליב וייסמן ז"ל
אשתו השניה : פרומה וייסמן
אמנו : בינה וייסמן מבית דרימר (נפטרה 1915)
אחיותינו : גיציה וייסמן
בלומה וייסמן

כולם נספו בשואה

ת. נ. צ. ב. ה.

המנציחים

שרה וייסמן-אדלדשטיין
אסתר וייסמן-שחר
דבורה וייסמן-קפלינסקי
משה וייסמן

## לזכר עולם

לבני משפחתי היקרים שנספו בשואה הי"ד
האב : חיים הירש רוזנטאל
האם : דבורה לבית טבק
האחות : צפרה
האח : משה רוזנטל
ואשתו לאה לבית הלר וילדיהם, מרים ויוסף

ינוחו כולם בשלום על משכם

ת. נ. צ. ב. ה.

המנציחה
גנה קלינובר
קיבוץ המעפיל

# נעלה את זכרם הקדוש
# של בני משפחתי הקדושים הי״ד שנספו בשואה:





אבי: חיים שלמה הלד הי״ד בן מרדכי ומרציה, מכפר איסקוב
אמי: שרה הלד הי״ד, בת ר׳ אברהם וגיטל גלאצר ז״ל
אמי זקנתי: גיטל גלאצר ז״ל
אחותי: רחל רעדנער הי״ד, מטלומץ, בת חיים שלמה ושרה הלד ז״ל
אחותי: מירציה הי״ד, בת חיים שלמה ושרה הלד
אחי: אברהם בן שלמה ושרה הלד
גיסי: מענדל רעדנער וילדיו מטלומץ הי״ד
דודתי: רבקה אוסטריגר הי״ד בת מרדכי ומירציה ז״ל
דודתי: גולדה הלד הי״ד, בת ברוך שטרובר ז״ל
דודתי: שרה וורמאן ז״ל, בת מרדכי ומירציה ז״ל -נפטרה ב-1933)
דודתי: בראנה אברט ומשפחתה הי״ד
דודי: אברהם אוסטריגער הי״ד, בן יצחק ז״ל
דודי: אריה ליב הלד ב״ר מרדכי ומירציה ז״ל (המשך בדף 508)

דודי: שמעון וורמאן ומשפחתו
בת־דודי: רחל הלד בת ר׳ ליב וגילדה
בת־דודי: מירציה הלד בת ר׳ ליב וגילדה
בת־דודי: יוכבד הלד, בת ר׳ ליב וגילדה
בן־דודי: מרדכי הלד, בן ר׳ ליב וגילדה

קדושי כפר איסאַקוב
ר׳ אליהו רום בן ר׳ שמעלקה ז״ל עם כל משפחתו
ר׳ דוד וייס עם כל משפחתו
ר׳ זיידה רום עם כל משפחתו
מרת אתל בלומענטאַל עם כל משפחתה
הי״ד

המנציח
מרדכי הלד, פתח־תקוה

# לזכר עולם



אבי: שמואל הלד
אמי: רוזה הלד מבית קליינער
אחי: אברהם
דודי משה, אשתו וילדיהם

ת. נ. צ. ב. ה.

המנציח
דוד הלד

## מצבת־עד ליקירינו, שנספו בשואה הי"ד

אבינו: הרמן הרטנשטיין ז"ל
נפטר בשנת 1933
אמנו: חנה הרטנשטיין מבית האבר ז"ל
נרצחה ע"י הנצים בשנת 1942
אחינו: אליעזר הרטנשטיין ז"ל
נפל במלחמה נגד הנצים — בצבא
הסובייטי, בשנת 1945
אשתו: לידיה הרטנשטיין מבית בלוך ז"ל
נרצחה ע"י הנצים בשנת 1942
אחותינו: סלומאה קליינפלד —
מבית הרטנשטיין ז"ל
ובעלה מכס קליינפלד ז"ל
נרצחו ע"י הנצים בשנת 1942
בעלי: לייזר קרום ז"ל
הורי: לייב ובלימה קרום ז"ל
נרצחו ע"י הנצים בשנת 1942

ת. נ. צ. ב. ה.

המנציחים בצער וביגון

דניאל־קרול זבדי (הרטנשטיין)
אדלה קרום — הרטנשטיין

# לזכרון נצח!



אבי: ישעיה (שיע) יונג, נפטר בארץ 8.2.1973
אמי: שיפרה יונג מבית צאהלר, נפטרה ז' בשבט תשכ"ה (1965)
אחי: דוד יונג, נספה בתאונת אויר בדרכו לפולין מועידת אונסקו בשוייץ

המנציחה
הניה קוץ-יונג

---

IN MEMORY OF MY PARENTS AND BROTHER

צום אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע:

פאָטער: מעכל האבער ז"ל, געשט. אין ניו-יורק 1937
מוטער: חאַנציע האבער-האַלפערן, געשט. אין ניו-יורק 1946
ברידער: אליעזר האבער, געשט. אין ניו-יורק 1972

פאַראייביקט

מאקס האבער
מיאַמי-ביטש

## מצבת־עד ליקירינו



הורי: אליעזר ועטל שפרכמאן
אחי: פרץ שפרכמאן, אשתו פייגה (פאנציה)
ובתם נונה
אחי: הירש (הענעק) שפרכמאן
אחותי לייציע ובעלה יעקב זומר
אחי: ישראל שפרכמאן-הוט
בעלי: משה סופר וילדתינו, לייצ׳יע (לוסיה)

המנציחה
מניה סופר־שפרכמן
ופנינה בלונד

## לזכר עולם



אבי: זליג פישר
אמי: טויבה פישר
האחיות: בילה ודבורה אינזליכט
האח: יהודה
סבי: נתן פישר
סבתה: בילה פישר
גיסי: ברצ׳יו רדנר

דודי: מנדל פישר
דודתי: איטה, בילה
שושנה הברמאן
משפחת: סלט וילדיהם
ניצה וסניו
ת.נ.צ.ב.ה.

המנציחה
ויישה ליפרמן, חדרה

# לזכר עולם

סבא: ראובן דרפר ז״ל
סבתא:ביילה דרפר ז״ל
נפטרו לפני המלחמה
אבי: יעקב-ישראל דרפר ז״ל, נרצח ע״י הנצים
אמי: חנה דרפר ז״ל, נרצחה ע״י הנצים
אחי: ליטמן דרפר ז״ל, נפטר בשנת 1924 בגיל 17 שנה
אחי: פישל דרפר ז״ל, נפטר בשנת 1940 בגיל 18 שנה
אחי: זלמן דרפר ז״ל, נרצח ע״י הנצים
אחותי: אסתר דרפר ז״ל, נרצחה ע״י הנצים
דודי: ליב דרפר ז״ל, ואשתו פייגה ובתם דבורה מזלוצ׳וב, נספו בשואה
אליהו דרפר ואשתו שלומה וילדיהם מחוצ׳ימיעז׳, נספו בשואה

המנציח
צבי דרפר, חולון

# לזכרון עולם:

אבי: מיכאל צייכנר
אמי: פרל צייכנר
אחי: חיים, אידל, זאב (וולף)
אחותי: גולדה
סבא: שלמה באדער ומשפחתו
משפחת צייכנר
כולם נספו בשואה

מנציחה
רבקה צייכנר

# לזכר עולם

אבי: יהודה אדלר
אמי: רחל רינצלר
אחי: דוד רינצלר
שנספו בשואה

סבא: הרצל רינצלר
סבתא: לאה רינצלר
דוד: חיים דוד מלאך
נפטרו לפני השואה

המנציח
מרקוס רינצלר

## נר זכרון לנשמתו:



ישיהו האבר ז״ל
נולד בשנת תרנ״ח (1898)
נפטר בארץ י״ט טבת תשל״ד (1974)

מנציחה
אשתו האבר פרומה

## מצבת נצח ליקירי שנספו בשואה

אבי: נחמן שפיגל
אמא: אסתר שפיגל
אחותי: גיטל ורחל
אחי: חיים
בני דודים: טוביה אבענד
יוסף אבענד ואשתו רוזה
וילדיהם: אברהם ושרה

המנציחה
פרנק צילה

## נעלה את זכרם הקדוש שנספו בשואה

אבי: יהודה זאב בוכוואלד
אמי: חיה בילה בוכוואלד
האחים: אלחנן ומשפחתו
אפרים ומשפחתו
האחיות: מלכה לעבצלטער ומשפחתה
פעמי, פעפי ובני משפחתם
קרובי: יהודה בוכוואלד ומשפחתו

המנציח
א. קופפערמאן

## מצבת עד ליקירינו שנספו בשואה:



אבי: הירש צופפער ז״ל
נפטר בגיטו טלומיץ׳

אמי: גיציע צופפער ז״ל
נפטרה בשנת 1938

אחי: שלמה צופפער ז״ל
נפטר ב־5.1.1967 בארץ

אחותי: יחיד צופפער ז״ל

דודי: מיכאל הנדוורקער ז״ל
ואשתו לאה, שנפטרה ב־1935
וולף הנדווערקער ז״ל

ואשתו אסתר (שנעק) ובנם שיה ז״ל
יוסף הנדווערקר ז״ל
ואשתו וילדיהם ז״ל
חיה גרינדלינגר — מבית הנדווערקר ז״ל
ובעלה מנדל ובתם צילה ז״ל
מלכה הנדווערקר ז״ל, ובעלה יהודה הנדווערקר ז״ל
נפל במלחמה נגד הנצים בצבא הסובייטי

ת. נ. צ. ב. ה.

מנציחה

חיה דרפר מבית צופפער

# לזכר עולם

אבי: אליעזר ב״ר יעקב גוטליב
(נהרג במלחמת העולם הראשונה 1916)

אמי: שיינע־רחל מבית שימער
(נפטרה בשנת 1930)

אחי: משה גוטליב
אשתו, לייציע מבית זאפערן
וילדיהם

אחותי: רבקה גליק מבית גוטליב
ובעלה יוסל גליק
וילדיהם: אליעזר ורחמיאל

דודי: שאול בלייבערג
ואשתו לייציע מבית שראמער
וילדיהם

חברי הקרובים מנעורי:
בינעם שפיגל
אורצ׳יע שוורצברד

כולם נספו בשואה.

ה׳ ינקום דמם!

המנציח:

שמואל גוטליב

# יוצאי טלומץ׳ שנפטרו בארץ

ארנסטוב מאיר
אבני (שטיין) אריה
ביקל צבי
ברטלר חנה
גרינברג אליהו
גופר ברוך
גליים מאיר
גוטשטיין חנה
ד״ר הראל (ברגר) ברוך
הניגסברג משה
הוז—כ״ץ יצחק
פרופ. דירינגר דוד
הבר יהושוע
הופמן בן-ציון
ד״ר דיל
ווייץ פרידה
זייפר פרידה
יונג ישיהו
לפולד איזיו
נהרי מ. (שפיזבאך)
נוסבוים פרידה
פוגל שלמה
צופפר שלמה
קרנר יעקב
רדנר יואל
שפץ פרידל

# רשימת הקדושים
## שנספו בשואה בידי הנאצים ימ"ש

---

אַ רשימה פון די קדושים וואָס זענען
דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע
פאַרברעכער ימ"ש

1941 - 1944

# א

אבענד הערש
אבענד יאָסל
אבענד משה
אינזליכט יאשע
אינזליכט הערצל
אינזליכט קלמן
אינזליכט אלטר
אינזליכט לוזער
אינזליכט חיים
הרב אייזנער נתן־שמואל
אייזנער שלמה
אייזנער אברהם־ציע
אייזיק (דער בעדער)
אבוש יאנקל
משפחת אונגר
אפּאטשינסקי
אורמאַן פּאביאַן
אפּעלבוים משפחת
אסתר־רחל

# ב

באָם איציק
באַראון מאיר
באראון שמעון
באדער שלמה
באדער דוד
בארון חיים
באלטוך חיים
ביקל יחיאל
ביקל משולם
ביקל מענדל
ביקל סרול משה
ביברינג יאַנקל
בין שלמה
בלאַך זיגמונד
בלאָנד אברהם
בלאָנד יוסף
ביברינג יאַנקל
משפחת בוקסבוים
בייזער אברומטשע
בלייבערג שאול
בילדנער משה־מענדל
בילדנער לייזער
משפחת בייגל
בוכוואַלד איטשע
משפחת בלומענטאַל
בערגער לייביש
בערגער הערשל
בערגער פּיניע
בערגער דוואָציע

# ג

גאָטעסמאַן שייע
גאָטעסמאַן איטשע
גאָטעסמאַן דונעק
גאָטליב משה
גלאַס זעלדע
גלאַס קופּל — דוב
גליק
גוטענטאַג הערש
משפחת גוטמאַן
גוטשטיין מאָטל

געלער שמעון
משפחת גראָס
משפחת גרינדלינגער

## ד

דאָלער — דענטיסט
דולבערג פּיניע
דובעסטער ניסן
דאויער איטשע
דוב הערש
דאויער מאָטיע
דראפּער סרולקע
משפחת דראך
דיקער מאָטיע
משפחת דעמבלינג
דריילינגער יאַנקל

## ה

האָבער אברהם
האָבער לייב
האָבער וואָלף
האָבער יאָסל
האָבער יאַנקעל
האָבער חיים
ד"ר האָבער יאשע
האָבער מעכל
האָבער פרידל
האָבער זיסיע
האָבער שאול-מאיר
האָבער קאָפּל-שוחט

האָבער מאיר
האָבער אהרון
האָבער גדליהו
הרב האָגער יצחק
הוט שמעון
הוט זיידע
הוט יחיאל
האָפּמאַן מענדל
האָפּמאַן יאָסל
האָפּמאַן קיילע
משפחת הופריכטער
האכמאַן זלמן
האָבערמאַן הערשל
האָראָוויץ יחיאל
האָראָוויץ פּייוויש
האָרענדייך שמואל
משפחת האָרטענשטיין
משפחת האליטשער
העלד משה
העלד שמואל
הייניץ וואָלף
העניגסבערג יחיאל
ד"ר. העניגסבערג
ד"ר הויזמאַן
ד"ר הויזער
הויזנערע יאָסל
הייזלער לייביש
ד"ר האָלפּרן מאַקס
האָרן היניע
האָספּיל משה
משפחת העלמאַן
הערמאַן בצלאל

הערמאַן קאַפּציע
הערמאַן...
העניג ברוך
האַלער ישראל-הערש
האַלער סרול
הערמאַן מרדכי

## ו

משפחת וואַגנער
וואָכער וואָלף
וואָרמאַן אפריים
וואָנדערמאַן מרדכי
וואָנדערמאַן
ווידער שמואל
משפחת ווינער
ד״ר ווידענהאָפער
משפחת וויטמאַן
וויים מאָטל-משה
ווייסמאַן מענדל
ווייסמאַן שלמה לייב
הייזלמאַן לייב
וויינטרויב שייע
וויינטרויב דוד
ווייזער טאַנטשע
ווינטערפעלד אהרון

## ז

זאַמער חיים
זאַמער איזיע
זאַמער מענדל
זאַרגער זליג-חיים
משפחת זאַמערפריינד
זייפער אבע
זייפער אפריים
זייפער מענדל
זיידמאַן יעקל
זאַמלער שמשון
זילבער גרשון
זילבער
זעלינגער מאיר-סענדער
זעלינגער בנימין
זעלצער ברוך
משפחת זעקלער

## ט

טאָפּ שפרינצע
טאָרן הערש
טאָרן לייב
טיטמאַן מעכל
טוישער לוזער
משפחת טוכמאַן
טאַמבאַר שלמה
טייטלער יאַנקעל
ד״ר טענדלער

## י

משפחת יונאַס
ד״ר יאַמפּולער
יונה (פון די כלים)
יונג שייע

